# אלע ווערק

פון

# י. ל. פרץ



י. ל. פרץ

# בריוו און רעדעס

געזאמלט און איבערגעזעצט
מיט אריינפירן און באמערקונגען
פון נחמן מייזיל

ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אַריינפיר

נאָך פיל מי איז מיר געלונגען צונויפצוזאַמלען די 180 בריוו און בריוולעך פון י. ל. פרץ, וואָס קומען דאָ אין בוך. ווי באַוווּסט, האָט פרץ גאַנץ-זעלטן געשריבן בריוו. „איך בין בטבע אַ פיינט פון בריוו-שרייבן״, — זאָגט פרץ אין זיינס אַ בריוול צו שלום-עליכמען.

די 180 בריוו זענען געשריבן אין לויף פון 27 יאָר, — פון 1888 ביז 1914 — צו 24 פערזאָן און אינסטיטוציעס. די גרעסטע צאָל בריוו זענען געשריבן צו יעקב דינעזאָן (89 בריוו), דערנאָך גייען, לויט דער צאָל, די בריוו און בריוולעך צו דער דאַמע ביים מער (22 בריוו), צו שלום-עליכם (13), ש. ניגער (11), י. י. פראָפּוס (9), לאזאר קאַהאַן (7), ד״ר גרשון לעווין (5), דוד בערגעלסאָן (3), א. ווייטער (3), ראָזא יאקובאָוויטש (3), ד. י. קאַפּלאַן (2) און צו 1 בריוו צו דוד פאַלק, צום אַרויסגעבער פון „הזמן״, צו א. י. קאַמינסקי, אינטערנאַציאָנאַלן יידישן פאַרלאַג, ב. וולאַדעק, ד״ר נ. בירנבוים, פאַרזאַמלונג וועגן „בוך פון פייער״, מענדעלע מוכר ספרים, ד״ר י. געליבטער, י. צינבערג, וואַרשעווער גמינע, „מפיצי השכלה״ און צו אַן אומבאַקאַנטן אַדרעסאַט.

הגם פרץ האָט געשריבן ווייניק בריוו, דאָך זענען עס נאָך נישט אַלע פרצעס בריוו. ווי מיר איז באַקאַנט, האָט פרץ געשריבן בריוו צו זיין פרוי נחמה (העלענע) פרץ, צו ש. ל. ציטראָן, אברהם רייזען, דוד פינסקי, אב. קאהאן, א. לעסין, ב. וולאַדעק, א. פאָדלישעווסקי, י. י. טרונק[1] א. א. ביי אַ טייל פון די אָנגערופענע זענען די בריוו, ליידער, אין משך פון דער צייט פאַרלוירן געגאַנגען, און ביי די איבעריקע, נישט געקוקט אויף מיינע ווענדונגען, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען די אָריגינאַלן אָדער לכל הפחות קאָפּיעס פון די בריוו.

---

1) שוין נאָכן אויסזעצן דאָס גאַנצע בוך האָב איך באַקומען פון י. י. טרונק 11 בריוולעך, געשריבן דורך פרצן אין די יאָרן 1909—1915.

די ערשטע בריוו (אין העברעיש צו שלום עליכם) געהערן צום יאָר 1888, דער אינטערעסאַנטער פעריאָד אין פרצעס לעבן און שאַפן, וואָס איז ביז איצט נאָך זייער ווייניק באַלויכטן און אויפגעקלערט. עס איז די צייט, וואָס ער האָט אָנגעשריבן זיין ערשט יידיש ווערק, זיין „מאָניש", און געשיקט עס צו שלום עליכמען. אין די ערשטע בריוו וויקלט זיך פאַר אונז ערשט פאַנאַנדער דער פאָרהאַנג, און ווי פון נעפּל טרעט אַרויס פאַר אונז אַ מערקווירדיקע, פילצוואָגנדיקע פערזענ-ליכקייט, וואָס זוכט ערשט ווערטער און אויסדרוקן צו כאַראַקטעריזירן זיין אייגענע גייסטיקע וועלט, זיינע פאַרלאַנגען און זוכענישן. דורך די בריוו שיקט ער אַרויס די ערשטע פאַרקניפּונגס-פעדעם, וואָס באַ-העפטן אים מיטן פאָלק און מיט זיין שאַפן און – אויף שטענדיק. צום סוף קומען בריוו, געשריבן די לעצטע פאָר יאָר פון זיין לעבן. זיי זענען שוין על פּי רוב קורץ, לאקאָניש. מיר האָבן שוין פאַר זיך די גייסטרייכע, לויכטנדיקע פערזענליכקייט, וואָס פילט זיך, לויט פרצעס אייגענעם אויסדרוק, ווי דער „סאָליסט, וואָס לאָזט זיך פון קאפּעלע באַגלייטן", די פּערזענליכקייט, וואָס איז ווי איבערגעלאָדן און אי-בערגעזעטיקט פון אייגענער, פעסטער, אויסגעשפּראָכענער וועלט-אָנ-שויונג און גלובן. דאָ שפּירן מיר די זיכערקייט פונם דיכטער, וועלכער האָט שיון געשאַפן רייכע אוצרות פאַרן פאָלק.

אין זיינע ערשטע יידישע ווערק – „מאָניש", „כעלמער מלמד", „ווענוס און שולמית" „וואָס הייסט נשמה", „דער משוגענער בטלן", „דער משולח" – איז פּרץ שוין געווען דער צייטיקער קינסטלער, הן לויט דער פאָרם, שפּראַך און אויך אינהאַלט. אין די בריוו פון יענער זעלבער צייט בלאָנדזשעט נאָך פּרץ דער דענקער, זיין גייסטיקע וועלט הייבט זיך ערשט אָן צו פאָרמירן, צו געשטאַלטיקן. דער קינסטלער אין פּרצן איז אַלזאָ געגאַנגען פיל-פריער פאַר דעם דענקער, און נישט ווי ס'איז אָנגענומען צו טראַכטן וועגן פּרצן.

אין די בריוו האָבן מיר אומבאַקאַנטע פּרטים וועגן ווערק, וואָס פּרץ האָט אַמאָל געשריבן און זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען. ס'ווערט אויך קלאָר דער צוגאַנג פון פּרצן צו זיינע ווערק, די אויפגאַבעס, וואָס ער האָט זיך געשטעלט. שוין אין זיין ערשטן בריוו צו שלום-עליכמען שרייבט פּרץ: „איך שרייב צוליב זיך, צוליב מיין הנאה-וועגן, און אויב איך דערמאָן מיך אַמאָל אָן דעם לעזער, איז ער פון אַ העכערער מדרגה פון דער געזעלשאַפט". גלייך פון אָנהייב קומט ער צו דער

ליטעראַטור מיט גרויסע פּאָדערונגען: „כל זמן אונזערע ברידער וועלן נישט קאָנען באמת זעטיקן זייערע נשמות מיט דער יידישער ליטעראַטור, כל זמן זיי וועלן נישט געפינען אין דער ליטעראַטור דאָס אמתע וויסן, וועט די ליטעראַטור זיין נישט מער, ווי אַן אומנוציק שפּילכל".

ס'איז אינטערעסאַנט דער בהדרגהדיקער איבערגיין פון די פרץ-בריוו פון העברעיש צו יידיש. פונקט ווי ס'איז לכתחילה געווען ווי זעלבסט-פאַרשטענדלעך, אַז יידישע קינסטלער זאָלן וועגן זייערע יידישע ווערק זיך אַדורכשרייבן אין העברעיש, אַזוי איז זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַר פרצן פון די שפּעטערדיקע יאָרן זיין איבערגאַנג צו בלויז-יידישע בריוו.

דאָס רוב בריוו, איבערהויפּט פון די לעצטע יאָרן, זענען גע-שריבן דורך פרצן פון אויסלאַנד, אין דער זומער-צייט, ווען פרץ האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין הויז, פון דער גמינע-אַרבעט און זיך געלאָזט ווילגיין אין דער שויס פון נאַטור און אין דער וועלט פון זעונגען. אָט שרייבט ער אין אַ בריוו: „אַביסל אויסגערוט זיך דעם קאָפּ, אַביסל שטאַרקער געוואָרן דאָס האַרץ. אַ מאָדנער איינדרוק מאַכט אָבער דער פאַקט פון 5 וואָכן אַנדערש לעבן; פון אַ שטיק צייט, וואָס שווימט נישט אַרויס פון געוועזענעם, שווימט נישט אַריין אינם קומענדיקן: אַ באַזונדערער שטראָם פון שטונדן, טעג און וואָכן, וואָס האָט זיך אַריין און דורכגעריסן, באַוויזן, אָפּגעבריזט און פאַרשווינדן... און די אַלטע צייט, די באַשטענדיקע, די יערלעכע וועט צוריק-קומען, ווייטער פליסן. און דו פילסט, אַז דאָס באַשטענדיקע איז דאָס ריכטיקע, דאָס ווירקלעכע"... און ווי פרץ איז נישט איינגעהאַלטן און שטייף אין זיינע בריוו, רייסן זיך ביי אים דאָך אַרויס אַזעלכע ווערטער: „איך בין אַ קנעכט פון מיינע נערוון, און אַלץ וואָס ס'גייט אַרויס פון אונטער מיין האַנט, איז אַ פּרוכט פון מיינע נערוון".

די בריוו באַווייזן, ווי פרץ האָט זיך געניויטיקט אין נייע שטאַרקע איינדרוקן, וואָס זאָלן אים אַרויסציען פון זיין סביבה. מיר טרעפן די שפּורן פון אָט די פרישע איינדרוקן אין זיינע ווערק, און אַפילו אין זיינע אַרטיקלען. און נאָך אַזאַ מין אויפטרייסלונג, איז אים שווער זיך צוריקקערן, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס, צוריק „אין דער בודע". „עס איז מיר זייער, זייער טרויעריק... עס איז מיר נאָך קיינמאָל אַזוי שווער נישט געווען אַהיים צו פאָרן". אָבער נישט אַלע מאָל איז

זיין האַרץ און פאַנטאַזיע אָפּן געווען אויפצונעמען אָט די אויסערלעכע איינדרוקן. ער איז אָפּטמאָל פאַרטון אינגאַנצן אין זיך, אין זיין אינער־לעכער וועלט, און די פּרעכטיקע נאַטור־בילדער רירן אים לחלוטין נישט. אָט שרייבט ער אין אַ בריוו פון סאַן־מאָריטץ: „מיך אינטע־רעסירט מער דער מענטש, די זעלע. ביי דער טויטער נאַטור, ווי שיין זי זאָל נישט זיין, האָב איך גענוס, אָטעם איך פרייער, רו איך בעסער. אָבער מיין שאַפונגס־עלעמענט איז עס נישט”. מיר האָבן דאָך אַ ריי בריוו, ווו פרץ גיט אונז זייער שיינע, אינטערעסאַנטע שילדע־רונגען־באַשרייבונגען פון די ערטער, וואָס ער האָט באַזוכט.

און דאָס איז דערהויפּט אין די ערשטע יאָרן פון זיין באַזוכן די אויסלענדישע פּרעכטיקע קור־ערטער אויף די בערג. אין די שפּע־טערדיקע יאָרן, ווען פרץ פאַרטיפט זיך אַלץ מער אין זיך, פאַרנעמען אים שוין די נאַטור־בילדער ווייניקער. שפּעטער טרעפן מיר אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע צושריפטן צו די אַנזיכטס־קאַרטן, וואָס ער שיקט צו י. דינעזאָן: „די קאַרטע איז שענער!” אויף אַ צווייט קאַרטל (פון 28 יולי 1912, פון דער שווייץ) שרייבט פרץ צו: „דאָ אונטער די דריי ביימער, — וזאָס זענען אַזוי שיין אויף דער קאַרטע — און גאָרנישט מיט גאָרנישט אין דער נאַטור...”

פרצעס בריוו צו י. דינעזאָן דערציילן אונז וועגן דעם אומ־מיטלבאַרן פרץ, דעם פּשוטן, שטובּיקן, דעם דורכויס־מענטשלעכן, ווען ער האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצן באַהאָפטן מיטן שאַפן. די בריוו קלערן־אויף דאָס רעטעניש פון די פרץ־דינעזאָן פאַרהעלטענישן. דינעזאָן מיט זיין פּשטות, ווייבלעכקייט און נאָכגיביקייט איז פאַר דעם שטור־רעמדיקן, פלאַקערדיקן פרץ געווען דער שטילער אינזל, די רויקע היים, דער אָפּרו. מיר האָבן דאָ צווישן די בריוו און בריוולעך צו י. דינעזאָן דעם ע ר ש ט ן בריוו פון 1889, ווען פרץ באַקאַנט זיך ערשט מיט יעקב דינעזאָן, און לסוף דאָס בריוול פון 1914, פון אַ פּאָר חדשים פאַר פרצעס טויט. דינעזאָן איז צוביסלעך אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אין פרצעס טאָג־טעגלעכן לעבן, פרץ קאָן זיך גאָר אָן אים נישט באַגיין. פרץ פילט זיך פיל זיכערער, ווען ער האָט אים אַרום זיך, אונטער דער האַנט, ער נייטיקט זיך אין אים ביים אַדורכפירן די אַלע זאַכן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן פּראַקטישן לעבן. אין אָט די־אָ גרענעצן פאַרבלייבט זייער פריינטשאַפט ביזן סוף.

דאָ און דאָרטן אין די בריוו וואַרפן זיך אַדורך וויכטיקע שטריכן

צו פרצעס ליטעראַרישער פיזיאָנאָמיע און צו זיין וועלט-אָנשויונג. אינטערעסאַנט איז דער בריוו נומ. 144 צו י. צינבערג, ווו ס'זענען געגעבן קורצע און ביז גאָר וויכטיקע פּרטים צו דער פרץ-ביאָגראַפיע. „איך האָב ביז היינט קיין רבין פאַר די אויגן נישט געזען"... און „אינערלעך בין איך געוועזן און געבליבן י י ד, מיט אַ יידישער, מער אָדער ווייניקער קלאָרער, ביבלישער וועלט-אָנשויונג"... דאָסזעלבע איז דאָס קורץ בריוול נומ. 179, ווו פרץ גיט אין אַ פּאָר ווערטער זיין אני-מאמין: „אויב דאָס אויפלעבן פון יידישן פאָלק הייסט ביי אייך „ציוניזם" — מה טוב! געהער איך דערצו, האָב איך אַ טייל דערינען. צום פּאָליטישן ציוניזם האָב איך ק יי ן צוטרויען: דעם גלות פאַרלייקן איך נישט. דאָס איז דאָס שלאַכט-פעלד, ווו מיר מ ו ז ן זיגן. ביי דער גאַנצער בענקשאַפט צו ארץ-ישראל (נישט צום „פאָטערלאַנד" לויטן גוישן באַגריף), גלויב איך פעסט אין יידישן וועלט-פאָלק, ווי דער פּראָפעט האָט עס געזען"...

רירנד און מערקווירדיק זענען די 22 בריוו צו דער „דאַמע ביים מער". פרץ איז דאַן אַלט געוועזן איבער 60 יאָר, און רעדט פון זיי נישט אַרויס אַ יונג האַרץ, אַ יונג געמיט?

---

דער גרעסטער רוב פון די בריוו איז געזעצט לויט די אָ ר י ג י נ אַ ל ן. מיר האָבן זיי געגעבן, ווי זיי זענען געשריבן און לויט דער אָרטאָגראַפיע פון די אָריגינאַלן. די אֶ, וואָס איז געברויכט אָפּט ביי פרצן אָנשטאָט ע, האָבן מיר פאַרביטן מיט אַן ע. די בריוו, וואָס מיר דרוקן פון די ק אָ פּ י ע ס, זענען געגעבן אין דער איצט-אָנגענומענער אָרטאָגראַפיע. צו פרצעס העברעישע בריוו איז צוגעגעבן אַ יידישע, ווי ווייט מעגלעך, ווערטלעכע איבערזעצונג. די באַמערקונגען צו אָט די בריוו זענען געגעבן צו די יידישע איבערזעצונגען. די איבערזעצונגען, די אַריינפיר-ווערטער און די באַמערקונגען זענען געמאַכט דורך אונז. —

איך בעט ווידעראַמאָל די אַלע, וואָס האָבן ביי זיך בריוו פון פרצן, אָדער ווייסן, ווו עס געפינען זיך פרץ-בריוו, צושיקן מיר די אָריגינאַלן אָדער מיטטיילן מיר וועגן זיי[1]. זיי וועלן אַריינגעגעבן

1) מיין אדרעס: ווארשע, נאַלעווקי 2a, וו. 67 נחמן מייזיל

ווערן אין דער צווייטער אויפלאַגע פון דעם בוך, וואָס וועט געוויס איינגיכן קומען.

איך דאַנק דאָ די פריינט נחמיה פינקלשטיין, י. ד. בערקאָוויטש, ש. ניגער, א. גורשטיין, ש. ניעפּאָמיאַטשי, ד"ר גרשון לצוויז, י. י. פּראָפּוס, משה שאַליט, ח. לונסקי, לאַזאַר קאַהאַן, דוד פאַלק, מרדכי בעכער, ראָזאַ יאַקובאָוויטש און די אַלע איבעריקע, וואָס האָבן מיר צוגעשטעלט די בריוו פון פרצן און אַזוי אַרום מיטגעהאָלפן אַרויסצוגעבן די פרץ-בריוו. —

אַ באַזונדערן דאַנק מיין פרוי, ח י ע נ ע, וואָס האָט מיר פיל צוגעהאָלפן ביים צונויפשטעלן דאָס בוך.

װאַרשע, מערץ 1929 נ. מייזיל

# בריוו פון י. ל. פרץ

## 1

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

[די בריוו פון פּרצן צו שלום-עליכם, וואָס קומען דאָ ווייטער, געהערן צו דער צייט, ווען פּרץ האָט געוווינט אין זיין געבוירן-שטאָט זאמאָשטש, אָפּגעריסן פון וואָסער ס'איז געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער סביבה. פּרץ איז שוין דאַן אַלט געווען א 36—37 יאָר, ער האָט שוין דאַן געהאַט א שטיק ליטעראַרישע פאַרגאַנגענהייט אין דער העברעישער ליטעראַטור, געהאַט שוין פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע העברעישע אויסגאַבעס לידער, פּאָעמעס און דערציילונגען. ער איז אָבער געווען פאַררוקט אין זיין שטעטל, ווייט פון דעם דעמאָלסדיקן ליטעראַרישן צענטער, ווארשע, און געפירט אַן אייגן, אָפּגעזונדערטן לעבן פון א פּעיקן פּריוואַט-אַדוואָקאַט און אַרטיקן, קליינשטעטלדיקן משכּיל. אין אָט די יאָרן האָט זיך פאָרמירט און געשטאַלטיקט פּרצעס גייסט, כאַראַקטער און וועלט-באַנעם. אין דער צייט, ווען אָט די בריוו צו שלום-עליכם זענען געשריבן, האָט פּרץ פאַרעפנטלעכט די פּאָעמע „מאָניש", — זיין ערשטע זאַך אין יידיש. דערנאָך קומען גלייך „דער כעלמער מלמד", „ווענוס און שולמית", „דער משוגענער בטלן", — אַלץ זאַכן, וואָס באַווייזן, אַז מיר האָבן שוין צו טאָן מיט א רייפן, אָריגינעלן קינסטלער-מייסטער און מיט די ספּעציפישע פּרצישע אייגנשאַפט.

די אָריגינאַלן פון די בריוו געפינען זיך אין שלום-עליכם-אַרכיוו ביי דער שלום-עליכם פאַמיליע אין ניו-יאָרק. י. ד. בערקאָוויטש איז אַזוי פריינטלעך געווען אָפּצושרייבן פון די בריוו גענויע קאָפּיעס און אין אייניקע ערטער אויך צוגעבן דערקלערונגען. די יידישע איבערזעצונג פון די העברעישע בריוו איז געמאַכט געוואָרן דורך אונז ווי ווייט מעגלעך אַ ווערטלעכע. דער בריוו און די ווייטערדיקע בריוו זענען געשיקט געוואָרן דורך פּרצן קיין קיעוו, ווו שלום-עליכם האָט דאַן געוווינט און זיך פאַרנומען מיטן אַרויסגעבן די יאָרביכער „די יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק״.]

זאמושץ 7/6 [18]88

אדני היקר!

זה איזה ימים קבלתי מכתב מאחד מידידי, מאיש לבבי ה׳ עפשטיין, מכתב פתוח וקצר ובלי יום ובו כתוב לאמור:

„בפה נמצא סופר אחד מהולל בשפת זאַרגאָן מכין א״ע להוציא לאור בקרוב בבית הדפוס דפה ספר שנתי בשפה הנ״ל. א נ א שלח אליו שיריך ומאמריך ואם יפיקו רצון וכו׳.״

„המו״ל הוא הסופר הנודע בשמו „שלום עליכם״ וכו׳.

ללקוט איזה מאמרים או שירים דבר נקל הוא ובכל זאת מחשבות רבות עצרוני מלמלאות אחרי חפץ ידידי הנזכר.

ראשונה בטוח אני, כי שירי ומאמרי לא ימצאו חן בעיני אדוני מנקודת הראות (או כאשר יחפצו אחרים: „ממלא העין״) על הצורה: שונה מאד השפה הנהוגה אצלנו מהשפה הנהוגה אצלכם. השפה הנהוגה אצלנו שואלת לה ציורים מהשפה הפולאנית ואצלכם מהרוסית וגם זאת כי אצלנו יותר מבטאים טהורים משפת אשכנז.

שנית יודע אני את מלאכת אדני. חפצו ומגמתו (לפי מה שיכולתי להבין) הוא לכתוב למען הקהל המדבר זאַרגאָן בתכלית הזאַרגאָן, ואני כותב בשביל עצמי, להנאתי, ואם לפעמים זוכר אני את הקורא, הוא מהמדרגה העליונה של החברה, הוא איש אשר קרא ושנה בשפה חיה.

שלישית: יש הבדל גדול מאד בין הנושאים בעצמם. אדני מלביש רעיונים ערומים אחרים מעולם אחר, ויותר מעולם המעשה, ואני ככותב להנאתו ולפי מצב רוחו בשעה שהוא תופש את העט, לקחתי מכל העולמות יחד.

ועוד רביעית, כי הכתיבה בעצמה אחרת אצלנו ואחרת אצלכם, ותכבד על אדני הקריאה. מלבד זה לי בעצמי כתיבה, כמדומה לי, עוד אחרת; שונה היא בזה שאני כותב כמו שאצלנו מדברים ובולע אני המבטעים הנבלעים בשעת הדבור. החסרון הזה (למען הקורא הרוססי) יגדל יותר בכתיבת השירים, שבהם המבטאים ספורים. ואם אך מבטא אחר, או גם אקצענט אחר, יאבד המספר ויחס השווי (האַרמאָניע).

את ארבעת המחשבות העוצרות האלה שמתי בכף אחד ובכף השני שמתי אך מחשבה אחת והיא הכריעה.

חושב אני, כי עתה העת היותר כשרה לקרב את הלבבות ולתת מקום בספרות למבטא יהודי פולין ולמבטא יהודי רוססיא יחד; כי עתה הזמן הנועד לעורר לבב כל אחד להבין את אחיו הדומה לו במצב ובזמן ואך שונה במקום.

כל זה נוגע אלי.

לאדני המשפט לקרב או לרחק.

אם לקרב – תודתי נכונה, ואם ירחק, אחת בקשתי – להשיב לי את הנשלח. –

והנני אחד ממכבדיו ומוקירי פעולתו

ל. פרץ

כתובתי:

Льву Перецу, Замостье

י די יידישע איבערזעצונג

אדוני היקר!

צוריק מיט עטלעכע טעג האָב איך באַקומען פון איינעם פון מיינע האַרציקע פריינט, פון ה' עפשטיין [1], אַ קורצן אָפענעם בריוו, אָן אַ דאַטע, ווו עס שטייט געשריבן:

„דאָ [2] געפינט זיך איינער אַ באַרימטער זשאַרגאָנישער שרייבער,

---

1) לויט י. ד. בערקאָוויטש, זאָל עפשטיין זיין אַן אָנגעשטעלטער אין יעקב סעפטעלס דרוקעריי אין באַרדיטשעוו, ווו ס'"ע האָט געדרוקט זיין „די יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק". גיכער איז עס פרצס פעטער ה' משה עפשטיין (געווען רב אין זאמאָשטש און אויך דער מחבר פון ספר „בית משה").

2) אין באַרדיטשעוו. —

וועלכער גרייט זיך אַרויסצוגעבן אינגיכן אין דער היגער דרוקעריי אַ יאָרבוך אין זשאַרגאָן. זיי אַזוי גוט און שיק אים צו דיינע לידער און אַרטיקלען, און אויב זיי וועלן אים געפעלן ווערן א. אַ. וו.״

„דער אַרויסגעבער איז דער באַוווּסטער שרייבער מיטן נאָמען „שלום עליכם״ א. אַ. וו.״

אויפקלייבן עטלעכע מאמרים און לידער איז אַ לייכטע זאַך, און דאָך האָבן פיל מחשבות אָפּגעהאַלטן מיך צו דערפילן דעם ווונטש פונם דערמאָנטן פריינט.

ערשטנס, בין איך זיכער, אַז מיינע שירים און מאמרים וועלן אייך נישט געפעלן ווערן פונם שטאַנדפּונקט („מנקדת הראות״ אָדער ווי אַנדערע ווילן: „ממלא העין״) פון פאָרם: די אומגאַנגס-שפּראַך ביי אונז און ביי אייך איז פאַרשיידן. אונזער אומגאַנגס-שפּראַך באָרגט באַגריפן-אויסדרוקן ביי דער פּוילישער שפּראַך, און ביי אייך — פון דער רוסישער. און נאָך: ווייל ביי אונז זענען דאָ מער אויסדרוקן פון דער דייטשער שפּראַך.

צווייטנס, איך ווייס די אַרבעט פון מיין האַר: זיין ווילן און שטרעבן איז (אויף וויפל איך האָב געקענט פאַרשטיין) צו שרייבן צוליבן עולם, וואָס רעדט זשאַרגאָן פון זשאַרגאָנען-לאַנד, און איך שרייב צוליב זיך, צוליב מיין הנאה-וועגן, און אויב איך דערמאָן מיך אַמאָל אָן דעם לעזער, איז ער פון אַ העכערער מדרגה פון דער געזעלשאַפט, ער איז דער מענטש, וואָס האָט געליינענט און געלערנט אין אַ לעבע-דיקער שפּראַך.

דריטנס: פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די אָביעקטן גופא. איר קליידט אָן פרעמדע, נאַקעטע געדאַנקען פון אַן אויסערער וועלט און דער עיקר — פון דער רעאַלער וועלט, און איך, וואָס שרייב פון מיין הנאה-וועגן און לויט דער שטימונג, בעת איך האַלט די פעדער, נעם איך גלייכצייטיק פון פאַרשיידענע וועלטן.

און פערטנס, ווייל דאָס שרייבן אַליין איז ביי אונז אַנדערש ווי ביי אייך, און ס'וועט אייך שווער זיין צום לייענען. חוצדעם האָב איך, ווי מיר דוכט זיך, אַן אַנדער מאַניר צו שרייבן; עס אונטערשיידט זיך דערמיט, וואָס איך שרייב, ווי מען רעדט ביי אונז און שלינג איין זילבן, וועלכע מ'שלינגט דאָ איין בעתן רעדן. אָט דער חסרון (פאַר לעזער פון רוסלאַנד) וועט נאָך שטאַרקער ביים שרייבן לידער,

ווי די זילבן זענען געציילטע. און ביי אַן אַנדער אויסשפּראך און ביי אַן אַנדער אַקצענט פאַרלירט זיך דער קלאַנג און האַרמאָניע.

אָט די פיר מחשבות, וואָס האָבן מיך אָפּגעהאַלטן צו שיקן אייך, האָב איך אַוועקגעלייגט אויף איין וואָגשאָל, און אויף דער צווייטער — האָב אַוועקגעלייגט איין געדאַנק, וועלכער האָט מכריע געווען.

איך האַלט, אַז איצט איז די אַממערסטן פּאַסיקע צייט צו דערנעענטערן די הערצער און צו שאַפן אַ געמיינזאַם אָרט אין דער ליטעראַטור, ווי עס זאָלן קומען צום אויסדרוק די יידיש-פּוילישע און יידיש-רוסישע אויסשפּראַכן; איצט איז די העכסטע צייט צו דערוועקן די הערצער פון יעדן איינעם צו פאַרשטיין דעם ברודער, וואָס לעבט אין איין לאַגע און אין איין צייט מיט אים, נאָר אין אַן אַנדער אָרט.

דאָס אַלץ איז נוגע מיר.

און איר האָט דאָס רעכט צו דערנעענטערן, אָדער צו דערווייטערן.

אויב איר וועט דערנעענטערן – איז מיין דאַנק גרייט פאַר אייך, און אויב איר וועט דערווייטערן — איז מיין בקשה אומצוקערן מיר, וואָס איך שיק אייך.

איך בין איינער פון אייערע פאַרערער און שעצער פון אייער אַרבעט

ל. פרץ
Leon Peretz
Zamość
4 Lipca [18]88

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

אדני היקר!

1) מכתבך, אדני, שמחני מאד, כי נוכחתי לדעת שההבדל בין המבטאים של יהודי פולין ורוסיא אינו גדול כ״כ ואיש יוכל להבין את רעהו, אם אמנם לא אכחד, כי בההבדל הזה תולה אני את משפטך לשבט בנוגע ליתר השירים (אחרי נכיון הנבחרים). ישנם שירים קטנים, כמו „שקר אין לו רגלים״, „נחמן דייטש״, „דיא געבילדעטע משפחה״ ועוד, אשר אם שאינם נוגעים אל חיי העם בפרט, אולם מראית נגעים הם, נגעים כוללים בכל העמים, אבל נגעים מצואים גם אצלנו. יוכל היות ג״כ, שאהבת עצמי מדברת מתוך גרוני. —

2) למשיב נפש היתה לי הידיעה, כי מתאחדים בפועל הזה כמה „דאָקטורים וסטודענטען״! מה רב ההבדל בין יהודי פולין ורוסיא

בתכונת נפש בשאלת השפה! אצלנו לא תמצא חובש אחד מני אלף, אשר לא יבוש לדבר עברית, ואשר גם בעת החיה הרעה הזאת לא יצעק חמס על הרגש הלאומית אשר נעור בקרב הטובים והמתוקנים. ואם החובש כך, הסטודנט, החולם מאחדות כל העולם כלו בחיק העתיד היותר קרוב – עאכו"כ.

3) את העוזרים על ידך הנקובים בשם, ידעתי היטב; אבל סלח לי, אדני, אם ארהיב בנפשי להורות באצבע על הזקן שבחבורה – גאָטלאָבער! האדון הזה, אשר מלא עולם הספרות כבודו, לא בא בזה על שכרו, כי אם על גמילת-חסדים. האדון הזה בעל לשון ארוכה ורחבה ובעל שכל קצר... מעולם לא זכיתי למצא בו רעיון אחד חדש, מבטא חדש... כן בלה"ק וכן בעברית (לפי דעתי השמות הללו מכונים מאד אל ציורם במחשבתי).

4) בעד אות האהבה והאחוה הנני משיב לו את תודתי מקרב ולב עמוק. אולם בעד האהבה והאחוה בעצמן אך דמיה תודה. לחרפה לי להעיר לך כי אותך אדני ואת מפעליך ידעתי לא מספריך כי אם מהעתקתם בשפת פולאנית. לחרפה לי להעיר, כי בעירנו לא אמצא גם ספר אחד זארגאני ולקנות לא ירשה הזמן הרע כעת. ע"כ כקבלי, כן בלעתי את מרבית ספריך. משפטך על שמר (אשר לא ידעתיו ולא קראתיו) המציא לי ענג-נפש במלא מובן המלה ואחרי כן נאנחתי: מדוע אין בקרת כזאת בשפת עבר להוציא את המוץ והתבן מן הגורן?

5) מרשה אני בכל לבי להחליף במלאכתי את המבטאים הבלתי מובנים לבני ליטא ורוסיא, אך זאת אבקש ממך, אדני, לשית לבך למדת השירים (פערזען מאאס), ואם לא יכבד על אדני הדבר, להודיעני אודות השנויים, כי האומן בעצמו מתקן בנקל את מעשיו.

6) מהשיר „דער דוכס'ל" לא שמעתי מעולם· זאמעט אינו זאמושטץ.

7) הנני להסיר הצעיף מעל פני. אני האחד משני „בעלי האסופות" אשר כתבו והדפיסו ספר שירים שונים (אין לי אף ספר אחד ואיני זוכר את השנה, כמדומה לי שנדפסו זה 15 שנה). השני הי' המנוח ליכטענפעלד. מהקובץ הזה היו מלאכת ידי: חיי המשורר העברי, חנה ועוד מהשירים הקטנים. בהשחר הללו מאד את השירים; גארדאן (מבקר „המגיד") הוציא ג"כ לאור משפט, אשר היה לי לתפארת, אך בעל הצפירה (אז סלאָמינסקי לבדו) בחמתו על ליכטענפעלד ע"ד הבקרת, ועלי ע"ד שיר קטן „הכלב והירח", ענה לשואל מדומה: „לא נבקר את

הספר שירים שונים כי הוא תחת הבקרת". בהשחר נדפסו ממני איזה שירים קטנים. בהבקר אור שיר „נגניאל" ומעט פראָזא (הבקר אור יצא אז לאור בגאליציען). בהאסיף שנה העברה הדפסתי „מנגינות הזמן", „עיר קטנה" (שני שירים) וספורים קטנים. כל זה לא מצא חן בעיני המבקר של הוואסחאד. בהיום הדפסתי נאָוועלע קטנה „הקדיש"; בהכנסת שיר קטן „עלמה עבריה"; בהצפירה איזה פעלליעטאָן וספור „הציץ ונפגע", ובשביל הספור הזה, אשר קלקלו המו"ל בחסר ויתיר מיראתו את היראים, חדלתי מלשלות לדפוס. ספר אחד עברי „חלום החלזון ופתרונו" הכינותי לדפוס, אך מחסרון כסף לא הדפסתיו. — זארגאן לא הדפסתי עוד ועד כה שרפתי אשר כתבתי.

8) עתה ארשה לעצמי לדבר באזנך אודות המפעל לטובת הכלל בכלל. מה תאמר, אדני, על בעל חסדים אשר תחת לחם ובשר יתן לרעב תפנוקים למלאות ולצבות בטן ובלי החליף כח? מה תאמר לבעל חסדים אשר יתן אזור משי יקר המציאות לאיש ערום בלי מחסה ומסתר מקור וקרח? היפליא איש חסדו אם יתן איזה משכית מרהיב עינים למחוסר דירה? והלא כן א נ ח נ ו עושים כל הימים. תחת חכמה ומדע, שהם הלחם, הבשר, המים, הלבוש והדירה ל נ פ ש האדם, אנחנו נותנים לה משכיות ותפנוקי הבעלעטריסטיק!.. כל פעלנו יהיה מאֶפע עד אשר לא נעשיר את הספרות בספרי מדע. כל זמן שאחינו לא יוכלו לרוות את נפשם באמת בספרות ישראל, כ"ז שלא ימצאו בה את הדעת האמתית, תהי' הספרות אך לשעשועים בלי מועיל; אין לי הצדקה להאשים את העוזב את שפתותינו (בל"ר)[1]. כי לאו כל אדם זוכה להיות פאַטריאָט ולהקדיש עתותיו בשביל אהבת העם; ואם מוכרח איזה איש להתפתח בשכלו בשפה אחרת, רחוק מאד להאמין שימצא עוד זמן וכשרון גם למקרא עברית. אם נבקש מעמנו שידע את שפתו, ואם היראים יודעים אותה, כיון שכל צרכי נפשם בה, אז עלינו להכשיר את השפה, שתמציא גם למשכיל את צרכי נפשו. אם כה נעשה, החוק החדש המציר צעדינו בבתי הספר יהיה לנו לברכה (אם גם לחרפה). — לפי מצב המדעים כעת נקל מאד להתחיל לתת לפני העם ספרי חכמה בכל הענפים והבראנזען. לו הרשה לי מצבי הגשמי (זה זמן קצר אשר פרנסתי התמעטה מאד ואין בה די להחיות נפש) לקנות לי איזה ספרי עבר, כי אז הוצאתי זה מכח אל הפועל. פעמים רבות החלותי לכתוב ספרים כאלה, וביחוד רואה אני את

1) בלשון רבים, ד. ה. ביידע שבראכן.

עצמי מוכשר להגיש ספר בחכמות: הנפש (פסיכאָלאָגיע) או החברה (סאציאלאגיע) ואולי גם הטבע (פהיזיק). אבל הספרים שהם אצלי אינם ממלאים את החסרון, אשר ארגיש בגשתי אל המלאכה. כי לא לחכמים ונבונים יוקדשו הספרים האלה, כי אם אך ליודעי מקרא ובשבילם לא אוכל להרבות באידעען וחקים כוללים והעקר הוא עולם המעשים (פאַקטען) המזהירים את נפש האדם. —

אדני עובד לשמה, ידעתי זאת מראש ועתה נודע לי בבירור יותר, ע״כ נשית יד ונעשה דבר טוב באמת. יהיה אדני המו״ל ואני הסופר (ואולי יבאו עוד אחרים תחת הדגל הזה) ונעשיר את השפה באמת. ואם בעירי הקטנה חסרון ספרים אינו נמנה ע״י שאילה, כי אינם במציאות, הלא בעירך הגדולה תמצא די והותר. במשך חדש ימים אוכל להכין לתכלית הזאת „איינע גאַנץ פאָפולערע פסיכאָלאָגיע״, אם אך תמצא לי באחת מן השלש לשונות רוסיא פולאנית ואשכנזית — איזה ספרים כמו Wundt ודומיו. — לי אך מורעי וריבא. —

9) עוד הערה אחת קטנה: אינני מבין מדוע מבקש אדני אך מחיי העם, האם לא נחוץ ללאום לדעת חיי הלאום האחר אשר הוא יושב בקרבו? האם לא נחוץ לו לדעת את אופני החיים הכלליים? מדוע לא ילמד לדעת את השאלות הכלליות ותגבילוהו אך בשאלות פרטיות? אמנם הן העיקר, אך גם התפל אינו מן המותרות. עלינו להמציא לנו הכל. —

10) איזה עקזעמפלאַרען מספריו אוכל למכור — יאבה לשלוח.

אחרי העשרה המאמרים הללו הנני מתכבד להבטיחו, כי מלא אני אהבה ותודה לכבודו

ל. פרץ

די יידישע איבערזעצונג

אדוני היקר!

1) אייער בריוו האָט מיך זייער דערפרייט, ווייל איך האָב זיך איבערצייגט, אַז דער אונטערשייד צווישן די אויסשפּראַכן פון די פּוילישע און רוסישע יידן איז גאָרנישט אַזוי גרויס, און איינער קאָן פאַרשטיין דעם צווייטן, הגם איך לייקן נישט, אַז פון אָט דעם אונטערשייד ווענדט זיך אייער נעגאַטיווער אורטייל וועגן די איבעריקע לידער (אויסער די אָפּגעקליבענע). פאַראַן קליינע לידער „שקר אין לו רגלים״,

„נחמן דייטש", „דיא געבילדעטע משפחה" א״ן אַנד., וואָס אויב זיי האָבן נישט צו טאָן ספּעציעל מיט יידן, אָבער זיי זענען אַן אָפּשפּיגלונג פון פּלאָגן, פּלאָגן, וואָס זענען דאָ ביי אַלע פעלקער און אויך ביי אונז.

ס'קאָן אויך זיין, אַז מיין אייגן-ליבע רעדט פון מיר אַרויס.

2) מיר איז אַנגענעם געווען די ידיעה, אַז אין אָט דער אונ־טערנעמונג פּאַראייניקן זיך אייניקע „דאָקטוירים און סטודענטן"! ווי גרויס איז דער אונטערשייד צווישן די יידן אין פּוילן און אין רוס־לאַנד אין דער באַציונג צו דער שפּראַכן-פראַגע! ביי אונז וועט איר נישט געפינען קיין פעלדשער, אפילו איינעם פון טויזנט, וואָס זאָל זיך נישט שעמען צו רעדן יידיש, און וואָס זאָל אויך אין דער אָיצ־טיקער שווערער צייט נישט מאַכן קיין געוואַלטן אויף דעם נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס האָט זיך דערוועקט ביי די בעסערע און אינטעליגענטערע יידן. און אויב דער פעלדשער איז אַזוי, איז דער דאָך סטודענט, וואָס טרוימט פון פאַראייניקונג פון דער גאַנצער וועלט אינם שויס פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט — אַוודאי און אַוודאי.

3) אייערע מיטאַרבעטער, וואָס איר רעכנט אויס, קאָן איך גוט; אָבער זייט מיר מוחל, אויב איך וואַג אָנצוטייטלען אויף דעם אַלטן גאָטלאָבער[1])! אָט דער אַלטער, וואָס די גאַנצע ליטעראַרישע וועלט איז פול מיט אים, ער לעבט נישט פונם פאַרדינטן, נאָר פון גמילת־חסדים. אָט דער מאַן האָט אַ לאַנגן און ברייטן צונג, אָבער אַ קורצן שכל... איך האָב קיינמאָל נישט זוכה געווען צו טרעפן ביי אים אַ נייעם געדאַנק, אַ נייעם אויסדרוק... ווי אין לשון-קודש אַזוי אויך אין יידיש (לויט מיין מיינונג זענען דידאָזיקע נעמען שטאַרק צוגעפּאַסט צו זייער פאָרשטעלונג אין מיין געדאַנק [?]).

4) פאַר דער ליבע און פריינטשאַפט-אויסדרוקן דאַנק איך אייך פון טיפן האַרצן, און פאַר דער ליבע און פריינטשאַפט גופא — אַ דאַנק אָן ווערטער. איך שעם זיך אייך צו דערציילן, אַז אייך און אייערע ווערק קאָן איך נישט פון אייערע ביכער, נאָר פון זייער אי־בערזעצונג אין פּויליש[2]). מיר איז אַ בזיון אייך צו זאָגן, אַז ביי

---

1) אברהם בער גאָטלאָבער (געבוירן 1811, געשטאָרבן 1899), באַוווּסטער העברעיש-יידישער שריפטשטעלער, רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער פון „הבוקר אור".

2) פרץ האָט דאָ פאַרביטן אבראמאָוויטשן (מענדעלע מוכר ספרים) מיט ראַבינאָוויטש (שלום-עליכם). ער האָט געמיינט די צוויי ביכער אין פּויליש —

אונז אין שטאָט איז נישטאָ קיין איין זשאַרגאָניש ביכל און קויפן דערלויבט מיר נישט די איצטיקע שלעכטע לאַגע, דעריבער ווי נאָר איך האָב דערהאַלטן אייערע ביכער, האָב דאָס רוב פון זיי, גלייך איינגעשלונגען. אייער משפט איבערן שמרן 1) (וואָס איך האָב אים נישט געקאָנט און נישט געלייענט) האָט מיר פאַרשאַפן פאַרגעניגן אין פולן זין פון וואָרט, און דערנאָך האָב געקרעכצט: פאַרוואָס איז נישטאָ אַזאַ מין קריטיק אין העברעיש, וואָס זאָל פאַרטרייבן דעם שטרוי און פּאָלאָווע פונם שייער?

5) איך דערלויב אייך מיטן גאַנצן האַרצן צו ענדערן אין מיינע ווערק, די אויסדרוקן, וואָס זענען נישט פאַרשטענדלעך פאַר די ליטווישע און רוסישע, אָבער איך בעט אייך אַכטונג צו געבן אויף דער פערזן-מאָס, און אויב עס איז פאַר אייך נישט שווער, מיר גיבן צו וויסן וועגן די שינוים, ווייל דער מייסטער אַליין קאָן גיכער פאַרריכטן זיינע ווערק.

6) וועגן דעם ליד „דער דופוסל"2) האָב איך קיינמאָל נישט גע-הערט, זאמעט איז נישט זאַמאָשטש.

7) איך נעם אַראָפּ דעם צודעק פון מיין פנים. איך בין איינער פון די צוויי „בעלי אסופות", וואָס האָבן אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט אַ בוך מיט פאַרשיידענע שירים (איך האָב ביי זיך קיין אייך ביכל

---

די איבערזעצונגען פון אבראמאָוויטשעס „מסעות בנימין השלישי" און „די קליאטשע", ח״ס זענען געמאכט דורך דעם באַוווסטן פוילישן שרייבער קלעמענס יונאָשא, און זענען דער-שינען אין וואַרשע אין די יאָרן 1885 און 1886. זע ווייטער דעם בריוו 4. —

1) געמיינט שלום-עליכמס ביכל „שמ״רס משפט" (אַ קריטיק אויף שמ״רס ווערק).

2) י. ל. גאָרדאָן האָט דאָן אין אַ בריוו צו שלום-עליכמען פאָרגעלייגט אָפּצוזוכן אַ פאָלקס-באַלאַדע „דער דופוסל", וואָס איז געווען אַמאָל פּאָפּולער אין דער ליטע, און צו פאַרעפנטלעכן זי אין דער „יודישער פאָלקס-ביבליאָטהעק". לויטן זכרון האָט י. ל. גאָרדאָן פאַרצייכנט אין זיין בריוו די ערשטע עטלעכע שורות פון „דעם דופוסל":

„אין אַ קליינשטעטל אין דער זאמעט —
זאמעט איז נאָך געווען פוילן —
איז אַמאָל געווען אַ מלמד,
פלעגט מען צו דערציילן;

צען גילדן האָט ער געהאַט אַ זמן,
אי דאָס נישט צו באַצאָלן,
מסתמא איז ער געווען אַ גרויסער אָרעמאַן,
ווי איר קאָנט אייך גאַנץ לייכט מאָלן,

ער האָט געלעבט אין דחקות און אין נויט,
אַ טאָג אָן זאַלץ, אַ טאָג אָן ברויט...

שלום-עליכם האָט דאַן ביי אייניקע אָנגעפרעגט מכּוח אָט דער באַלאַדע, און אויך ביי פּרצן. זע „שלום-עליכם-בוך", ז. 184. —

ניַשט און געדענק נישט דאָס יאָר. דוכט מיר, אַז ס'איז דערשינען צוריק מיט אַ 15 יאָר). דער צווייטער איז געווען דער פאַרשטאָרבענער ליכטענפעלד[1]. אין דער זאַמלונג זענען געווען מיינע לידער „חיי המשורר העברי"; „חנה" און נאָך אייניקע קליינע לידער[2]. אין „השחר" האָט מען זייער געלויבט די לידער[3]; גאָרדאָן (דער קריטיקער פון „המגיד") האָט אויך אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ לויב, נאָר דער בעל „הצפירה" (דאַן סלאָנימסקי אַליין), וואָס איז אין כעס געווען אויף ליכטענפעלדן פאַר דער קריטיק, און אויף מיר פאַר דעם קליינעם ליד „הכלב והירח", האָט ער געענטפערט צו אַן אויסגעטראַכטן פרעגער: „מיר ווען נישט רעצענזירן דעם ספר „שירים שונים", ווייל עס איז אונטער יעדער קריטיק". אין „השחר" זענען געדרוקט געווען מיינע אייניקע קליינע לידער[4]. אין „הבוקר אור"[5] אַ ליד „נגניאל" און אַ ביסל פראָזע (דער „הבוקר אור" איז דאַן דערשינען אין גאַליציע). אין „האסיף" פאָריקן יאָר האָב איך

1) דאָס בוך איז דערשינען נישט 15 יאָר צוריק, נאָר אינגאַנצן מיט 11 יאָר= צוריק, אין תרל"ז—1877. דער ריכטיקער נאָמען „ספורים בשיר ושירים שונים" מאת שני בעלי אספות, וואַרשע, 158 קליינע זייטלעך.

2) אין דעם ביכל גייען צוויי העברעישע לידער געחתמעט פון פלא"י ג"ל (דאָס מיינט גבריאל יהודה ליכטענפעלד — דער פאָטער פון פרצעס ערשטער פרוי) און פון יל"פ („בית שומם"-ספור שומר היער"; „העצל" — על שנת תרכ"ג; חנה — שיר ספורי). אויך צוויי לידער („חיי משורר עברי", אין צען קאַפּיטלען, „השופט והמליץ") זענען געחתמעט — ביידע פלא"י ג"ל און יל"פ.

3) פרץ סמאָלענסקין האָט אין „השחר" תרל"ט געשריבן, אַז „דער דערציילע= רישער שיר אין צען אָפּטיילן איז דאָס ווערק פון אַ טאַלענטפולן און אמתן משורר מיט אַלע פרטים און געזעצן. ער וועט נישט פאַרשעמט ווערן פאַר די אַלע איבעריקע גוטע אין שיינע לידער, וואָס זענען אָנגעשריבן די לעצטע יאָרן אין העברעיש. דער מחבר פון דאָזיקן שיר האָט דאָס רעכט פאַררעכנט צו ווערן צווישן אַלע אמתע דיכטער, און זיי וועלן זיך מיט אים נישט שעמען, און די שפּראַך און אירע ליבהאָבער וועלן זיך פרייען מיט זיינע ווערק און וועלן אים בענטשן פון טיפן האַרצן".

4) אין „השחר" זענען אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע העברעישע שירים פון י. ל. פרץ: אין תרל"ה (1875) זיין שיר „השותפות"; אין תרל"ו—„חלוקת החכמות" און „לי אומרים".—

5) אויסער דעם „נגניאל" (הבוקר אור" תרל"ו, חוברת א' און ב'), איז אין „הבוקר אור" (אין תרל"ז—1877) אָפּגעדרוקט געווען פרצעס אַ גרויס פראַכטפול העב= רעיש ליד „קידוש השם", ז. 173—175.

געדרוקט „מנגינות הזמן"[1], „עיר קטנה" (צוויי לידער) און קליינע דערציילונגען. דאָס אַלץ איז נישט געפעלן דעם קריטיקער פון „וואָסכאָד". אין „היום" האָב איך געדרוקט אַ קליינע נאָוועלע „הקדיש"; אין „כנסת"[2] אַ קליינעם שיר „עלמה עבריה"; אין „הצפירה" עפּעס אַ פעליעטאָן און אַ דערציילונג „הציץ ונפגע". צוליב אָט דער דערציי־לונג, וואָס די אַרויסגעבער האָבן קאַליע געמאַכט מיט צוגאָבן און מעקעכצן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די פרומאַקעס, האָב איך אויפגעהערט צו שיקן צום דרוק[3]. איך האָב צוגעגרייט צום דרוק אַ העברעישן ספר „חלום החלזון ופתרונו", אָבער צוליב געלט־מאַנגל האָב איך אים נישט געדרוקט. – זשאַרגאָן האָב איך נאָך נישט געדרוקט און ביז אַהער פאַרברענט דאָס, וואָס איך האָב געשריבן.

8) איצט וועל איך מיר דערלויבן צו רעדן וועגן דער אַרבעט, וואָס מ'טוט בכלל פאַרן כלל. וואָס זאָגט איר וועגן די בעלי־טובות, וואָס אָנשטאָט ברויט, פלייש און וואַסער גיבן זיי דעם הונגעריקן נאַשערייען אָנצופולן דעם מאָגן און נישט מער? וואָס זאָגט איר וועגן די בעלי־טובות, וואָס גיבן אַ קאָסטבאַרן זיידן גאַרטעלע דעם נאַקעטן מענטשן, וועלכער האָט קיין שוך נישט פון קעלט און פרעסט? טוט מען אַ גנאָד, ווען מיר גיבן עפּעס אַן אילוזיע, וואָס פאַרבלענדט די אויגן דעם, וועמען ס'פעלט אַ דירה? און אַזוי טוען מיר דאָך אייביק שטענדיק. אָנשטאָט וויסן, וויסנשאַפט, וואָס זענען ברויט, פלייש,

---

1) אין דער העברעישער פּאָעמע „מנגינות הזמן" (האסיף 1886) זענען, אגב דאָ פּאָזיטיווע שורות וועגן יידיש. דער דיכטער שרייבט: „ברידער מיינע שרייבער, האָט נישט פאַראיבל, אויב די שפּראַך פון בערל און שמערל איז מיר ליב און איך רוף נישט אָן מיט פאַראַכטונג זייער שפּראַך — א שטאַמלער־שפּראַך. פון זייער מויל הער איך די שפּראַך פון מיין פאָלק... די שפּראַך פון גלות־יידן, זי פאַרטריבענע, די שפּראַך, וואָס איז אַן אייביקער עדות אויף דעם פאַרגאָסענעם בלוט, אויף די רציחות, גזלות און חורבונות, וואָס מ'איז מיט אונז באַגאַנגען אין די אַלע וואָגלענישן פון לאַנד צו לאַנד. אין דער שפּראַך ליגט באַהאַלטן דער געוויין פון אונזערע עלטערן, דער וויי־געשריי פון פיל דורות, דער גיפט און די פאַרביטערקייט פון דער געשיכטע. דאָס זענען טייערסטע דימענטן, — די יידישע טרערן, וואָס, נישט אויסגעטריקנט, זענען זיי פאַרגליווערט געוואָרן".

2) „כנסת ישראל" פון ש. פּ. ראַבינאָוויטש (תרמ"ז 1887), — דאָס ליד „לעלמה העבריה והיא מתנכרה" (צו דעם יידישן מיידל, וואָס דערווייטערט זיך פון יידן).

3) דער „הציץ ונפגע" איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן אין „הצפירה" 1886, נומ. 170. ערשט אין נומ. 193 האָט די דערציילונג ווידער זיך אָנגעהויבן צו דרוקן מיט אַ צושריפט פון דער רעדאַקציע, אַז „צוליב עפּעס אַ סיבה האָט זיך דער המשך פון דער דערציילונג אָפּגעלייגט צו דרוקן ביז היינטיקן טאָג".

וואַסער, קלייד און וואוינונג פאַר דעם מענטשנס נשמה, גיבן מיר איר בעַ-לעטריסטישע נאַשערייען און אילוזייעס!.. אונזער גאַנצע אַרבעט איז גאָרנישט ווערט, ביז מיר וועלן נישט באַרייכערן די ליטעראַטור מיט וויסנשאַפטס-ביכער. כל זמן אונזערע ברידער וועלן נישט קאָנען זע-טיקן באמת זייערע נשמות מיט דער יידישער ליטעראַטור, כל זמן זיי וועלן נישט געפינען אין דער ליטעראַטור דאָס אמתע וויסן, וועט די ליטעראַטור זיין נישט מער ווי אַן אומנוציק שפילכל; איך האָב קיין רעכט נישט צו באַשולדיקן די, וואָס פאַרלאָזן אונזערע שפראַכן (אין מער צאָל), ווייל נישט יעדער מענטש איז זוכה צו זיין אַ פאַטריאָט און ווידמענען זיין צייט פאַר דער ליבע צום פאָלק; און אויב אַ מענטש איז געצוואונגען צו אַנטוויקלען זיין פאַרשטאַנד אין אַן אַנדער שפראַך, איז זייער ווייט צו גלויבן, ער זאָל נאָך געפינען צייט און מעגלעכקייט צו לייענען אין יידיש. אויב מיר פאַרלאַנגען פון פאָלק, עס זאָל קאָנען זיין שפראַך, אויב די פרומאַקעס קאָנען זי, ווייל אַלע זייערע באַדערפענישן האָבן זיי אין איר, דאַן דאַרפן מיר די שפראַך צוגרייטן אַזוי, אַז זי זאָל באַפרידיקן אויך אַלע באַדערפע-נישן פונם משכיל. אויב מיר וועלן אַזוי טון, וועט דער געזעץ, וואָס פאַרהאַלט אונזער אַריינטריט אין די שולן, זיין פאַר אונז אַ ברכה (און אויך אַ חרפה). לויטן צושטאַנד פון די וויסנשאַפטן אין דער איצטיקער צייט איז זייער גרינג אָנהויבן צו געבן פאַרן פאָלק וויסנ-שאַפטס-ביכער אין אַלע געביטן און צווייגן. ווען מיין מאַטעריעלע לאַגע וואָלט מיר ערלויבט (זינט אַ צייט איז מיין פרנסה שטאַרק פאַרקלענערט און ס'קלעקט מיר נישט צום לעבן) צו פאַרשאַפן מיר העברעישע ביכער, וואָלט איך עס פאַרווירקלעכט. אַ סך מאָל האָב אָנגעהויבן צו שרייבן אַזעלכע ווערק, און באַזונדערס פיל איך מיך צוגעגרייט צוצושטעלן ווערק פון פאָלגנדיקע וויסנשאַפטן: פסיכאָלאָגיע אָדער סאָציאָלאָגיע און אפשר אויך פיזיק. אָבער די ביכער, וואָס איך האָב, זענען ווייניק, זיי פולן נישט אויס דעם בלויז, וואָס איך פיל, בעת איך טרעט צו צו דער אַרבעט, ווייל נישט פאַר געבילדעטע און אינטעליגענטן דאַרפן די ביכער זיין צוגעפאַסט, נאָר פאַר די, וואָס קאָנען לייענען און פאַר זיי קאָן איך נישט פיל מאַריך זיין מיט אידעען און אַלגעמיינע געזעצן. דער עיקר זענען פאַקטן, וואָס פאַראינטערע-סירן און ציען צו דעם לעזער. —

איר אַרבעט לשמה, אָן אויסקוק אויף פאַרדינסט, איך האָב עס

פריער געווּוּסט און איצט ווייס איך עס נאָך קלערער, דעריבער לאָמיר נעמען און טון צוזאַמען אַ באמת גוטע זאַך. זייט איר דער אַרויס-געבער און איך דער שרייבער (און אפשר וועלן קומען נאָך אַנדערע אונטער דער פאָן), און מיר וועלן ווירקלעך באַרייכערן די שפּראַך. און אויב אין מיין קליינשטעטל קאָן מען דעם מאַנגל אין ביכער נישט אויסמיידן דורך לייען ביי אַנדערע, ווייל זיי זענען פשוט נישט בנמצא, איז אין אייער גרויסער שטאָט קאָן מען זיי קריגן איבערגענוג. אין לויף פון אַ חודש-צייט קאָן איך צוגרייטן צו דעם צוועק „איינע גאַנץ פּאָפּולערע פּסיכאָלאָגיע", אויב נאָר איר וועט מיר קריגן אין איינע פון די דריי שפּראַכן רוסיש, פּויליש און דייטש אייניקע ביכער, ווי וואונדט און אַנד. — איך האָב נאר מורעי און ריבא.

9) נאָך איין קליינע באַמערקונג: איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס פאַרלאַנגט איר נאָר פונם לעבן פון יידן. דאַרף דען נישט קיין נאַציע וויסן דאָס לעבן פון דער אַנדערער נאַציע, וואָס לעבט מיט איר צוזאַמען? דאַרף מען דען נישט וויסן די אַלגעמיינע לעבנס-פאָרמען? פאַרוואָס זאָל דאָס פאָלק נישט וויסן די אַלגעמיינע פראַגן, און איר באַגרענעצט אים נאָר מיט אייגענע פראַגן? אמת, דאָס איז דער עיקר, אָבער דער תּפל איז איך נישט קיין לוקסוס-זאַך. מיר דאַרפן זיך פאַרשאַפן אַלץ. —

10) אייניקע עקז. פון אייערע ביכער וועל איך קאָנען פאַרקויפן — איך בעט צושיקן.

נאָך די צען פונקטן האָב איך דעם כבוד צו פאַרזיכערן אייך, אַז איך בין פול מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט צו אייך

[ל. פּרץ]

3

Leon Peretz
Zamość
18 Lipca [18]88

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

אדני היקר

בפתחי את שקי הישן מצאתי בו עוד איזה תמונות מחיי עמנו בפולין, כתובות פראָזא. אולי ימצאו חן בעיניך, הדפיסם. — אולם עיקר כונתי במשלוח הזה למנות החסרון במכתבי הקודם, כי שכחתי לדבר מהנחוץ מאד לתת לפני העם מאמרים מקורות העתים בכלל ומקורות ישראל בפרט. את הדברים הללו לא הייתי כותב למו"ל בעל עסק (געשעפט'ס מאנן), אבל אדוני כותב ואני מאמין לו, שכל חפצו טובת

הכלל מפני שהוא עצמו „מתלונן בצל הכסף", ע"כ מוצא אני את עצמי מחויב להביע לו את כל לבי בשאלת היום, ואם ימצא בזה דבר חדש, דבר הגון להוציאו מן הכח אל הפועל, אחשוב את עצמי למאושר. —

1) לפי דעתי, ואני מאמין, כי כל איש משכיל אל דבר-אמת יודה לי, למרות המתימרים בשם הפועל והמעשה (פאַקטען), המשליכים אחרי גום כל משפט מוקדם; למרות כל הרואים במלחמות תנופה של החיים בין העמים והיחידים כל סוד ההתפתחות (גומפלאָוויטש ודומיו) ולמרות מאָלטקע וחבריו, אשר דעתם בזה ידועה; למרות כל אלה, אני אומר, כי כל לב ישר וכל עין טובה רואים תכלית האנושית, תכלית האדם בכלל ובפרט בהתבוללות כללית של כל העמים והלשונות, בהחדל המריבות, המלחמות והקרבות. זה הוא חזיון הנביאים, זה הוא חזיון כל לב טהור...

2) מעבר השני לפי העת ההוה, לפי יחוס הטוב (הממון, השדות והכלים) אל מספר עורגיו, לפי מצבנו בהשכלה וחכמה מדינית, לפי מצבן האיתן של האמונות השונות, אי אפשר לדבר מהחזיון הזה כדבר אשר יוכל לצאת מן הכח אל הפועל היום או מחר או גם בעתיד הקרוב אלינו ואל יוצאי חלצינו. נהפוך הוא, רואים אנחנו כעת התפתחות מחשבות זרות, מחשבות ודעות רעות, שאָוויניזם משחית לב ונפש, אַנטיסעמיטיזם מעורר לבות חכמים ונבונים ומוליך שולל את השומעים בלמודים. אנשים עומדים בראש הדור, על הררי המעשים מרימים נס ההבדל והשנאה... עתה ערב, עוד יאתא ליל ואחרי כן, כאשר ילבינו עצמותינו[1], יבא גם בקר...

3) שני אנשים אם דעתן אינה אחת וחפצם להשתתף, מחויבים הם למחול כל אחד על חצי רצונו, למען בא אל השווי. אבל אין לאחד מהם הצדקה לבקש מאת רעהו לבטל את כל רצונו מבלי קבל בעד זה קרבן מרצון זולתו. מה שהוא אמת אצל אנשים פרטיים הוא אמת אצל העמים. ה ת ב ו ל ל ו ת מכל הצדדים היא דבר טוב ויפה. לבקש מעם אחד להתבולל, להיות לאחרים למאכל, לרדת מעולם החיים אל תהום הנשיה הוא עון ומעשה רצח, ואם המחשבה הזאת יוצאת מקרב המקריב בעצמו הוא אבוד עצמו לדעת. ע"כ כל זמן שהרעיון הלאומי חי בקרב העמים כלם, יחיה גם בנו ומחויבים ומוכרחים (ע"פ חוק הטבע) אנחנו להתקיים בתור עם עומד בפני עצמו. נוכל למחול

---

1) ס'א־ז, משמעות, א טעות, ס'דארף זיין „ילבינו שערותינו".

על קיומנו בעצמנו למען היות חלק בתוך הכלל הכולל אך חלקים, אבל לא נוכל להתבולל במובן אחר ולהבלע ע"י אחרים ולשוב מן היש אל האין.

3) [1]) מלבד זה רעיון ההתבוללות הוא עתה ללא הועיל, כי עבר הזמן שקבלו את המתבוללים ביד פתוחה...

4) לפי זה ובלי רצוננו עומדים אנחנו למלחמה. במלחמה הזאת אנחנו מעט מזעיר מול השונא החונה עלינו מכל עבר. אמנם בדבר אחד ידינו על העליונה: „אתנו הצדק". יאמרו אנשי המעשה מה שלבם חפץ, „הצדק" הזה איננו רעיון רוח, אינו צלצול בלבד; בהשם הזה תוך נפלא, תוך שאינו גוף, אבל שהוא כח בגוף, הוא הכח אשר בנו מיום גלותינו ואשר לא יתן לנו לנפול. זאת זאת גבורתנו, זה הוא קשי ערפנו במלחמה הזאת. אבל מלבד הגבורה נחוצה גם עצה, אך העצה והגבורה אם יבאו לעזרתנו יחד תוכלנה להרחיב צעדינו.

5) הכל מודים, כי אחד מהדברים המחזיקים את הלאומית היא הלשון. כבר אמרתי במכתבי הקודם, כי למען שתהי' הלשון לעמוד ברזל נחוץ שתהי' לשון, הממציאה למדברים ולקוראיה כל צרכי הנפש וע"כ הספורים בלבד לא יוכלו להחיות את השפה בעצמה, לא יחיו אותנו, אבל העיקר בדבר אחר:

6) כל חברה אנושית הוא כלל פרטים, המתאחדים לצרך אחד, המצטרפים לדעה (אידעע) אחת וכו'. למען אפשרות האחדות נחוץ שידע כל פרט שני דברים: את הצרך הכללי או את הדעה הכללית, ושידע שזה נודע לכל המון הפרטים. כל כלב חזק לפני בית אדונו, זה הוא רעיון הצדקה; כל צפור מתעודדת בהמון הצפרים, זה הוא רעיון האחדות, וזאת היא המטרה, אשר לנו להעמיד לפנינו כיום: להביא דעת הכלל והפרטים בלב כל פרט ופרט... אם ידע כל אחד מאתנו במה הוא עברי, אם ידע כמה מאחיו יודעים ונכללים בדעה הזאת, אז הדעת תכפל לפי מספר הפרטים החיים כעת. ואם ידע כל אחת את אחיו בכל הדורות, אז תכפל הדעת המוכפלת לפי מספר הדורות! הדעת הכללית בשטח כל המקום וכל הזמן היא תוכל לעמוד לנו בימי החשך.

6) לגברים שתי שפות עברית ולה"ק, לנשים שפה אחת ואליהן נחוץ לסופרי עברית לשית לב. מרבית הנשים הולכות בטלות מבלי

1) ס'איז פרצעס א טעות, ס'דארף זיין פונקט 4, און די ווייטערדיקע—5, 6, 7, 8. אזוי אויך האָט פרץ ע"פ טעות פארצייכנט צוויי מאָל די צאָל 6. —

עסק וענין לענות בו. תמיד הנשים הן הראשונות להתבולל וללמוד אל דרכי רעותיהן הנוצריות, לכל איש צרכי נפש ואם צרכי הנפש העבריה אינם מתמלאות בבתינו, לומדת היא מאחרים וע״י אחרים. את הנשים הללו אשר תמיד הן לנו למכשול ולפוקה, נוכל בנקל להפוך לעוזרים על ידינו במפעל הלאומי. לדבר אליה נקל מאד, נקל מאד ללמדה דברים טובים ומה גם קורות הימים. עם תדע כל עבריה במה היא עבריה, אם תבין, כי חובות רבים עליה מלבד שלשת המצות, אז בהרגש, אשר יתר שאת לה בו, תמצא מחסה ומסתר מהרהורים הרעים אשר תפול ברשתן עד היום.

ע״כ:

נחוץ הוא מאד לתת בשביל הנשים מאמרים מקורות בנ״י. ולפי שרוב הקוראים נשים הם — זה הוא עיקר המטרה.

והנני מוקירו

ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

אדוני היקר!

אַז איך האָב געענפּט מיין אַלטע טעקע, האָב דאָרטן געפונען נאָך איייניקע בילדער פונם לעבן פון אונזער פאָלק אין פוילן, גע־שריבן אין פראָזע. אפשר וועלן זיי אייך געפעלן, דרוקט זיי. — נאָר דער עיקר כוונה מיט מיין איצטיקן שיקן איז — צו פאַרריכטן אַ פעלער אין מיין פריערדיקן בריוו, ווייל איך האָב פאַרגעסן צו רעדן וועגן דעם, וואָס ס׳איז זייער וויכטיק — צו געבן פאַרן פאָלק אַרטיקלען פון געשיכטע בכלל און יידישער געשיכטע בפרט. אָט די ווערטער וואָלט איך נישט געשריבן צו אַן אַרויסגעבער אַ געשעפטס־מאַן, אָבער איר שרייבט און איך גלויב אייך, אַז אייער גאַנצער ווילן איז נאָר דער טובת-הכלל, ווייל איר זענט אַ פאַרמעגלעכער, דעריבער געפין איך פאַר מיין חוב אויסצודריקן פאַר אייך מיין גאַנץ באַגערן אין די טאָג־פראַגן, און אויב איר וועט געפינען אין דעם אַ נייע זאַך, אַ פאַסנדיקע זאַך, וואָס מ׳קאָן פאַרווירקלעכן אין לעבן, דאַן וועל איך זיך פילן גליקלעך.

1) לויט מיין מיינונג, און איך גלויב, אַז יעדער געבילדעטער מענטש וועט מיר מודה זיין, — קעגן די אַלע, וואָס טרעטן אַרויס אינם נאָמען פון רעאַלע פאַקטן, וואָס וואַרפן אָפּ וועלכע-ס׳איז אָנגענומענע טראַדיציעס; קעגן די, וואָס זעען אין דעם קאַמף צווישן די פעלקער און יחידים דעם סוד פון אַנטוויקלונג (גומפּלאָוויטש און זיינס גלייכן), און קעגן מאָלטקע און זיינע פריינד, וואָס זייער מיינונג וועגן דעם איז באַקאַנט; קעגן די אַלע זאָג איך, — אַז יעדעס ערלעך האַרץ און גוט אויג זעען דעם צוועק פון דער מענטשהייט, דעם צוועק פון דעם מענטש בכלל און בפרט אין דער אַלגעמיינער אַסימילאַציע פון אַלע פעלקער און שפּראַכן, אין דעם אויפהערן פון קריגערייען, מלחמות און שטרייטן — דאָס איז דער טרוים פון די נביאים, דער טרוים פון יעדן ריינעם האַרץ...

2) פון דער צווייטער זייט—לויט דער איצטיקער צייט, לויט דער פאַרהעלטעניש פון גיטער (געלט, פעלדער און אַנדערע ווערטן) צו די אַלע, וואָס גאַרן נאָך זיי, לויט דעם צושטאַנד פון אונזער וויסן און פּאָליטישן פאַרשטאַנד, לויט דעם פעסטן מצב פון די פאַרשיידענע רעליגיעס, קען מען נישט רעדן וועגן אָט דער דערשיינונג, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן היינט, מאָרגן, אָדער אין דער נאָענטער צוקונפט. פאַרקערט, מיר זעען איצט דעם ווקס און די אַנטוויקלונג פון אַנדערע געדאַנקען און אידעען. מיר זעען איצט אַ פאַרדאַרבענדיקן שאָוויניזם, אַן אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרכאַפּט די הערצער פון געבילדעטע און אויפגעקלערטע, און פאַרפירט די צוהערער מיט זיין לערע. מענטשן שטייען אין שפּיץ פון דור, און אויף רעאַלע בערג הויבן זיי אויף די פאָן פון צעטיילונג און שנאה... איצט איז אָוונט, ס׳וועט נאָך קומען נאַכט, און דערנאָך, אַז ס׳וועלן ווייס ווערן אונזערע האָר, וועט קומען אויך דער מאָרגן...

3) צוויי מענטשן, אויב זייערע געדאַנקען זענען נישט אייניק און זיי ווילן געמיינזאַם אַרבעטן, זענען זיי מחויב יעדער איינער מוותר צו זיין אויף אַ האַלבן ווילן, כדי צו דערגרייכן אַ גלייכגעוויכט. אָבער קיינער פון זיי האָט קיין רעכט נישט צו פאַרלאַנגען פונם צווייטן, ער זאָל מבטל-זיין זיין ווילן און נישט באַקומען דערפאַר קיין שום קרבן פון יענעמס, דעם צווייטנס ווילן. דאָס, וואָס ס׳איז ריכטיק ביי פּריוואַטע מענטשן, איז אויך ריכטיק ביי פעלקער. אַסימילאַציע פון אַלע צדדים איז געוויס אַ שיינע און גוטע זאַך.

צו פאַרלאַנגען אָבער פון איין פאָלק, עס זאָל זיך אַסימילירן, עס זאָל זיין שפּייז פאַר אַנדערע, עס זאָל אַראָפּ פון דער לעבנס־אַרענע אין תהום פון נישט-זיין, איז געוויס אַ זינד און אַן אַטנטאַט, און אויב אָט דער געדאַנק גייט אַרויס פון דעם זעלבסטאָפּפּערער גופא, איז עס זעלבסטמאָרד. דעריבער כל זמן דער נאַציאָנאַלער געדאַנק לעבט צווישן אַלע אַנדערע פעלקער, וועט ער לעבן אויך צווישן אונז, און מיר זענען מחויב און געצוווּנגען (לויט דעם נאַטור־געזעץ) צו עקזיסטירן, ווי אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק. מיר קענען מוחל זיין אויף אונזער עקזיסטענץ, כּדי צו זיין אַ טייל אין כּלל, וואָס באַשטייט נור פון טיילן, אָבער מיר קאָנען נישט צעמישט ווערן אויף אַן אַנדער אופן און איינגעשלונגען ווערן דורך אַנדערע און ווערן פון גאָר — גאָרנישט.

3) חוץ דעם קאָן דער געדאַנק פון אַסימילאַציע איצט גאָרנישט העלפן, ווייל ס'איז שוין אַוועק די צייט, ווען מ'האָט די אַסימילירטע אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

4) דעריבער, קעגן אונזער ווילן זענען מיר אַוועקגעשטעלט אין קאַמף. אין אָט דעם קאַמף זענען מיר אַ קליינע מינדערהייט קעגן דעם שונא, וואָס לויערט אויף אונז פון אַלע זייטן. אמת, אין איין זאַך האָבן מיר די אויבערהאַנט — „די גערעכטיקייט איז מיט אונז". זאָלן די פּראַקטישע מענטשן זאָגן וואָס זיי ווילן. „גערעכטיקייט" איז נישט קיין אבסטראקט-אויסגעטראַכטער געדאַנק, ס'איז נישט נאָר אַ שיינער קלאַנג; אין אָט דעם וואָרט איז דאָ אַ וווּנדערבאַרער אינהאַלט, אַן אינהאַלט אָן אַ קערפּער, אָבער ס'איז אַ קראַפט אין אַ קערפּער, אָט די קראַפט, וואָס איז אין אונז, זינט מיר זענען אין גלות און וואָס לאָזט אונז נישט אומפאַלן. אָט דאָס איז אונזער שטאַרקייט, דאָס איז אונזער האַרטנעקיקייט אין דעם קאַמף. אָבער אויסער דער גבורה פאַרלאַנגט זיך אויך אַן עצה, אַ ראַט. נאָר אויב דער ראַט און די גבורה וועלן אונז צוזאַמען באַהילפיק זיין, וועלן זיי קאָנען פאַרברייטערן אונזערע טריט.

5) אַלע זענען מודה, אַז איינע פון די זאַכן, וואָס באַפעסטיקן דעם נאַציאָנאַליזם איז די שפּראַך. איך האָב שוין אין מיין פאָריקן בריוו געשריבן, אַז כּדי די שפּראַך זאָל זיין אַ פעסטער זייל, איז נויטיק זי זאָל זיין אַ שפּראַך, וואָס זאָל באַפרידיקן אַלע באַדערפעניש פון די, וואָס רעדן און לייענען אויף איר, און דעריבער דורך דער־

ציילונגען אַליין קאָן מען נישט באַלעבן די שפּראַך, קאָן מען אונז נישט באַלעבן. די הויפּט-זאַך איז אין עפּעס אַנדערש:

6) יעדע מענטשלעכע געזעלשאַפט איז אַ קיבוץ פון איינצעלנע, פון פּרטים, וואָס פאַרייניקן זיך צו איין באַדערפעניש, וואָס באַהעפטן זיך צו איין אידעע א. א. וו.; כּדי אָבער מעגלעך צו מאַכן די פאַרייניקונג איז נויטיק, אַז יעדער איינער זאָל וויסן צוויי זאַכן: די אַלגעמיינע באַדערפעניש אָדער דעם אַלגעמיינעם געדאַנק, און, אַז ער זאָל וויסן, אַז דאָס איז באַוווּסט אויך אַלע איינצעלנע. אַ שטאַרקער הונט פאַר זיין האַרס הויז—דאָס איז אַן אַקט פון גערעכטיקייט; אַ פייגל, וואָס ווערט געמונטערט צווישן די פיל פייגל, — דאָס איז דער געדאַנק פון אחדות. און דאָס איז דער צוועק, וואָס מיר דאַרפן זיך שטעלן ביי היינטיקן טאָג: אַריינצוברענגען דעם באַוווּסטזיין פון כּלל און פּרטים אינם געוויסן פון יעדן פּרט באַזונדער... אויב יעדער פון אונז וועט וויסן, מ י ט ו ו אָ ס ע ר א י ז אַ י י ד, אויב ער וועט וויסן, וויפל פון זיינע ברידער ווייסן און זענען באַהעפט דורך אָט דעם באַוווּסטזיין, דאַן וועט אָט דער באַוווּסטזיין ווערן געכּופלט אויף דער צאָל פּרטים, וועלכע לעבן איצט. און אויב יעדער וועט וויסן דאָס, וואָס ס'האָט געטראָפן .מיט זיינע ברידער אין אַלע דורות, דאַן וועט דער באַוווּסטזיין ווערן געכּופלט לויט דער צאָל פון די דורות. דער אַלגעמיינער וויסן און באַוווּסטזיין אין רוים פון אַלע ערטער און אַלע צייטן קאָן אונז ביישטיין אין די שווערע׳ פינסטערע טעג. —

6) די מענער האָבן צוויי שפּראַכן יידיש און לשון קודש. פרויען האָבן נאָר איין שפּראַך, און אויף זיי דאַרף מען לעגן אויפמערקזאַמקייט. דאָס רוב פרויען גייען אַרום ליידיק, אָן וואָסער ס'איז באַשעפטיקונג. שטענדיק זענען די פרויען די ערשטע צו אַסימילירן זיך און אָפּצולערנען זיך פון זייערע קריסטלעכע חברטעס. יעדער מענטש האָט זיך זיינע גייסטיקע באַדערפענישן, און אויב די גייסטיקע באַדערפענישן פון דער יידישער פרוי ווערן נישט באַפרידיקט אין דער היים, לערנט זי זיך ביי פרעמדע און דורך פרעמדע. אָט די פרויען, וואָס זענען פאַר אונז שטענדיק אַ שטרויכלונג און פּלאָג, קאָנען מיר גרינג פאַרוואַנדלען אין מיטהעלפער ביי דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ס'איז זייער גרינג צו רעדן צו איר, ס'איז זייער גרינג אויסצולערנען זי נוצלעכע זאַכן און בפרט געשיכטע. אויב יעדע יידישע פרוי וועט

וויסן פאַרוואָס זי איז אַ יידישע, אויב זי וועט פאַרשטיין, אַז זי האָט אויף זיך פיל אַנדערע חובות אויסער די דריי מצוות. דאַן אין דעם באַוווּסטזיין, אַז זי טראָגט אויף זיך אַ באַזונדערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועט זי געפינען אַ שוץ און אַ שטיץ-פונקט פון די אַלע שלעכטע געדאַנקען, וואָס זי פאַלט אַריין ביז איצט אין זייער נעץ.

דעריבער:

ס'איז זייער וויכטיק צו געבן פאַר די פרויען אַרטיקלען פון דער יידישער געשיכטע און אַזוי ווי דאָס רוב לייענער זענען פרויען — איז עס דער עיקר-צוועק.

און איך בין אייער פאַרערער

[ל. פרץ]

L. Peretz
Obrońca
Zamość
d. 22/VII /1888]

4

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

נפלתי מן הפח אל הפחת... ראשונה הודיתי בחרפה, כי לא ידעתי לא אותך ולא את פעולתך, כ"א מן העתקות בשפת פולין, ועתה עלי להודות בחרפה יתרה, כי גם זה משגה, כי נחלפת לי אדוני באבראַמאָוויטש אשר הקליאטשע שלו ומסעות בנימין השלישי נעתקו לשפת פולין, ולך הסליחה. בכל זאת לא אפונה, כי באחד העלים של המ"ע Prawda או Przegląd Tygodniowy קראתי אודות הליטעראַטור הזאַרגאָנית ושם נזכרת, אולם למורת רוחי, לא אוכל למצא את העלים, כי אך אני האחד מקבל אותם והקוראים אצלי רבים, ואך גומר אחד מעשרות שבים אלי. וגם הם קרועים.

מבלי חכות על תשובתך בנוגע להפראָזע אשר שלחתי, הנני מוסיף ושולח „אבן ואבן איפה ואיפה". —

את הנאָוועלען ואת הרצוף בזה כתבתי בבת אחת (אני קראתי ועוזרי כתב), ואין לי העתק מהם, ע"כ אם לא ימצאו חן בעיניך, השיבם לי בטובך.

והנני מוקירך ומכבדך —

ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

איך בין אַריינגעפאַלן פון אַ נעץ אין אַ גרוב אַריין... לכתחילה האָב איך זיך מיט חרפה מודה געווען, אַז איך קאָן אייך און אייערע ווערק בלויז דורך די פוילישע איבערזעצונגען, און איצט מוז איך נאָך מיט מער חרפה זיך מודה זיין, אַז ס׳איז אַ טעות, ווייל איך האָב אייך פאַרביטן אויף אַבראַמאָוויטשן, וואָס זיין „קליאַטשע" און „מסעות בנימין השלישי" זענען איבערגעזעצט אין פוילישן, און זייט מיר־מוחל. דאָך צווייפל איך נישט, אַז אין איינעם פון די נומערן „פראַוודאַ" אָדער „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי" האָב איך געלייענט וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און דערביי זיינט איר דערמאָנט. אָבער צום באַדויערן קאָן איך נישט געפינען די נומערן, ווייל נאָר איך איינער באַקום זיי, און לייענער האָב איך פיל, און נאָר איין נומער פון צען קערט מען מיר אום צוריק, און דאָס אויך אַ צעריסענעם.

נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה וועגן דער פראָזע, וואָס איך האָב געשיקט, שיק איך נאָך און נאָך „אַ שטיין צו אַ שטיין, אַ מאָס צו אַ מאָס". —

די נאָוועלן און דאָס, וואָס ס׳איז בייגעלייגט דערביי, האָב איך געשריבן מיט איין מאָל (איך האָב געלייענט און מיין געהילף האָט געשריבן) און איך האָב פון זיי קיין קאָפּיע נישט, דעריבער, אויב זיי געפעלן אייך נישט, שיקט עס מיר אָפּ צוריק.

און איך בין אייער פאַרערער

ל. פּרץ]

5

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע) [דאָס אָרט און די דאַטע נישט אָנגעוויזן]

אדוני!

אומר אתה במכתבך הקצר, כי מצאת דברים טובים ודברים רעים בשירי ויוכל לבא בדפוס אך „באופן אם תסכים על האופנים והברית אשר כתבתי לידידנו דינעסאן", ומרוב עבודה שכחת, כי לא נביא אנכי לדעת מה הם האופנים והברית הללו ולא אוכל להסכים או לא. אמנם ככל בני ישראל אנסה לרדת לסוף דעתך ע"פ „נגיחה"—

אם ישנם דברים טובים ודברים רעים, בלי ספק חפץ המו״ל לזרות הרעים מן הטובים, והתנאים והברית הם לתת לך אדני כח הרשאה לעשות תקונים. אם כן, אף כי לא אסכים לזה בלי כל תנאי, אדמה כי נוכל להתפשר.

אדני אמנם בצדקו, כי ערב הוא המו״ל בפני קהל הקוראים בעד טוב המאמרים והשירים שהוא נותן לפניהם, והוא ערב בעד טוב הספר בכלל, אבל גם הספר בעצמו יש לו הצדקה לבקש שמירת כבודו בפני קהל הקוראים, והי׳ אם יעשה המו״ל תקונים, אשר לא ימצאו חן בעיני הסופר ואשר לפי דעתו יחבלו את מעשי ידיו, הלא אז בצדק ירגיש הסופר כאב גדול, כאב נפש ולב. ע״כ נחוצה הסכמת שני הצדדים.

יאבה ע״כ המו״ל להשיב לי את שירי והגהות בצדו לאמור: את זה עזוב וזרה הלאה, זה תקן באופן זה, את זה סרס וכו׳, ואני אראה אם אוכל לעשות כדבריך.

מטבעי, אדמה, שאני מודה על האמת, וכפי שהכרתיך אדני [מ]מכתביך, אינני רואה שתהי לך הבנת היופי שונה מאד מהכללית ומהבנתי הפרטית, וע״כ בצדק אקוה כי נבא לידי פשרה.

אמנם [אם] לא כונתי לדעתך „בנגיחתי״ זאת, ראה בטובך להאיר חשכי ולהודיעני מה כתבת לדינעסאן אודותי. —

בין שיודפס שירי זה ובין שלא יודפס, הלא אנשים אחים בני מלאכה אחת אנחנו ודעותינו, אם תהיינה שונות, לא תפריענו מלבא בברית אחרת, כי יש לי רב. —

מדוע לא תענגני אם תאבה ספור גדול (בערך אל הקטנים מאד) בשם „דיא שטיממע״, קרא אותה דינעסאן והנו עוד אצלו.

והנני מוקירך ומכבדך

ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

אדוני!

אין אייער קורצן בריוו שרייבט איר, אַז איר האָט געפונען גוטע שטעלן און שלעכטע שטעלן אין מיין שיר, און ער וועט קאָנען געדרוקט זיין נאָר „מיטן תנאי, אויב איך וועל מסכים זיין אויף די באַדינגונגען און אָפּמאַך, וואָס איר האָט געשריבן צו אונזער פריינט

דינעסאָן", און פון צופיל אַרבעט האָט איר פאַרגעסן, אַז איך בין קײן נביא נישט צו װיסן די באַדינגונגען און אָפּמאַך, און איך קאָן נישט דעריבער מסכּים זײן, צי נישט. אָבער װי אַ ייד װעל איך פּרוּװן אַרײנצודרינגען אין דעם געדאַנק דורך „אָנשטויסן זיך", — אויב עס זענען דאָ גוטע און שלעכטע שטעלן, האָט איר געװיס געװאָלט אָפּצו- טײלן די שלעכטע פון די גוטע, און די באַדינגונגען און דער אָפּ- מאַך איז — צו געבן אײך אַ כּח-הרשאה צו מאַכן ענדערונגען. אויב אַזוי, הגם איך בין נישט מסכּים דערויף סתּם אָן קײן שום באַדינג, רעכן איך, אַז מיר װעלן קומען צו אַ פּשרה.

איר זײנט געװיס גערעכט, אַז דער אַרויסגעבער טראָגט אחריות בנוגע צו די לעזער פאַר די אַרטיקלען און שירים, װאָס ער גיט זײ, און ער טראָגט אחריות בכלל פאַרן גאַנצן בוך, אָבער אויך דער שרײ- בער האָט דאָס רעכט אָפּצוהיטן זײן כּבוד פאַר די לעזער, און אויב דער אַרויסגעבער װעט מאַכן ענדערונגען, װאָס געפעלן נישט דעם שרײבער און װאָס לויט זײן (דעם שרײבערס) מײנונג פאַרדאַרבן זײ גאָר זײן װערק, װעט דאָך דער שרײבער פילן אַ שטאַרקן אינערלעכן װײטיק, דעריבער באַדאַרפט מען האָבן דעם היסכּם פון בײדע צדדים.

דעריבער קערט מיר אום מײן שיר מיט די באַמערקונגען אין דער זײט, װאָס איבערצולאָזן און װאָס אויסצומעקן, װאָס צו פאַרריכטן און װאָס צו פאַרבײטן אַנדערש א. אַ. װ., און איך װעל אַלײן זען, צי איך קאָן טאָן װי איר שרײבט.

פון מײן נאַטור, האַלט איך, בין איך אַ מענטש, װאָס כ'בין מודה אויפן אמת, און װי איך האָב אײך דערקענט פון אײערע בריװ, זע איך ניט, איר זאָלט האָבן אַן אַנדער געשמאַק, װאָס זאָל זיך פאַנאַנדערגײן פון דעם אַלגעמײנעם און פון מײן אײגענעם געשמאַק. דעריבער האָף איך אויפריכטיק, אַז מיר װעלן קומען צו אַ פּשרה.

אויב אָבער איך האָב זיך שלעכט „אָנגעשטויסן", בעט איך אײך צו באַלויכטן מיר מײן פינסטערניש און מיר מיטטײלן, װאָס איר האָט געשריבן צו דינעסאָנען װעגן מיר.

סײ מײן שיר װעט זיך יאָ דרוקן און סײ נישט — זענען מיר דאָך מענטשן ברידער פון אײן מלאכה, און אונזערע מײנונגען, אַפילו אויב זײ זענען פאַרשײדענע, װעלן אונז נישט שטערן צו שליסן אַן אַנדער אָפּמאַך, װײל איך האָב פיל. —

פאַרװאָס ענטפערט איר מיר נישט, צי איר װילט אַ גרויסע

דערציילונג (בערך צו די זייער קליינע) מיטן נאָמען „די שטיממע“, דינעסאָן האָט עס געלייענט און עס איז נאָך ביי אים.

איך פאַרער אייך

ל. פרץ]

6

L. Peretz
Obrońca
Zamość, d. 3/II 1889

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

התשובה קבלתי, ספרך הוא באמת אוצר מלא כל טוב.

מוקירו

ל. פרץ

אם אין זה מן הנמנע, אבקש מכבודו להשיב לי בהחזרה את כתב יד „מאָניש“.

הנ״ל

[די יידישע איבערזעצונג

די מתנה [1] האָב איך באַקומען, אייער בוך איז באמת אַן אוצר מיט אַלדאָס גוטס.

אייער פאַרערער

ל. פרץ

אויב ס'איז נאָר מעגלעך, בעט איך אייך אומצוקערן מיר דעם כתב-יד „מאָניש“[2]]

1) דער ערשטער באַנד פון שלום-עליכמס „יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק“.

2) ווי באַקאַנט, האָט שלום-עליכם געענדערט איניקע שטעלן אין „מאָניש“, איניקע ארויסגעוואָרפן און איניקע צוגעשריבן. פרץ איז דערפון געווען שטארק אויפגע-בראכט, און אין 1892 האָט ער ארויסגעגעבן „מאָניש“ ווי א באַזונדער ביכל מיט פאָלגנ-דיקער צושריפט: „געדרוקט אין „פאָלקס-ביבליאָטהעק“, האָט די באַלאדע געליטן פון רע-דאַקטאָרס שער און פעדער. די געקרענקטע אייגן-ליבע האָט מיך באַוויגן זי איבערצושרייבן, און גוטע-פריינס איבערצודרוקן“ (י. ל. פרץ, פּאָעזיע, צווייטעס העפט, מאָניש, (באַלאדע), וואַרשע, תרנ״ב, (1892) 40 זייטלעך).

## 7

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[עס איז דער ערשטער בריוו פון פרצן צו יעקב דינעזאָן. מיט אָט דעם בריוו איז געשלאָסן „געוואָרן די וווּנדערבאַרע פריינטשאַפט פון פרץ און דינעזאָן, וואָס האָט זיך אָן איבעררייס געצויגן עטלעכע און צוואַנציק יאָר, ביזן טויט פון פרץ אין 1915. אָט דער בריוו, ווי אויך אַלע איבעריקע בריוו פון פרץ צו דינעזאָן איז פאַרבליבן נאָך דינעזאָנען צווישן זיינע כתבים. יעקב דינעזאָן האָט, משמעות, געשריבן פרצן אַ בריוו, ווו ער האָט געלויבט די פּאָעמע „מאָניש", וואָס האָט זיך געדרוקט אין שלום-עליכמס „יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק" 1888]

L. Peretz
Obrońca
Zamość, 24.2,1889 r.

W. P.
J. Dinesohn
w Warszawie

מתהלתך, אדוני, מבלי דעתי אותך, התפעלתי מאד, וינעם לי מאד להכירך בקרוב נפש. האם אתה, אדוני, מחבר „הנאהבים והנעימים" ו„קרעפלעך זאָלסטו עסן?"

מוקירו
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

פון דיין לויב, מיין האַר, הגם איך קאָן דיך נישט, האָב איך זייער הנאה געהאַט. מיר וועט זייער אנגענעם זיין צו באַקענען זיך מיט דיר. צי דאָס ביסטו עס, מיין האַר, דער מחבר פון „הנאהבים והנעימים"[1] און „קרעפלעך זאָלסטו עסן"[2]]

1) „הנאהבים והנעימים אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", איז יעקב דינעזאָנס ערשטער געדרוקטער ראָמאַן, דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1877. —

2) „קרעפלעך זאָלסטו עסן" איז אָפּגעדרוקט אין שלום-עליכמס „יידישע פאָלקס-ביבל יאָטהעק" I (1888), ווו ס'איז אויך געווען געדרוקט פרצעס „מאָניש". —

8

# צו שלום־עליכם

(פון א קאפיטל)

זאמאשטש, 17 מאי 1889

אדני הנכבד!

הנני עושה כדבריך ושולח לך את השיר, וזאת ההקדמה:
השיר הזה הוא ספר ראשון מחבור גדול אף כי הוא כמעט דבר בפ״ע ויוכל למצא חן בעיני הקוראים המבינים.
תכלית כל החבור הוא להעביר תחת שבט ולהציג אל עמוד הקלון את כל גדולי הדור, גדולי החסידים, המתנגדים, הסוחרים, בעלי הצדקות והטובות ולהוכיח את המעין הנרפש אשר מהם נובעים החיים שלו. וזאת אקוה לעשות באופן כזה: המשורר, בעל לשון להמליץ ולשיר, בעל תחבלות שונות, ע״פ כל הדעות (שולען) וכל הדרכים בשיר, חפץ להציב לו יד ושם בעולם הספרות ע״י פאעמע גדולה. נחוץ לו ע״כ לבקש לו גבור שיהי לנושא ספרו. בעירו הקטנה טשאכנאווקע, אף כי הגברים בעלי תורה והנשים צנועות, אף כי תמימים הם עם אלהים ואדם, לא ימצא את מבוקשו.
טבע הגבור של פאעמע מחייב שיהי׳ הנושא איש חי, בריא אולם, איש פועל. והנה בעיר הקטנה החיים אינם חיים, הנשים מבשלות, האנשים בלים בלא עתם, וטרם יזרח עליהם שמש־העלומים כבר הובא בעול צוארם והם נובלים כקיקיון דיונה. נחוץ לו איפוא לנסוע לבובערניק עיר ההשכלה. שם יש לו דוד ודודה, שם ישב ימים, עד אשר יכיר את החברה ויברר לו „גבור״. אמנם הכיר וראה עול ימים, יפה תאר ויפה מראה, והחצוניות (כי פנימיות אין) לקחו את לב המשורר ליהנות מהמאור של הסאליאָנען — והנה פתאם הופיע לפניו המשרת של החברה (לאָקיי), והמשורר ראה ואינו יודע עוד את החלוק בין העול ימים הגבור בעיני כל החברה, תאות נפש נשים ועלמות, והלאָקיי. עד כאן החלק הראשון.
אחרי כן יבאו חברות אחרות: סופרים, מבקרים, בעלי טובות וכו׳. כנפול הככב משמי המסחר, כן יפלו ככבים אחרים. ואדמה, כי זה לא יעמוד לך לשטן ותוכל להדפיס חלק ראשון, ולהעיר כי ההמשך יבא. ואו אמנם [ואמנם] אי אפשר להדפיס ספר גדול כזה בפעם אחת.

וכיון שאני מאמין ובטוח כי הפאָלקסביבליאָטעק לא יסוף ויוסיף לחדור אל לבות העם, כן אתאר לי אותך אדני כמאמין בזה.

עוד זאת אינני יודע עוד אם ימצא השיר חן בעיניך, אך חפץ אני להצטדק על דבר אופן כתיבתו. כאשר הודפס המאָניש קבלתי מכתבי תהלה רבים וכן שלמים, אך כל המריעים וכל המהללים העירו, כי לא יובן המאָניש מאת העם. ואם כן — למה זה אנכי? — אולם מעיד אני עלי את כל ההמון אצלנו כי אם מבינים הם אך לפי ערכם, הם מרגישים את היופי, את הרוח המרחף על פני השיר וזאת תכלית השיר, לא להביע במליצות את הנודע, כי אם לפתוח שמים חדשים, לברוא להעם מושגים חדשים, לחדור אליו ברעינות מקדימים ולא לספר את הישן והיושן. אמנם הקורא צריך לקרא אחת ושתים, שנית ושלישית, אך כאשר יוסיף לקרא, יוסף להרגיש, יוסף להבין וזאת התעודה!

כאשר נאבה להביא אל הלב רעיונות חדשים, כן מוכרחים אנחנו לתת גם צורות חדשות, מבטאים חדשים, כי שמלת הנושן לא ייטב על החדש. המבטאים הללו זרים הם לראשונה, אך סוף כל סוף יבאו כמים בקרב הקורא ויעשיר את רוח מבינתו. לתכלית זאת לא נדחקתי לקמץ את מחשבתי ולצמצם אותה בכלי המבטא של ההמון. נהפוך הוא, שמתי לבי לא את לשונו, כי אם אל הלשון אשר תתאר ביתר שאת את המורגש ועל הקורא שלא למד — ללמוד. למען הוקל הלמוד אוכל להעתיק לו בהערות את המלות הזרות לו עוד.

אנכי לא אביט על הזאַרגאָן כעל „כלי שני" ולא כעל אמצעי חולף עובר, אני חפץ שיהי ללשון, וע"כ עלינו להרחיב אוצרה ולהוסיף מדי רגע מבטאים חדשים לבל יאמר איש סופר: צר לי המקום...

עוד זאת: אם ימצא המשלוח חן, יודיעני וישיבנו לי בהחזרה למען עשות בו תקונים עוד. ישנם מקומות מבולבלים, ישנם ציורים מטושטשים, לא בכל מקום החרוז עולה יפה. אך מטעם שאני נוסע על משך ימים מביתי, אמרתי יהי' לאדוני פנאי לשום עינו בעבודתי. גם זאת לדעת כי המעתיק שלו הי' איש עברין, וטעותיו ושגיאותיו עודן קבועים.

יוכל היות כי לא ימצא השיר חן בעיניו, ואז יאבה בטובו ג"כ להחזירו לי במהרה, אך — אחרי הקריאה עד סוף. יש לי

הצדקה על זה בשביל ההוצאות שהוצאתי על ההעתקה. אצלנו העתקת כתבי עברית ביוקר מאד. שלמתי כעשר רו"כ!!!

והנני מוקירו ומכבדו
ל. פרץ

יש אתי ספורים גדולים וקטנים, הלשלוח? רבים התקבלו אל ההויזפריינט וגם ישנם שיהיו נדפסים בהפ"צ.
הנ"ל.

## [די יידישע איבערזעצונג

אדוני הנכבד!

איך פֿאָלג אייך און שיק אייך דעם שיר[1], און אָט איז די הקדמה.

דער שיר איז דאָס ערשטע בוך פון אַ גרויסן ווערק. עס איז כמעט אַ זאַך פאַר זיך און ס'וועט קאָנען געפעלן די פאַרשטענ-דיקסטע לעזער.

דער צוועק פון דעם גאַנצן ווערק איז — אַדורכצופירן אונטער דער קריטיק און צושטעלן צום שאַנדסלופ אַלע גדולי-הדור, די אָנגע-זעענסטע חסידים, מתנגדים, סוחרים, די בעלי-צדקה און בעלי-טובות

1) עס איז, רעכן איך, די פּאָעמע, וואָס י. דינעזאָן שרייבט וועגן איר אין אַ בריוו צו שלום-עליכמען (סוף 1888 אָדער אָנהויב 1889): „די טעג האָט ער מיר מיט אַ עקסטרען מענטשן צוגעשיקט זיין גראַנדיעזע פּאָעמע, וועלכע ער שרייבט פאַר אייער צווייטער ביבליאָטעק. לה דומיה תהלה... אַ קינד וועט פאַרשטיין און אָנקוועלן פון נחת פון דער פּאָעמע, און מבינים, ווי ווייניק זיי זענען אויך ביי אונז ייִדן, וועלן רזין דרזין אין דער פּאָעמע געפינען. איך, אַז איך לעזע זי, און געלעזן האָב איך זי שוין הונדערט מאָל, דערמאָן איך מיר אָן בייראָן, אַזוי ווילד, אַזוי רייך און אומגעצאַמט איז די מוזע זיינע, זי האָט קיינע גרענעצן און קאָן קיין צוואַנג און דרוק נישט דולדן, איר ברויכט זי לעזן... און בייראָן וועט אייך אַ לעבעדיקער פון קבר אויפשטיין, און איר וועט נישט וויסן, אויב אין פוילן וואָלט בייראָן אַנדערש געשריבן און בעקאַנט שרייבן... (זע דעם קאַפּיטל „פרץ און שלום-עליכם", אין בוך „פרץ". לויט דוד פּינסקי, האָט פרץ אָנגע-שריבן דאַן אַ גרויסע פּאָעמע אונטערן טיטל „וווּ נעם איך אַ העלד"? געשריבן אין דעם סטיל פון בייראָנס „טשאילד האראָלד" און אין דער בייראָנישער שטימונג. די פּאָעמע איז נישט פאַרענדיקט געווען, און, ליידער, פאַרלוירן געגאַנגען, זע זלמן רייזענס „לעקסיקאָן", פאַרלאַג ב. קלעצקין 1927, ז. 991—992.

און אויפדעקן דעם פּאַרעיפּושטן קוואַל, וואָס פון אים שעפּט אונזער לעבן. און דאָס האָף איך צו טאָן אויף אָט דעם אופן:

דער משורר, אַ מענטש, וואָס איז אַ בריה צו שרייבן און צו דיכטן דורך פאַרשיידענע מאַנירן לויט פאַרשיידענע שולן און וועגן אין דיכטונג, וויל שאַפן זיך אַן אָרט און אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור דורך אַ גרויסער פּאָעמע. ער באַדאַרף דעריבער געפינען אַ העלד פאַר זיין ווערק. אין זיין קליינשטעטל טשאַכנאָווקע, הגם די מענער זענען בעלי-תורה און די פרויען זענען פרומע, הגם זיי זענען גוט צו גאָט און צו לייטן, געפינט ער נישט, וואָס ער זוכט. דער העלד פון דער פּאָעמע דאַרף זיין אַ לעבעדיקער מענטש, אַ געזונטער, מונטערער און אַקטיווער. און אין זיין קליינשטעטל איז דאָס לעבן קיין לעבן נישט, די פרויען פאַרנעמען זיך אין קיך, די מענער ווערן אַלט פאַר דער צייט, און נאָך איידער עס שיינט-אויף פאַר זיי די יוגנט-זון, ווערן זיי פאַר־יאָכט און וועלקן ווי אַ קיקיון דיונה. ער דאַרף דעריבער אַוועקפאָרן קיין בובערניק, אין דער השכלה-שטאָט, דאָרט האָט ער אַ פעטער מיט אַ מומע, דאָרט וועט ער פאַרברענגען אַ צייט, ביז ער וועט זיך באַ־קענען מיט דער געזעלשאַפט און וועט זיך אויסקלויבן אַ „העלד". ער האָט טאַקע דאָרט דערזען אַ יונגנמאַן, אַ שיינעם און אַ פיינעם, און זיין אויסערלעך אויסזען (קיין אינערלעכע וועלט האָט ער נישט) האָט צוגעצויגן דאָס האַרץ פונם דיכטער, אָנצוקוועלן פון דעם סאַלאָנען־גלאַנץ, — אָבער פלוצים האָט זיך פאַר אים באַוויזן דער לאָקיי, און דער דיכטער קוקט, און ער ווייסט נישט דעם אונטערשייד צווישן דעם יונגנמאַן, דעם העלד אין די אויגן פון דער גאַנצער חברה, דעם ליבלינג פון פרויען און פריילינס, און דעם לאָקיי. ביז אַהער איז דער ערשטער טייל.

דערנאָך קומען אַנדערע געזעלשאַפטן: שרייבער, קריטיקער, בעלי־טובות און אַנד. און אַזוי ווי עס פאַלט אַראָפּ דער שטערן פון דעם מסחר-הימל, אַזוי אויך פאַלן די איבעריקע שטערן. און איך רעכן, אַז דאָס וועט פאַר אייך נישט זיין קיין אָפּהאַלט, און איר וועט קאָנען דרוקן דעם ערשטן טייל און צוגעבן אַ באַמערקונג, אַז דער המשך וועט קומען. און מען קאָן דאָך נישט דרוקן אַזאַ גרויס ווערק מיט איין מאָל, און אַזוי ווי איך גלויב און בין בטוח, אַז די „פאָלקס־ביבליאָטעק" וועט נישט אונטערגיין און וועט וואָס-ווייטער אַלץ מער

אַריינדרינגען אין פאָלק, אַזוי שטעל איך מיר פאָר, אז אויך איר גלויבט אין דעם.

און נאָך. איך ווייס נאָך נישט, צי דער שיר וועט אייך געפעלן, איך וויל זיך פאַרענטפערן פאַר דעם אופן, ווי ער איז געשריבן. אַז „מאָניש" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָב איך באַקומען פיל לויב-בריוו, אָבער די אַלע, וואָס האָבן געלויבט, האָבן באַמערקט, אַז דאָס פאָלק פאַרשטייט נישט „מאָניש". און אויב אַזוי — צו וואָס טויג עס? אָבער איך נעם עדות אונזערע מאַסן, אַז אויב זיי פאַרשטייען נאָר לויט זייער פאַרשטאַנד, דערפאַר אָבער פילן זיי די שיינקייט, דעם גייסט, וואָס שוועבט איבערן שיר. און דאָס איז דאָך דער צוועק פונם שיר — נישט אויסצודריקן דורך מליצות דאָס באַקאַנטע, נאָר אויפצודעקן נייע הימלען, צו שאַפן פאַרן פאָלק נייע באַגריפן, אַריינ-צודרינגען צו אים מיט נייע געדאַנקען, און נישט איבערדערציילן דאָס אַלטע און פאַרעלטערטע. דער לעזער באַדאַרף טאַקע לייענען איין מאָל און אַ צווייט מאָל, אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל, אָבער וואָס מער ער וועט לייענען, וועט ער אַלץ מער פילן, אַלץ מער פאַרשטיין — און דאָס איז די אויפגאַבע!

אַז מיר ווילן אַריינברענגען נייע געדאַנקען, מוזן מיר געבן אויך נייע פאָרמען, נייע אויסדרוקן, ווייל דער אַלטער לבוש פּאַסט זיך נישט צו צום נייעם, די אויסדרוקן זעען אויס לכתּחילה פרעמד, אָבער סוף-כּל-סוף ווערן זיי אַריינדרינגען ווי וואַסער אין דעם לעזער און ווערן באַרייכערן זיין פאַרשטאַנד. דעריבער האָב איך זיך נישט געמיט צו באַשרענקען מיינע געדאַנקען און באַגרענעצן זיי מיט די אויסדרוקן פון המון. פאַרקערט, איך האָב זיך געוווּנדט נישט צו זיין שפּראַך, נאָר צו דער שפּראַך, וואָס דריקט אַמשטאַרקסטן אויס דאָס פילבאַרע, און דער לעזער, וואָס איז נישט געבילדעט, זאָל זיך אויס-בילדן. כּדי צו פאַרגרינגערן אים דאָס לערנען, קאָן איך פאַרטייטשן מיט באַמערקונגען די ווערטער, וועלכע זענען אים נאָך פרעמד.

איך קוק נישט אויפן „זשאַרגאָן" ווי אויף אַ כּלי שני און נישט ווי אויף אַ פאַרמיטלונג, וואָס גייט אַריבער. איך וויל, עס זאָל ווערן אַ שפּראַך, און דעריבער באַדאַרפן מיר פאַרברייטערן און פאַרמערן אירע אוצרות און צוגעבן יעדע רגע אַלץ-נייע אויסדרוקן, אַז דער שרייבער זאָל נישט זאָגן, מיר איז ענג דאָס אָרט...

און נאָך: אויב דאָס, וואָס כ'האָב געשיקט, וועט אייך געפעלן,

טיילט מיר מיט און קערט עס מיר אום, כדי איך זאָל מאַכן נאָך ענדערונגען. עס זענען דאָ פאַרדרייטע שטעלן, פאַראַן מטושטשע ביל־דער, נישט אומעטום איז דער פערז געלונגען. אָבער אַזוי ווי איך פאָר אָפּ אויף עטלעכע טעג פון דערהיים, וועט איר האָבן צייט איבערצו־לייענען מיין אַרבעט. אויך דאָס דאַרף מען צוגעבן, אַז דער איבער־שרייבער איז אַ גראָבער יונג, און זיינע טעותים און גרייזן זענען פעסטע.

קאָן זיין, אַז דער שיר וועט אייך נישט געפעלן, דאַן, זייט אַזוי גוט און קערט מיר אים גלייך אום, — ווי נאָר איר וועט אים א י־ב ע ר ל יי ע נ ע ן ב י ז ן ס ו ף. איך האָב רעכט צו פאָדערן עס צו־ליב די הוצאות, וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף איבערצושרייבן. ביי אונז קאָסט איבערשרייבן יידיש זייער טייער. איך האָב באַצאָלט אַ צען רובל.

איך בין אייער פאַרערער
ל. פ ר ץ

איך האָב ביי זיך גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, שיקן זיי? פיל פון זיי זענען אָנגענומען אין „הויז־פריינד“ און אַ טייל פון זיי וועלן זיך אויך דרוקן אין פ״צ [1].

ה נ ״ ל]

*9*

## צו שלום־עליכם

(פון א קאָפּיע)

[געשריבן אויף אַן העברעישן בלאַנק „י״ל פ ר ץ, ז א מ ו ש ט ש״, אָן א דאַטע]

אדני!

מעולם לא דמיתי ולא עלה על לבי שיבא יום ואהי׳ מוכרח להשתכר מפרי עטי. לאסוני בא היום והנני מ ו כ ר ח לתת לו הרשאה לתקן, כי הכסף הוא נחוץ לי מאד מאד.

מעולם לא דמיתי ולא עלה על לבי לבכר איזה מו״ל עליך, אדוני, נהפוך הוא, בכל לב אמסור לך את כל ספורי — אך בך האשם,

1) אפשר מיינט פרץ פ״ב—„פאָלקס־בלאַט“, וואָס איז דערשינען אין פעטערבורג. אין „פאָלקס־בלאַט“ איז, דוכט זיך, גאָרנישט געווען געדרוקט פון פרצן.

אם לא עשיתי זאת עד כה. בשנה העברה לא הדפסת ספורי, שאלתי אודותם איזה פעמים ולא קבלתי מענה.

בזו הרגע אני כותב לידידנו ה׳ דינעסאן שישלח לך את ספורי— אם יוכל אדני לשלוח לי תיכף את משכרתי בעד השיר ואולי גם אוואנס על הספורים יעשה עמדי חסד כי נצרך אני לזה. ואם לא — ישלח לי המחצה.

עוד הפעם אבטיחך, כי לא היה עם לבי מעולם להתרחק ממך בעבודתי, כי אם גם יהיו לי דין ודברים וטענות אודה בפה מלא, כי הפ״ב עולה בערכו מכל הנדפס בשתי ספריותינו.

את הנדפס כנגדך לא קראתי, אך כנגד מאמר קאמינקא בהצפירה ערכתי מענה חד וחלק. לו היה בכחי להדפיסו בפ״ע, אז חלקתיו חנם. אך איננו בכח וה׳ ציטראן חפץ להדפיסו בספר שנתי שהוא מוציא לאור. אם אמת הדבר לא אדע עוד.

חפץ אני לשלוח לציטראן את המאמר, אך אולי תאבה לקראו, או אולי גם להשתמש בו, ענני תיכף ואשלחנו מקודם לך. המאמר טוב מאד, מעצמו מובן, בעיני. —

והנני מחכה לתשובתך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

אדוני!

איך האָב קיינמאָל גאָרנישט געטראַכט און ס׳איז מיר אויפן געדאַנק נישט אַרויף, אַז ס׳זאָל קומען אַמאָל אַ טאָג און איך זאָל געצווּנגען זיין צו פאַרדינען פון מיין פעדער. צו מיין אומגליק איז געקומען אַזאַ טאָג, און איך בין געצוווּנגען צו געבן אייך אַ דערלויבעניש צו פאַרריכטן, ווייל איך נויטיק זיך זייער און זייער אין געלט.

איך האָב קיינמאָל גאָרנישט געטראַכט און ס׳איז מיר אויפן געדאַנק נישט אַרויף, איך זאָל וועלכן ס׳איז אַנדערן אַרויסגעבער אָפּגעבן די בכורה לגבי אייך. פאַרקערט, מיטן גאַנצן האַרצן וועל איך אייך אָוועקגעבן אַלע מיינע דערציילונגען — און ס׳איז אייער שולד, אויב איך האָב עס נישט געטון ביז איצט. אין פאָריקן יאָר האָט איר נישט געדרוקט מיינע דערציילונגען, איך האָב וועגן זיי איינִיקע מאָל געפרעגט און קיין תשובה נישט באַקומען.

די מינוט שרייב איך צו אונזער פריינט ה׳ דינעסאָן, ער זאָל אייך שיקן מיינע דערציילונגען.

אויב איר קאָנט מיר צושיקן תיכף דעם האָנאָראַר פאַרן שיר און אפשר אויך אַן אַוואַנס אויף די דערציילונגען, וועט איר טון מיט מיר אַ גנאָד, ווייל איך נייטיק זיך איצט.

און אויב נישט – שיקט מיר צו אַ העלפט.

נאָכאַמאָל פאַרזיכער איך אייך, אַז איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט צו דערווייטערן זיך פון אייך מיט מיין אַרבעט, און אויב ס׳וועלן זיין ביי מיר טענות און מענות, וועל איך זיי זאָגן מיטן פולן מויל, ווייל די פאָלקסביבליאָטעק שטייגט איבער מיט איר באַדייטונג אַלץ, וואָס איז געדרוקט אין אונזערעביידע ליטעראַטורן.

דאָס, וואָס ס׳איז געווען געדרוקט קעגן אייך, האָב איך נישט געלייענט, אָבער קעגן דעם אַרטיקל פון קאמינקא 1) אין „הצפירה", האָב אָנגעשריבן אַ שאַרפן ענטפער. ווען איך זאָל אימשטאַנד זיין צו דרוקן אים באַזונדער, וואָלט איך עס פאַנאַנדערגעטיילט אומזיסט. אָבער איך בין נישט אימשטאַנד, און ה׳ ציטראָן וויל אים דרוקן אינם יאָרבוך, וואָס ער גיט אַרויס. אויף וויפל ס׳איז ריכטיק, ווייס איך נאָך נישט.

איך וויל שיקן דעם אַרטיקל ציטראָנען, אָבער אפשר ווילט איר אים לייענען, אָדער אפשר אים אויסנוצן, ענטפערט מיר גלייך, און איך וועל אים פריער שיקן אייך. דער אַרטיקל איז זייער אַ גוטער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אין מיינע אויגן.

און איך וואַרט אויף אייער תשובה.

ל. פרץ

10

## צו שלום-עליכם

(פון ‍א קאָפּיע) [אָן א דאטע]

אדני היקר

לפי מכתב ידידינו דינעסאן, הספורים נשלחו זה זמן כביר ; את

1) געמיינט דעם אַרטיקל פון א. קאמינקא „אזהרה למכתבי עמל" (הצפירה 1889, די נומערן 116, 119, 120, 121, 122, 123, 125, 126). ס׳איז א שאַרפער פּאָלעמישער אַרטיקל קעגן „זשאַרגאָן" אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאָלעמיק אַרום דעם דערשיינען פון דער „יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק".

השיר לתקונים עד היום לא קבלתי? ואני הנני במבוכה, כי נחוץ לי הכסף מאד. לא אוכל לבקש ממך אמנה מראש, כי לא נדע איש את אחיו במו"מ, אך מוכרח אני לבקש ממך למהר להחיש את המשלות לתקונים או לשלוח לי שכרי מראש.

עוד הפעם אבטיחך, כי לולא המבוכה אשר באתי בה, לא הייתי דורש.

מכבדו

ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

אדוני!

לויטן בריוו פון אונזער פריינט דינעסאָן, זענען די דערציילונגען אייך שוין לאַנג אַרויסגעשיקט; דעם שיר צו פאַרריכטן האָב איך עד היום נישט באַקומען, און איך בין אין פאַרלעגנהייט[1], ווייל איך באַדאַרף זייער נייטיק האָבן געלט. איך קאָן נישט בעטן ביי אייך פאָרויס, ווייל געשעפטלעך קענען מיר איינער דעם צווייטן נישט, אָבער — איך בין געצוווּנגען צו בעטן ביי אייך וואָס גיכער מיר צוריקשיקן, וואָס כ'האָב אייך געשיקט, צום פאַרריכטן אָדער מיר שיקן דעם האָנאָראַר פאָרויס.

נאָכאַמאָל פאַרזיכער איך אייך, אַז ווען נישט מיין איצטיקע פאַרלעגנהייט, וואָלט איך עס נישט פאַרלאַנגט.

אייער פאַרערער

ל. פרץ]

*11*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דערדאָזיקער פראַגמענט פון פּרצעס א בריוו אָדער אַרטיקל איז געלעגן צווישן דינעזאָנס איבערגעבליבענע פאַפּירן, מיט אַן אויפשריפט, — קאָנטיק מיט דינעזאָנס האַנט, — „פון פרצעס ערשטע בריוועלעך צו דינעזאָנען". אָבער אין יענער צייט האָט פרץ געשריבן זיינע בריוו אויך צו י. דינעזאָן אין העברעיש. אויף דעם

1) פרץ האָט דאַן פאַרלוירן דאָס רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט אַדוואָקאַטור.

בריוו אָדער אַרטיקל איז נישטאָ קיין דאַטע. אָבער דאָ רעדט זיך, אַז צעדערבוים קריגט זיך מיט גאָרדאָנען. דער ערשטער איז געשטאָרבן אין 1893, דער צווייטער — אין 1892. איז עס יעדנפֿאַלס געשריבן נישט שפּעטער ווי 1892. די ריכטיקע דאַטע דאַרף נאָך פֿעסטגעשטעלט ווערן]

אין אונזער העברעישער (לשון־קודשער) ליטעראַטור איז שטענדיק אַזוי שטיל, אַזוי מנוחהדיק... אד"ם הכהן איז, לא עליכם, געשטאָרבן, און קיינער זוכט שוין נישט קיין גרייזן אין זיינע שירים... ליכטענפעלד איז געשטאָרבן, און קיינער שרייט שוין נישט, אַז סלאָנימסקי קאָן נישט רעכענען... סמאָלענסקין איז געשטאָרבן און קיינער שרייט שוין נישט „קאַראַוּל" קעגן מענדעלסאָנס שולע... אָט אַמאָל קריגט מען זיך, מען זידלט זיך אַפֿילו, צעדערבוים מיט גאָרדאָנען מאַכן אַמאָל אויף 4 וואָכן אַ סקאַנדאַל און ווייטער שטיל... דאָס שטילע וואַסערל פֿליסט, פֿון אויבן אַביסל גרין־פֿאַרשימלט, הינטן שלינגט אַמאָל אַ לעבעדיק העכטל איין אַ ווערעמל, מען הערט אַ פּישטש, קוים אַ פּישטש און ווייטער שטיל... עס מאַכט זיך אַמאָל אַ נייעס, עס טרעט אַרויס אַ נייער „שטערן", אַ וויכטיק ספר... אַ גרויסער יידישער ניוטאָן דערזעט אויף דער זון מיט אַ שלעכט־פֿאַרשטאַנענעם פּראָנצוויזישן מחברס אויגן — נשמהלעך... קליינע, גרויסע, אָפּגעצערטע נשמהלעך. דער צווייטער „שטערן" מאַכט אויך אַביסל אַ רעש און ווייזט אויס צום מיליאָנסטן מאָל, אַז די נסים ונפלאות קענען זיין ע"פ דרך הטבע. נאָר דאָס אַלץ פֿליט פֿאַרביי און ווייטער מנוחה... אין דער רויקער צייט אַנאָנסירן די רעדאַקטאָרן אין יעדן נומער צייטונג נייע ספרים און זאָגן צו גרויסע רעצענזיעס צו געבן מיט דער צייט, און האַלטן מיט דער צייט קיינמאָל נישט קיין וואָרט — אַבי שטיל! קיינער מאָנט נישט, קיינער דערמאָנט נישט, קיינער שרייט נישט... קיינער פֿילט זיך נישט אָפּגענאַרט, — ווייל אָפּנאַרן איז אוודאי אַ נס ע"פ דרך־הטבע, צו זאָגן און נישט האַלטן קען אַפֿילו דער גרעסטער גביר...

עס איז אַזוי ווייט שטיל, אַז מע הערט אַפֿילו די אלטערטומספֿאָרשיקע פֿליגן אויף דער פֿאַרפֿוילטער וואַנט... עטלעכע פֿון זיי דזשאָבען אַ שטיקל אבן־עזרא גאָר געשמאַק, אַבי שטיל — שאַ!

עס איז אַזוי שטיל, און עס איז אַזוי גוט און מנוחהדיק אינם שטילן, אַז אַפֿילו דער „חלזון" האָט קיין אויפֿזען נישט געמאַכט!

איינער האָט קוים אויסגענוצט אַ לאַנגן „אַאַ!“, דער צווייטער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און האָט זיך אין מיטן פאַרהוסט, דעם דריטן האָט מען אַ צי געגעבן ביי דער פאָלע, האָט ער זיך באַלד צוריק אַנידערגעזעצט דרימלען און ווייטער שטיל...

דער עולם איז געשלאָפן, און דעמאָלט איז די בעסטע צייט געווען פאַר די וואַנצן, עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער ממשלה. עס זענען פון אַלע זייטן פונם קראַנקן בעט אַרויסגעקראָכן קליינע און גרויסע וואַנצן... ווי שטיל און ווי פיין עס קריכט! נאָר איינע האָט שוין באַמערקט, אַז צעקוועטשן טאָר מען זיי נישט...

ראַפּטום טראַך!

עס האָט אַריינגעשלאָגן אינם שטילן בית-המקדש אַריין אַ דונער!

צי איז דאָס באמת געווען אַ דונער? אפשר אַ קלאַפּ פון אַ דאַך-באַשלעגער אין דער בלעך אפשר גאָר. איך בעט איבער אייער כבוד – אַ ניעס נאָך אַ גרויסן שמעק-טאבאַק?

איך מיין, עס איז נאָר געווען אַ ניעס, העכסטנס – נאָך טשעמירזיצע אָדער שטאַרקע יו״כ-טראָפּן. נאָר מיינע ליטעראַרישע שכנים זאָגן, אַז עס האָט געדונערט. עפּעס אַ ישיבה-בחור האָט געמאַכט אַ ברכה איבער אַ דונער. טייל האָבן געלייגט שמירה אויף די פענסטער, און אַ דענערווירטער האַלב-פאַריקטער האָט זיך באַהאַלטן אונטערן איבערבעט!

דער דונער איז אייגנטלעך געווען אַ גראָבער! עס האָט געשפּריצט מיט שטיקנדער בלאָטע, עס האָט געשטעקט דערינען אַ שטיקל מלשינות אויך... און דאָס האָט געזאָלט טרעפן אונזערע זשאַרגאָניסטן! געוואַלט, דער זשאַרגאָן פירט אונז איבער! דער זשאַרגאָן וועט אונז ברענגען אין שאול-תחתיה אַריין... די זשאַרגאָניסטן זענען פושעים, רוצחים, הולטאַיעס וכדומה אַזוינע שיינע זאַכן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 12

# צו דוד יוסף קאַפּלאַן

(איבערגעזעצט פון פויליש 1))

[ד. י. קאַפּלאַן, דער שפּעטערדיקער אַרויסגעבער פון א. רייזענס „דאָס צוואַנציקסטע יאָ־הונדערט", האָט איבערגעזעצט ש. פרוגס באַקאַנט ליד „דער כּוס" פון רוסיש אויף יידיש, און צוגעשיקט פ־צן פאַר די זאַמלביכער „די יודישע ביבליאָטעק", וואָס פּרץ האָט דאַן אַרויסגעגעבן אין וואַרשע. דער בריוו, געשריבן דורך פּ־רצן אין פּויליש, איז אַן ענטפער ד. י. קאַפּלאַנען. פּרץ האָט די איבערזעצונג נישט פאַרעפנטלעכט, און שפּעטער אַליין איבערגעזעצט פרוגס ליד אויף יידיש, געדרוקט אין צווייטן באַנד „די יודישע ביבליאָטעק", וואַרשע 1891]

וואַרשע, 7 אָקטאָבער 1891

די איבערזעצונג איז ז י י ע ר גוט. מיר בעטן דעם איבערזעצער ער זאָל צושטעלן אונז דעם אָריגינאַל (פונם ליד) אָדער אַן אָפּשריפט, כּדי צו פאַרגלייכן. די אונטערשריפט איז בויטיק. פון די, וואָס באַהאַלטן זיך מיט זייער אַרבעט פאַרן פאָלק, נעמען מיר נישט אָן קיין מיטהילף. אַנדערע מאָטיוון פון אַ פּסיידאָנים מוזן זיין אויפגעקלערט.

אויב צוליב וועלכע ס׳איז סיבות, וועט דער איבערזעצער נישט וועלן קומען (פון דער קומענדיקער וואָך אָן — צעגליאַנאַ 1, די רעדאַקציע איז אָפן פאַר ליטער. ענינים פון 4 ביז 6 נאָכמיטאָג) צו פאַרגלייכן, זאָל ער אונז איבערגעבן די רעכט צו פאַריכטן, אויב ס׳וועט נייטיק זיין. —

ר ע ד א ק צ י ע

1) די קאָפּיעס פון פּרצעס פּוילישן און העברעישן בריוו צו ד. י. קאַפּלאַן זענען מיר צוגעשיקט דורך יצחק צבי לעווי פון לייפּציג, ווו ד. י. קאַפּלאַן וווינט איצט, מיט די דערקלערונגען, וואָס ד. י. קאַפּלאַן האָט אים וועגן די בריוו געגעבן. —

13

# צו דוד יוסף קאפלאן

(פון א קאפיע)

[נאך דער איבערזעצונג פון פרוגס ליד „דער כוס", האט ד. י. קאפלאן צוגעשיקט פרצן אן אריגינעל ליד אין יידיש „כותל־מערבי". דער בריוו איז א תשובה צו קאפלאנען. אין דעם בריוו דערמאנט פרץ ווידער וועגן „דער איבערזעצונג" פון פרוגס „דער כוס".]

רעדאקציאן
דער
יודישען ביבליאטעק
וואַרשע, אקטאבער 1891

אדוני!

ההעתקה, אדמה, תהי נדפסת אך – אחרי תקון איזה מקומות, אם ירשה. – „כותל־מערבי" יקבל בהחזרה – מחמת רפיונו. „מחשבה רבה ומלין מעט" צוה גיעקראסאוו ופה מחשבה קטנה (וזקנה, ובלה מזוקן) ושש־עשרה חרוזים מרבה מהכיל. אם תוכל לתקן באופן כזה, אשר יהיו לכל היותר 3 חרוזים (כי די בשתים)

1

„ערים נפלו למשאות
ואת עומדת –
ארמונים והיכלי מלכים נעלמו
ואת זכר עולמים.

2

כי לא מתה את, לא דומם
רוח הלאום בתוך אבניך...
ודמעת עשוקים שקויך
אתה חיה חיי עמך

3

וחיי עמך עולמים וכו' –

אז יצלח לדפוס. -

את המקומות הרעים ביותר שאת הרשיתי לעצמי לסמן בעט-עופרת אדומה. —

מכבדו המו"ל

[די יידישע איבערזעצונג. —

אדוני!

די איבערזעצונג, רעכן איך, וועט געדרוקט זיין נאָר נאָך דעם, ווי איינִיקע ערטער וועלן פאַריכט ווערן, אויב איר וועט דערלויבן. — „כותל מערבי" וועט איר צוריק באַקומען — מחמת ס'איז שוואַך. „פיל געדאַנקען און ווייניק ווערטער" האָט נעקראַסאָוו געזאָגט, און דאָ איז אַ קליינער געדאַנק (און אַן אַלטער, פויל פון אַלטקייט), און זעכצן פערזן זענען צופיל פאַר אים. אויב איר קאָנט פאַריכטן אויף אַזאַ אופן, ס'זאָלן זיין אַממערסטן 3 פערזן (ס'זענען גענוג אויך צוויי).

[דאָ ווערן געבראַכט אין העברעאישער איבערזעצונג צוויי סטראָפעס פון דעם ליד צו 4 שורות, און אין דער דריטער סטראָפע 1 שורה. זע דעם ריוו אין העבברעישן]

דאַן וועט ראוי זיין צום דרוק.

די ערטער, וואָס זענען באַזונדערס שלעכט, האָב איך מיר ערלויבט אָנצומערקן מיט אַ רויטן בליישטיפט. —

מכבדו
דער אַרויסגעבער]

*14*

## צו דוד פאַלק

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו א'ז געשריבן צו דוד פאַלק אין זאַמאָשטש. — דוד פאַלק, דאַן אַ ייִנגל פון אַ 12 יאָר, האָט צוגעשיקט צו פּרצן אין ווארשע פאַר דעם זאַמלבוך „די יודישע ביבליאָטעק" אַ יידיש

ליד. ווי פרצעס א בן-עיר, האָט ער באַקומען אַן אויספירלעכע תשובה פון פרצן. דוד פאַלק איז עד-היום א זאַמאָשטשער תושב, איינער פון די זאַמאָשטשער פאַרערער פון פרצן]

Л. Перецъ י. ל. פרץ L. Perec

וואַרשע, 19 נאָוועמבער 1891

אדוני!

בשביל המענה, אשר לי לתת לך, קצר מכתב פתוח מהשתרע, אך בשביל בן-עירי הנני עושה לפנים משורת הדין (לבלי לעשות בלי תשלומי מענה-חזרה) ועונה במכתב סגור.

שירך אשר שלחת לי לא יוכל לבא בדפוס מפני הטעמים הללו:

1) מלבד ר ג ש ח ם אין בשירך לא יופי ולא רעיון חדש. כל בעל חי מרגיש, כמו שכל בעל חי חושב מהשבות, אך כמו שהסופר, החפץ להדפיס איזה מאמר בהכמה ומדע עליו להתנשא ראשונה במחשבותיו על העם, אשר הוא חפץ ללמוד, למען יוכל למלאות את חסרונם במחשבה ולא למען הוסיף קש ותבן אל המוחות המלאות קש ותבן, כן על המשורר החפץ להרעיש לבבות ברגשותיו לתת רגש חדש או בצורתו או בהתנשאות - הרוח, או במדרגת החום והכל בערך היופי. הרגש שאתה מרגיש לירושלים ולא"י איננו נופל ואיננו גבוה מכל הרגשות של כל חובבי ציון ואם נחפוץ לקבוע רגשות כאלה בדפוס, אז יהיה מספר המשוררים כמספר הקוראים.

2) שירך מלבד זה תלוי באויר. חפצת לספר את רגשותיך לארץ הקדושה, ואל המטרה לא הגעת, כי אין בשירך מאומה מארץ הקדש, לא נוכל לדעת במה לקחה את לבבך, במה נקשרה נפשך בה? למען תוכל להבין את הדבר הזה, קח לך את שירך אשר כתבת ומבלי שנות בו אות, קרא אותו באזני אחד מחבריך באופן שתשנה אך את השם ותאמר לו כי השיר מוסב לא על ארץ ישראל, כי אם על איזה מאטרענא או מאריא, או שיינדיל או עלמה יפה אחרת, אז תשמע, כי השיר י ת כ ן מאד מאד:

טרערען פליעסען געמישט מיט בלוט
און איך בענק (נאַר) וועגען דיר
דיך פאַרגעססען קאָן איך ניט
בייא יעדען טריט פעהלסט דו מיר.

על לב מי יעלה כי פה הענין ירושלים ולא מאטרענא? ומה גם, הבא אחרי זה:

(ווייל) דוא ביסט מיין בעסטער זעגען
אין דיר הענגט מיין גאַנצעס גליק
איך ווילל קיין געלד און קיין פערמעגען
איך ווילל נאָר דיין ליעבען בליק.

„העין היפה" מוסבת ביתר שאת על איזה אילה שלוכה ולא מצודת ציון, גם הבחירה שאתה בוחר בין הכסף והאהבה נופלת יותר על ה„שדוך", שטוב לך עלמה עניה ואהבתה ויפיה מעלמה עשירה, אשר לבך רחוק ממנה. לך לדעת, כי הרגש הוא תולדת הפגישה של שני עצמים, ולפי טבע שניהם יהי טבע הרגש, וע"כ רגש בלי תואר המרחף באויר איננו מרגש לאחר, כי לא יצא מן הכח אל הפועל כהוגן. —

3) יש משקל לשיר ואתה לא תדענו. לפנים היו מחשבים את התנועות לא לעזר ולא להועיל. ע"כ המשקל, אשר למדנו כעת מיתר הלשונות העקר היה סדר התנועות לפי ההברות הקלות והחזקות, ועליך ע"כ ללמוד ראשונה את חכמת המעטריק (די לה שבוע מקרא עם עבודה) אשר תמצא בכל הלשונות.

4) החשק לכתוב והקלות לכתוב באים ע"פ הרוב לפני היכולת להודיע איזה דבר חדש, לפני הלמודים. אם חפץ אתה להשתמש בכלי, אשר אתה מרגיש, עליך ללמוד לקרוא הרבה, לשקוד על ספרים חדשים, להגית ולמלאות כרסך ממעדני הדעת, אחרי כן תעוף על ראש הפסגה (שיר) או תעלה (פראזע) ותשיר או תדבר באזני העם.

מוקירך
ל. פרץ

מחיר הביב' חלק א' (בפ"ע) 1 רו"כ 20 קאפ.
" ב' ( " ) 1 " 20 "
שניהם יחד: 2 "

החלק השני יצא לאור במהרה. —
אולי תוכל להמציא לי סוכן טוב על ספרי: ביב', ארגענטינא ועוד, אשר אוציא בקרב לאור? כתוב.

[די יידישע איבערזעצונג. —

צוליב מיין תשובה, וואָס איך דאַרף אייך געבן, וועט קאַרג זיין אַן אָפן בריוול, נאר ווי פאַר מיינעם אַ בן-עיר טו איך לפנים משורת הדין (נישט צו טון עס אָן באַצאָלס פאַר אַ צוריק-תשובה) און איך ענטפער אייך אין אַ פאַרמאַכטן בריוו.

אייער שיר, וואָס איר האָט מיר געשיקט, קאָן נישט געדרוקט זיין צוליב פאָלגנדיקע טעמים:

1) אויסער אַ וואַרעם געפיל איז אין אייער שיר נישטאָ גיט קיין שיינקייט און נישט קיין בייער געדאַנק. יעדער בעל-חי פילט, פונקט ווי יעדער בעל-חי דענקט, אָבער פונקט ווי דער שריפטשטעלער, וואָס וויל דרוקן אַן אַרטיקל איבער אַ וויסנשאַפטלעכע פראַגע, מוז זיך פריער דערהויבן מיט זיינע געדאַנקען איבער דעם פאָלק, וועמען ער וויל לערנען, כדי ער זאָל קאָנען דערגאַנצן, וואָס עס פעלט זיי אין געדאַנק און נישט גלאַט צוגעבן היי און שטרוי אין די מוחות, וואָס זענען שוין אָנגעשטאָפּט מיט היי און שטרוי, אַזוי אויך דאַרף דער דיכטער, וואָס וויל רירן הערצער מיט זיינע געפילן, געבן אַ ניי געפיל אָדער אין דער פאָרם אָדער אין דער גייסטיקער דערהויבנקייט אָדער מיט דעם פּאַטאָס און אַלץ אין דער באַציונג צו שענקייט. דאָס געפיל, וואָס איר פילט צו ירושלים און א״י איז נישט מער און נישט ווייניקער פון די אַלע געפילן פון די חובבי-ציון, און אייב מיר וועלן גיין פאַרעפנטלעכן אָט די אַלע געפילן, דאַן וועט די צאָל דיכטער מערער זיין, ווי די צאָל לעזער.

2) אייער שיר הענגט חוץ דעם אין דער לופטן. איר האָט געוואָלט דערציילן וועגן אייערע געפילן צו דעם הייליקן לאַנד, און צו דעם ציל האָט איר נישט דערגרייכט, ווייל אין אייער ליד איז נישטאָ גאָרנישט פון דעם הייליקן לאַנד. מיר קאָנען נישט וויסן מיט וואָס האָט עס גענומען אייער האַרץ, ווי אַרום איז אייער האַרץ אַזוי געבונדן מיטן לאַנד? כדי איר זאָלט קאָנען פאַרשטיין די זאַך, נעמט דעם שיר, וואָס איר האָט אָנגעשריבן, און נישט געענדערט אין אים קיין אות, לייענט אים איבער פאַר אייערן אַ חבר און איר זאָלט פאַרבייטן נאָר דעם נאָמען און איר זאָלט אים זאָגן, אַז דער שיר באַציט זיך נישט צו ארץ-ישראל, נאָר צו עפעס אַן מאטרענא אָדער מאַריאַ אָדער שיינדל אָדער עפעס אַן אַנדער שען מיידל. דאַן וועט איר זען, אַז דאָס ליד איז זייער און זייער צוגעפּאַסט:

טרערען פליעסען געמישט מיט בלוט
און איך דענק (נור) וועגען דיר
דיך פערגעססען קאָן איך ניט
ביי יעדען טריט פעהלסט דו מיר.

וועמען וועט דאָ איינפאַלן, אַז דאָ רעדט זיך וועגן ירושלים און נישט וועגן מאטרענא!

און נאָך מער, די שורות וואָס קומען נאָך דעם:

(ווייל) דוא ביסט מיין בעסטער זעגען
אין דיר העגגט מיין גאַנצעס גליק
איך ווילל קיין געלד און קיין פערמעגען
איך ווילל נור דיין ליעבען בליק.

דער „ליבער בליק" האָט מער אַ שייכות צו עפּעס אַ פיין מיידל און נישט צו ציונס-פעסטונג, און אויך דעם אויסוואַל, וואָס איר מאַכט צווישן געלט און ליבע, פּאַסט זיך מער צו צו אַ „שדוך", אַז ס'איז אייך בעסער אַן אָרעם מיידל מיט איר ליבע און שיינקייט, איידער אַ רייכע, וואָס איז אייער האַרץ פרעמד.

איר באַדאַרפט וויסן, אַז דאָס געפיל ווערט געבוירן דורך דעם באַגעגעניש פון צוויי אָביעקטן, און לויט דער נאַטור פון זייביידן איז דער כאַראַקטער פון דעם געפיל, און דעריבער אַ געפיל אָן אַ פאָרשטעלונג, וואָס שטייט פאַר די אויגן, קאָן נישט אויפגענומען ווערן דורך אַן אַנדערן, ווייל ער קומט נישט אַרויס ווי ס'דאַרף צו זיין אין אַ קאָנקרעטער פאָרשטעלונג.

פּאָעזיע האָט אַ מעטריק, און איר ווייסט וועגן דעם נישט. אַמאָל האָט מען געהאַלטן, אַז די זילבן (התנועות) זענען גאָרנישט מיט גאָר־נישט.

לויט דער מעטריק, וואָס מיר האָבן איצט געלערענט פון פרעמדע שפּראַכן איז דער עיקר דער סדר פון די זילבן לויט די לייכטע און שטאַרקע קלאַנגען. איר באַדאַרפט צוערשט אויסלערענען מעטריק (ס'איז גענוג פאַר איר אַ וואָך לייענען מיט איבונגען), וואָס איר וועט געפינען אין אַלע שפּראַכן.

4) דער ווילן צו שרייבן און די גרינקייט צו שרייבן קומען ע"פ רוב פאַר דער מעגלעכקייט צו קאָנען זאָגן עפּעס אַ ניי־

וואָרט, קומען פאר דעם לערנען. אויב איר ווילט זיך באַנוצן מיט אַ פאָרם, וואָס איר פילט, דאַרפט איר לערנען, לייענען אַ סך, זיך אָפּגעבן מיט נייע ביכער, צו דענקען און זיך אָנשטאָפּן מיט די איצטיקע וויסנשאַפטן, און ערשט דערנאָך וועט איר זיך לאָזן שוועבן אויף די שפּיץ-בערג (פּאָעזיע), אָדער גיין (פּראָזע) און זינגען און רעדן פאַר דעם פאָלק.

מיט אַכטונג
ל. פּרץ

דער פּרייז פון דער „ביבליאָטעק":

באַנד א׳ 1 ר׳ 20 קאָפּ
באַנד ב׳ 1 „ 20 „
ביידע צוזאַמען 2 רובל

דער צווייטער באַנד וועט דערשיינען אינגיכן. —

אפשר קאָנט איר מיר פאַרשאַפן עפּעס אַ גוטן אַגענט פאַר מיינע ביכער: „ביבליאָטעק", אַרגעטינע און אַנדערע, וואָס איך וועל אינגיכן אַרויסגעבן! שרייבט.]

## 15

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דעם בריוו און די עטלעכע ווייטערדיקע העברעישע בריוו האָט פּרץ געשיקט צו יעקב דינעזאָן קיין קיעוו, ווו דינעזאָן האָט געוווינט אין די יאָרן 1892—1896. עס איז שוין געווען נאָך דעם, ווי דינעזאָן האָט אַרויסגעגעבן פּרצעס ביכל „בעקענטע בילדער" (אין יאָר 1890) און נאָך דעם, ווי ס׳זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פּרצן מיט דער הילף פון יעקב דינעזאָן די ערשטע צוויי בענדער „די יודישע ביבליאָטעק" (וואַרשע 1891). אגב, אין צווייטן באַנד „די יודישע ביבליאָטעק" איז געווען געדרוקט דינעזאָנס „הערשעלע", וואָס איז שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער אויסגאַבע]

Л. Перецъ — י. ל. פרץ — L. Peretz

וואַרשוי, 27, VI. 92[18]

אינך כותב לי את סוף מעשיך בניעזין, אות הוא כי לא קבלת עוד את כספך וע"כ צר לי מאד... מאָניש לא יצא עוד מתחת „המכבש" ובצאתו יהיה מכוער מאד. מדפיס אחד יש בווארשוי ושמו ארגעלבראנד, אבל הוא סוקין-סין, והשאר כלם לשרפה.

„רועד אני כדג במים" ביום הדין של ספורי הקטנים. אשר הפך הים ליבשה יהפוך לב הקראאש [?] עלי לטובה. הביב' מוצאת חן גדול מאד מאד. אומרים כי נעלה החלק השני על הראשון מאד – 50% !

בקבלי את מכתבך „עשיתי רעש גדול", וגם טרם קבלתי אותו שפכתי את הקיטון על ראש ארגעלבראנד והשלישי יהי תחת ידינו כל עקר, והשוטה מה שעשה עשה.

ה' שולמאן חטא ואשם. אמנם שלח מחיר החלק הראשון, ולא אדע מי קבל את הכסף (תמול הייתי בבית הדואר, כתבתי מודעה כנהוג ומחר אקבל תשובה ואדע מה נעשה עם הכסף), אבל ה' שולמאן לא ענה על מכתבי. מדוע? הבשביל שהוא עשיר וסופר, ואני סופר ועני?

בקבלי את הידיעה מהפאסט אכתוב לו ואודיענו, מה נעשה עם כספו. אבל, האוכל לבקש ממנו מאמר, לבא עמו בדברים ולחכות עוד הפעם על תשובתו עד ימות המשיח? רואה אני את פניך והנם עצבים, דברי אלה לא ימצאו חן בעיניך; יהי כחפצך, אכתוב לו עתה, ח"ב שלחתי לו אתמול.

מתי תבוא? כבר נלאיתי לחכות עליך: מעצמו מובן, כי אשתי דורשת בשלומך.

אחיך
ל. פרץ

„די יידישע איבערזעצונג. –

ידידי!

דו שרייבסט מיר נישט, וואָס דו האָסט אויפגעטאָן אין ניעזין, אַ סימן, אַז דו האָסט נאָך נישט באַקומען דיין געלט, און דאָס באַדויערט איך זייער שטאַרק... מאָניש[1] איז נאָך נישט אַרויס פון דרוק,

1) נישט זייענדיק צופרידן מיט די ענדערונגען, וואָס שלום-עליכם האָט געמאַכט אין „מאָניש", בעת ער האָט עס פאַרעפנטלעכט אין דער „יודישער פאָלקס-ביבליאָטעק", האָט פרץ, ווי עס זיין אָנגעוויזן, אַרויסגעגעבן „מאָניש" אין אַ באַזונדער העפט.

און אַז ער וועט אַרויס וועט ער זיין זייער מיאוס. פאַראַן אַ געוויסער דרוקער אין וואַרשע, הייסט ער אָרגעלבראַנד, אָבער ער איז אַ גרויסער כּלב, און די איבעריקע — טויגן אַלע אויפן פייער.

איך ציטער „ווי אַ פיש אין וואַסער" פאַרן יום-הדין פון מיינע קליינע דערציילונגען[1]. דער, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם ים אין אַ טריקעניש, זאָל גוט מאַכן צו מיר קאַראַשעס (?) האַרץ. די „ביבליאָטעק" איז אַלעמען זייער שטאַרק געפעלן. מען זאָגט, אַז דער צווייטער באַנד[2] שטייט פיל העכער פונם ערשטן — 50 פּראָצענט!

ווען איך האָב באַקומען דיין בריוו, האָב איך געמאַכט אַ גרויסן טומל, און נאָך איידער איך האָב באַקומען דעם בריוו, האָב איך אויסגעגאָסן מיין שווער האַרץ צו אָרגעלבראַנדס קאָפּ, און דער דריטער[3] וועט זיין אונטער אונזער האַנט, און וואָס דער שוטה האָט אָפּגעטאָן, האָט ער שוין אָפּגעטאָן.

ה' שולמאַן[4] האָט זיך שטאַרק פאַרזינדיקט. ער האָט טאַקע געשיקט דאָס געלט פאַרן ערשטן טייל, איך ווייס אָבער נישט, ווער ס'האָט אָפּגענומען דאָס געלט (איך בין נעכטן געווען אויף פּאָסט, אָנגעשריבן, ווי דער שטייגער, אַ מודעה, און מאָרגן וועל איך באַקומען אַ תשובה און וועל וויסן, וואָס ס'איז געוואָרן מיטן געלט), אָבער

---

1) געמיינט די קליינע דערציילונגען, וואָס האָט באַדאַרפט דערשיינען אין אַ באַזונדער ביכל. —

2) אין צווייטן באַנד „די יודישע ביבליאָטעק", אַ זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע. ערשיינט צוויי מאָל יעהרליך, רעדאַגירט און הערויסגעגעבען דורך י. ל. פּרץ, וואַרשע 1891. אין צווייטן באַנד זענען צווישן אַנדערן אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע זאַכן פון פּרצן: וואָס הערט זיך (פּאָרוואָרט); בילדער און נאָוועלן: האַלט ס'מויל, מענדל בריינעס, אַ קלעזמערס טויט, ס'הערצל צאַפּלט, די אַלמנה, די לעזערין, דאָס זיבנטע בענטש-ליכטל. אין דעם באַנד איז אויך אַריין פּרצעס „בילדער פון אַ פּראָווינץ-רייזע אין טאָמאַשאָווער פּאָוויאַט אום 1890 יאָהר", מיט אַן אויפשריפט: „געווידמעט די אַלע וואָס האָבן געוואָלט, נאָר, ליידער, נישט געקאָנט העלפן" (זייטן 75—141) און „קליינע געדיכטע" פון פּרצן: אמת ושקר, דער לבנהס שוועסטער, אַ טרער, און אדום (נאָך היינע), ער און זי (אַן אַלטע היסטאָרישע פאַבל), דער כּוס (פון פּרוג), מיש-מאַש. דערנאָך אַן אַרטיקל פון פּרצן וועגן געשיכטע, פעליעטאָן פון לץ פון דער רעדאַקציע און „קריטיק וועגן פאַרשיידענע ביכער און ביכלעך" געחתמעט בן-תּמר (אויך פּרץ). —

3) דער דריטער באַנד פון דער „יודישער ביבליאָטעק" איז דערשינען ערשט אין יאָר 1894. —

4) אליעזר שולמאַן — דער באַוווּסטער העברעישער שריפטשטעלער און פאָרשער פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור (געבוירן 1838, געשטאָרבן 1904). געווען אָנגעשטעלט אין קיעוו ביי די בראָדסקים. —

ה' שולמאַן האָט נישט געענטפערט אויף מיינע בריוו. פאַרוואָס? צי דערפאַר, ווייל ער איז אַ גביר און אַ שרייבער, און איך בין אַ שרייבער און אַן אָרעמאַן?

ווען איך וועל באַקומען די ידיעה פון דער פאָסט, וועל איך אים שרייבן און מיטטיילן, וואָס מיט זיין געלט איז געשען. אָבער צי קען איך בעטן ביי אים אַ מאמר, אָנקניפּן מיט אים באַציונגען און ווידעראַמאָל וואַרטן אויף זיין ענטפער ביז משיחס צייטן? איך זע דיין פּנים, עס איז אומעטיק; מיינע ווערטער וועלן דיר נישט זיין צום האַרצן; נו, זאָל שוין זיין, ווי דו ווילסט, כ'וועל אים שרייבן איצט, דעם צווייטן באַנד האָב איך אים נעכטן אַרויסגעשיקט.

ווען קומסטו? איך בין שוין מיד געוואָרן צו וואַרטן אויף דיר. פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, אַז מיין פרוי לאָזט דיר גריסן.

דיין ברודער
ל. פרץ]

16

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף אַ פּאָסט-קאַרטל, פון וואַרשע קיין קיעוו. דער אַדרעס „ראָגנעדינסקע גאַס, הויז פון זשיוואָגליאַדאוו, נ. ד. לוריע, פאַר ה' דינעזאָן]

וואַרשע, 21 סעפּטעמבער, 1892

ידידי!

כי חלית וגם החלמת ידעתי מפי אחותך. ב... — — נראה שביב של רגש... הן דעפּעשען שלחה!!! פגשתי אותה בר"ה (בחלק הב' מהיומא אריכתא) ותשפוך את נפשה ה... לפני. מדבריה נודע לי, כי הנך עושה את עסקיה בקיוב... גם זאת אמרה לי, כי קבלת מעט כסף מב"ח וגם השאר נבטח לך, אולי ממכתבך לא אראה זאת.

מווילנא (לא מוויטעבסק) לא קבלת כסף, יען כי לא נשלחו לך: פתאום נסתם כל חזון משם, וגם אני אינני מקבל מכתב. העומד בראש הוא גאָידא ולפי מכתבו האחרון יבא הנה (לווארשוי) לדבר אתני

בנוגע למאוושיסזאן תוכל למסור את הדבר לב"ד ועוד נדבר מזה בבואך, הן מקיוב לא תצא עוד תורה. —

המגפה עומדת אחרי כתלנו. לפני יום הכפורים קרו איזה מקרים בעולם הערלים ואחרי יו"כ מתחילים המולים [?] להשתלשל. וכבר הקיפה השמיעה כי אחד מאב"י (בלשונו של וועבער) „נפל שדוד על במתי-המגפה!" (בלשונם של שאר החכמים). ואתה תלך מחיל אל חיל! אחרי ראותך את המגפה פנים אל פנים בקיוב, תשוב ותראנה בווארשוי, אבל נעשית לבלי חת, כי פעמים לא תקום צרה. (מי יודע?)

עד כה אמרנו כי הרבונו של עולם הוא פראַוואָסלאַווני, ואך את הפראוואסלאווים הוא ייצר כאשון עינו, עתה רואים אנחנו בחוש, כי הוא בורזיוא לכל משפטיו וחקותיו, כי הוא אלוה העשירים. בלובלין היתה מגפה נוראה, וגם עתה, כאשר נחלשה, היא מוציאה יום יום להרג רב, אבל מתים אך העניים, ובעלי כרס חיים ושלמים וקיימים. עד כה קרה לפעמים, כי הגבירים מתו מפחד. עתה נודע הדבר, כדבר ברור, כי המגפה הוא אך מגפה של עניים, והגבירים ששים ושמחים... ומתנדבים...

נבחרתי לסופר הקאמיטעט לעזרת העניים בזמן המגפה... מזה יהי' לי: אַ צושפּרינג צו דער פּרנסה; זאַלץ צום וואַסער אויף קאַשע.

אחיך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי!

אַז דו ביסט געווען קראַנק און דו ביסט געזונט געוואָרן, האָב איך זיך דערוווּסט פון דיין שוועסטער. אין דעם... איז קענטיק געווען אַ פונק פון מיט־געפיל... זי האָט דאָך געשיקט דעפּעשן!!! כ'האָב זי געטראָפן ראש-השנה (אין דער צווייטער העלפט פון דעם „יומא אריכתא"), און זי האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן איר גאַנץ... האַרץ. פון אירע רייד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דו פירסט אירע עסקים אין קיעוו... זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז דו האָסט באַקומען אַביסל געלט פון אַ בעל-חוב, און, אַז מען האָט דיר צוגעזאָגט אויך דאָס איבעריקע, אָבער פון דיין בריוו זע איך עס נישט אַרויס.

פון ווילנע (נישט פון וויטעבסק) האָסטו קיין געלט נישט באַ-קומען, ווייל מען האָט נישט געשיקט; מיטאַמאָל איז פון דאָרט אַלץ איבערגעריסן, און אויך איך באַקום נישט קיין בריוו. אין דער שפּיץ שטייט דאָרט גאָידאָ 1), און לויט זיין לעצטן בריוו — וועט ער קומען אַהער (קיין וואַרשע) צו ר ע ד ן מ י ט א ו נ ז.

וואָס שייך מאָווישיסזאָנען, קאָנסטו איבערגעבן די זאַך אין גע-ריכט. מיר וועלן נאָך רעדן מכּוח דעם, ווען דו וועסט קומען, וואָרום פון קיעוו וועט שוין קיין תּורה נישט אַרויס. —

די מגפה 2) שטייט הינטער אונזערע ווענט. פאַר יום-כּפּור זענען געווען עטלעכע פאַלן אין דער גוישער וועלט, און נאָך יום-כּיפּור הויבן אָן אויך די געמאַלעטע [?] צו באַקומען שלשול. און ס'איז שוין אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער פון אחינו בני ישראל (אין וועבערס 3) שפּראַך) „איז געפאַלן טויט אויף דעם מגפה-מזבח!" (אין דער שפּראַך פון די איבעריקע חכמים).

און דו גייסט פון זיג צו זיג! נאָכדעם, ווי דו האָסט געזען די מגפה פּנים אל פּנים אין קיעוו, וועסטו זי נאָכאַמאָל זען אין וואַרשע; אָבער דו ביסט געוואָרן אומבאַרירלעך, ווייל צוויי מאָל קען די צרה נישט געשען. (ווער ווייסט?)

ביז היינט האָבן מיר געזאָגט, אַז דער רבונו-של-עולם איז אַ פּראַוואָסלאַוונער, און אַז נאָר די פּראַוואָסלאַוונע היט ער אָפּ, ווי אַן אויג אין קאָפּ; איצט זעען מיר בחוש, אַז ער איז אויך אַ בור-זשוי מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַז ער איז דער גאָט פון די רייכע. אין לובלין איז געווען אַ שרעקלעכע מגפה, און אַפילו איצט, ווען זי איז שוין שוואַכער, נעמט זי אַוועק טאָג-טעגלעך פיל קרבנות. אָבער עס שטאַרבן בלויז אָרעמע לייט, און די רייכע גבירים לעבן און זענען געזונט און שטאַרק. ביז איצט פלעגט נאָך אַמאָל טרעפן, אַז די גבירים זענען געשטאָרבן פון שרעק, איצט אָבער איז שוין געוואָרן קלאָר, אַז די מגפה איז אַ מגפה פאַר אָרעמעלייט, און די גבירים פרייען זיך און... געבן נדבות...

---

1) יצחק גוידאָ (ב. גאָרין) האָט דאַן אין ווילנע אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „יידישע ביכלעך א. נ. „קליינע ערציילונגען", אין דער סעריע איז שפּעטער אַרויס אויך פּרצעס אַ ביכל-מעשות. —

2) די כאָלערע, וואָס האָט דאַן געהערשט אין רוסלאַנד. —

3) מיכל וועבער—העברעישער שריפטשטעלער, דאַן מיטאַרבעטער פון „הצפירה".

איך בין אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר פון קאָמיטעט צו העלפן די אָרעמע בעת דער מגפה[1] ...

דערפון וועל איך האָבן: אַ צושפרינג צו דער פרנסה, זאַלץ צום וואַסער אויף קאַשע. –

דיין ברודער
ל. פרץ]

17

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[וואַ־שע, אָן אַ דאַטע, אין יאָר 1892]

ידידי!

את מכתבך קבלתי במועדו וכרגע עניתי לך ונתתי את הגליון, הכתוב על כל גדותיו, במעטפה וגם מארקע הדבקתי... אך עתה לא אזכור עוד אם נשלח המכתב או נאבד ואיננו. וע"כ הנני מוכרח לכתוב לך שנית.

ראשית חכמה – לבל תשמע לעצתי אם אתננה; יודע אתה, כי לא אני היודע להלוך כנגד החיים, וע"כ נתליתי על בלימה... אחרי שני חדשים עלי לשלם שכר דירה ומוצא לכסף אין ולא יהיה; כעבור ימי החפש לתלמידי האוניווערזיטעט יהיה עלי לשלם סך 50 רו"כ שכר למודים, והביב' לא מצאה לה מהלכים עד כה ואת הספרים הקטנים מכרתי בסכום מצער מאד עד כי אין מספר–מבשת... אבל כל זה נוגע (או חודר) אל עצמי ואל בשרי, ועלי ליעץ לך.

לפי דעתי עליך לשוב לווארשוי. מוטב למוג ברעב בהיתר ולא לרחוץ בחימה [בחמאה?] באסור. עאכו"כ אם גם שם אין לך משען לחם. לחיים באסור נחוצים עצבי איש אחר, ולא עצביך, אתה תפול למשכב. לו הייתי אני תחתיך, כי אז כתבתי הרבה והבחור מאיישישאק

1) אין 1892 האָט פרץ, אגב, פאַרפאַסט אַ ביכל „ווער עס וויל נישט — שטאַרבט נישט אויף חלי-רע", אַרויסגעגעבן פון וואַרשעווער יידישן הילפס-קאָמיטעט קעגן כאָלערע. די הסכמה פון דער וואַרשעווער מעדיצין-פאַרוואַלטונג איז דאַטירט דעם 6 נאָוועמבער 1892. —

היה קורא יותר, אבל אתה לא תוכל לכתוב, כי אם בשלוה ומנוחה, וע"כ מישיבתך בקיוב לא יהנה גם הבחור מאיישישאק. לו הייתי תחתיך בקיוב, כי אז מצאתי גם תענוגים לנפש, כי ב"ס גם שם אידעאלען בעלות (ולא בעלי) עינים שחורות או עיני תכלת, אבל אתה לא תשית לב גם לזאת, ולמה אתה שם? בא לווארשוי ושב עמדי עד כמה שיתן לנו בעה"ב לשבת, לחמי - לחמך ושקויי - שקוייך. אל תשכח גם זאת, כי חב אני לך הרבה, ואם אאכילך ימים רבים לא אצא עוד ידי חובתי. יודע אתה את עקרת ביתי, כי גם היא תקבלך בעין יפה ובכל לב.

ואם רבים הם מכיריך בקיוב וחפצים המה להושיע לך, אז אחת משתי אלה: או יתנו לך מכתבי מליצה לה' פיינבערג, העומד בפ"ב בראש הקאָמיטעטען ויתן לך איזה משרה, או ישלחך לארגענטינא עם בית הדפוס או מכתב עתי (הן זה דבר נחוץ הוא שם לפעול על לבות הבאים ולא יוליכום שולל „אנשים מן הצד"), או יתנו לך מכתבי מליצה למכיריהם הסוחרים בווארשוי והם יספיקו לך איזה משרה. הלא צרכיך מועטים ובעל-סמכא אתה בנוגע להאוצר, כמלא כריק.

זאת היא עצתי, אבל עוד הפעם אזכירך, שלא איש עצות אני. ואל תדמה בנפשך, כי מקדים אני בזה לגול מעלי את האחריות בעד עצתי; באמת ובתמים אני אומר לך. אל בינתי בעולם המעשה אל תשען, פן יכשל עוזר ונפל עזר, ואם באת בין המצרים ושכלך לא יפתור שאלתך, שאל את פי מיודעיך ומכיריך שלא מעולם הספרות...

מתאונן אתה עלי, כי לא השמעתיך חדשות. הנני פותח לך את שקי, את אוצרי הטוב ורוה את עיניך במרגליות הטובות:

1) אחרי הצהרים אין לי עוד עבודה. ישנה איזה [עבודה] קטנה וקלה על איזה ימים ובמהרה בימינו אהיה חפשי כצפור מהשעה השלישית עד הערב לצאת ולראות בבנות הגן והשוקים.

2) כלנו בקו-הבריאה. תהלה לאל חי המחיה נפשות בימות הקיץ בווארשוי גם ברחובות נאַלעווקי ופראנציסקאַנסקא. בערב הנני יוצא ככל אסורי ווארשא מאור הכבשן ואהתפלא עלי, כי לא נתכתי כליל ועוד יש נשמה להפקידה ביד הקב"ה על כל הליל, ובבקר אקיץ ואתפלא על הקב"ה אשר בזמן הזה לא החמיץ את פקדונו.

3) אוכלים אצלי סאקאלאוו והד"ר מינץ, אשר שלחו את נשותיהם לרעת בשדה... הם אוכלים מעט, מדברים במתינות, צועקים לעתים רחוקות, מתוכחים על דבר החלי-רע, העומד אחת כתלינו ומספרים חדשות, אשר אקרא ביום מחר בהצפירה.

4) בעד מודעות החילותי לכתוב להצפירה. כתבתי: 1) בקרת על ספרו של ווייסברעם והוא עודנו „כעזות-מחוצף פנים", ולא תפן, כי הצדק אתי. 2) פעליעטאָן: „רחמי אכזרים" כמענה לו בפרט ולכל „הרה"ש של הספרות" בכלל. וגם פעליעטאן 3) עיר המתים, אשר יודפס היום, ערב שבת קדש, פרשת אינני יודע. מלבד זה 4) מחלקת לשם הפאטריאטיזם (הראשון), אשר לא הבינו הקוראים הפשוטים והקוראים-הסופרים על אחת כמה וכמה.

N B חפץ אני לכתב גם להמליץ מדי-שבוע בעבור מודעות, אך חכיתי על בואך ואתה תציע את „העסק" לפני המליץ. אם תאבה תכתוב משם התנאים: מחיר מאמרי–מחיר „הגדולים"; מחיר המודעות–בנכיון ראבאט הגון. מותר להמו"ל „להשיב אחור", אך לא לתקן, לגרוע ומה גם להוסיף.

5) כהנובסקי הוציא לאור אחרי „המלשין" ספר „מטרפליון".

6) כהנובסקי גם זינגער חוקרים ודורשים אותי ואת מכירי, אם לא שמתי אותם למטרה לחצי („רחמי אכזרים"), וכל אחד ואחד מהם מעורר את רעהו, כי הוא בעל הדמות. ברחמי אכזרים נזכרו: מלשין ומשורר בפשוטם כמשמעם, אבל „על ראש הגנבים בוערת המצנפת", וכהנובסקי מתירא מן „המלשין" וזינגר מתחולל מן „המשורר", וכל אחד מהם ישות לי, בפגשו אותי, בחוקות [?], אשר חלקו מחמאות ומביאות לידי הקאה...

7) שולדבערג אומר כי חייבים אנחנו לו 20 רובל! איככה? לא חפצתי לראות את החשבון, עד בואך.

8) „בעקענטע בילדער" ספו תמו... (אולי תוכל לשלוח מהנמצאים אצלך בקיוב?) ולשנים שלשה שואלים אני עונה בגאון: „ספו תמו ובעזהי"ת יוצא לאור שנית".

9) חושד אני את אחת השפחות אשר בבית, שאני גר בו, כי היא „מטילה ריאה" (כן?) על בני.

10) קבלתי זה ימים רבים מכתב מהגבירה מאגידאוויטש (או מגיד'אוויטש) בתודה-קרירה מאד מאד... ת"ח שמחל על כבודו אין כבודו מחול, והאשה, ומה גם אשת חבר, לא תמחול לעולם.

יש לך חדשות כמספר עשרת השבטים: מיין ליעבכען וואָס ווילסטו דוא נאָך מעהר?

בנוגע למאמרו של ה' שולמאן הנני מקבלו בכל לב ונפש ומדפיסו בלי שנוי ותמורה יתיר או חסר. תוכל להבטיחו בשמי ושמך יחד.

הגד נא לי: מה שלום קיוב? מה „אומר" ווייסבערג? איה מז"ח?

ב. היה בווארשוי ולא מצא חן בעיני... היה אצלי שתי פעמים ובפעם השלישית לא מצאני ויעזוב כרטיסו... קרא באזני מאמרי זיארגאן ו„הכל כאשר לכל"—O גדול, גבור ונורא. — נקודה אחת ישנה בתוך האדם הזה והוא — גרוש (גראָשען), וכל מאוויו, דבריו, מעשהו, כתיבתו, תנועותיו, יוצאים ושרים מואל הנקודה הזאת. גרוש אחד ולא מאת אלף רו"כ, גרוש אחד ולא סוסים, גנים, פרדסים, נשים יפות, טעאטר וכו'. אלא גרוש במזומן פשוטו כמשמעו, בשבילו יפשוט נבלה בשוק וגם יונה אשה זונה... גם כן פשוטו כמשמעו. דברי אלה, עכ"פ האחרונים, יהיו לך כספר החיים, אבל המפרש חי וכבאך יפריש את השמלה לגעל נפשך.

„הביב' איננה הולכת", ה„קטנים" אינם זוחלים, הבטחתי לכתוב בשביל בן אביגדור, אבל כיון שהבטחתי, העט נופל מידי ולא אוכל לכתוב מאומה, וגם הפרוטה האחרונה לא אזלה עוד מכיסי ועוד הזון למועד.

לפי הנשמע גם הוצאות בין אביגדור אינן זוחלות עוד כמקודם.

סוף דבר אין חדשות, אין טובות, אין ישועות ונחמות ואין תקוות לעתיד לבא...

בני העיט אשר עטו על פגרי פאַלעסטינא פנו לה עורף לרדוף אחרי פגרי ארגענטינא... להם — חוטם! הם י ו ד ע י ם להלוך כנגד החיים. —

צר לי מאד מאד על ספורי הקטנים, אך מה אעשה? לו היה לאל ידי להדפיסם בחוץ לארץ! אל תחזירם חנם עד בואך, עוד אפנה לראות את הפגרים, לבכות את חללי. הנני מתחיל לסדר את הח"ג, אך בלעדיך איש אובד עצות אני, ואינני מוצא את ידי ורגלי.

לא אוכל להבין מדוע לא תוכל להוציא את הגזלה מיד עושקך? כפי אשר אזכור ישנן בידיך ראיות מהימנות, ומה נהיה? איך נפל דבר?

אם קבלת גם את מכתבי הראשון, אז תראה ההבדל ביניהם; זוכר אני, כי בכתבי את הראשון היה לבי רך כשמן במקום אחד וחזק מצור במקום שני.

עבד עצבי אנכי, וכל אשר אוציא מתחת ידי יליד עצבים הוא.

אולי ישנם סופרים בקיוב.

ומה דעתך: לשלוח לשעפטעל קאָמיס? כמה? על איזה תנאים?

והנני אהבך ומוקירך

אשתי ובני דורשים בשלום. ל. פ ר ץ

[אויף דער פערטער זייט פון דעם גרויסן בריוו, איז נאָך פארבליבן נישט דערשריבן אַ דריי פערטל זייט, האָט פּרץ צוגעשריבן די באַוווּסטע ווערטער „כדי שלא להוציא הנייר חלק", און אראָפּגע־צויגן אַ ליניע ביז אַראָפּ זייט].

[די יידישע איבערזעצונג

ידידי!

דיין בריוו האָב איך דערהאַלטן אין דער ריכטיקער צייט, און כ'האָב באַלד דיר געענטפערט, אַריינגעלייגט דאָס בויגעלע פּאַפּיר, פאַרשריבן פון אַלע זייטן, אין אַ קאָנווערט און אויך אַרויפגעקלעפּט אַ מאַרקע... אָבער איצט קען איך זיך נישט דערמאָנען, צי דער בריוו איז אַרויסגעשיקט, אָדער ער איז גאָר פאַרפאַלן געוואָרן און איז נישטאָ. דעריבער בין איך געצוווּנגען דיר צו שרייבן נאָכאַמאָל.

ראשית חכמה — זאָלסט נישט פאָלגן מיין עצה, אויב איך וועל זי דיר געבן; דו ווייסט, אַז נישט איך בין דער מענטש, וואָס ווייס ווי צו באַגיין זיך אין לעבן, און דעריבער הענג איך אין רוים... אין צוויי חדשים אַרום דאַרף איך באַצאָלן דירה־געלט, און פונוואַנען צו קריגן געלט איז נישטאָ און וועט נישט זיין; נאָכדעם ווי ס'וועלן זיך ענדיקן די פעריען פאַר אוניווערזיטעט־סטודענטן, דאַרף איך באַ־צאָלן 50 רובל שכר־לימוד, און די ביבליאָטעק האָט ביז איצט נישט געפונען קיין אָפּנעמער, און די קליינע ביכלעך האָב איך פאַרקויפט פאַר זייער אַ נישטיקן פּרייז, אַז איך קען דיר פאַר חרפּה פּשוט נישט אָנרופן דעם פּרייז... אָבער דאָס אַלץ רירט אָן (אָדער דרינגט אַריין) אין מיר און אין מיין לייב, און איך דאַרף דיר גאָר געבן אַן עצה.

לויט מיין מיינונג, דאַרפסטו זיך אומקערן קיין וואַרשע. בעסער אויסצוגיי'ן פון הונגער בהיתר, איידער באָדן זיך אין פוטער באסור, בפרט אַז דאָרט האָסטו אויך נישט קיין זיכערן ברויט. כדי צו לעבן אָן רעכט, דאַרף מען האָבן אַנדערע נערוון, נישט דיינע, דו קענסט נאָך קראַנק ווערן. ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט, וואָלט איך גע־שריבן אַ סך, און דער בחור פון איישישאָק וואָלט מערער געלייענט, אָבער דו קענסט נישט שרייבן אַנדערש, סיידן אין רו און שטילקייט, און דעריבער וועט אויך דער בחור פון איישישאָק קיין הנאה נישט האָבן פון דיין זיצן אין קיעוו. ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט

אין קיעוו, וואָלט איך געפינען אויך תּענוגים פאַר דער נשמה, ווייל דאָרט זענען אויך דאָ אידעאַלן, וועלכע פאַרמאָגן שוואַרצע אָדער בלויע אויגן, אָבער דו לייגסט דאָך דערויף אויך קיין אַכט נישט, צו וואָסזשע זיצסטו דאָרט? קום קיין וואַרשע און זיך צוזאַמען מיט מיר, ווי לאַנג דער באַלעבאָס וועט אונז לאָזן וווינען, מיין ברויט וועט זיין דיין ברויט און מיין געטראַנק — דיינער. פאַרגעס אויך נישט, אַז שולדיק בין איך דיר אַ סך, און אַפילו אויב דו זאָלסט ביי מיר עסן זייער לאַנג, וועל איך נאָך אַלץ נישט דעקן דיר מיין חוב. דו קענסטו דאָך מיין פרוי, אַז זי וועט דיך אויך אויפנעמען גאַסטפריינטלעך און מיטן גאַנצן האַרצן.

און אויב דו האָסט אין קיעוו אַ סך באַקאַנטע, און זיי ווילן דיר אַרויסהעלפן, איז איינס פון די ביידע: אָדער זאָלן זיי דיר געבן רעקאָמענדאַציע-בריוו צום ה׳ פיינבערג, וועלכער שטייט אין שפיץ פון קאָמיטעט פון פ״ב [פעטערבורג], ער זאָל דיר געבן אַ שטעלע; אָדער זאָלן זיי דיך שיקן קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט אַ דרוקעריי אָדער צייטונג (עס איז דאָך זייער נויטיק דאָרטן צו ווירקן אויף די וואָס קומען אַהין, כּדי „מענטשן פון דער זייט״ זאָלן זיי נישט פאַרפירן), אָדער זאָלן זיי דיר געבן רעקאָמענדאַציע-בריוו צו זייערע באַקאַנטע סוחרים אין וואַרשע, מען זאָל דיר שאַפן עפּעס אַ שטעלע. דיינע באַדערפענישן זענען דאָך קליין, און אַ בר-סמכא בנוגע קאַסע-ענינים ביסטו דאָך. — — —

אָט דאָס איז מיין עצה, איך דערמאָן דיר אָבער נאָכאַמאָל, אַז איך בין נישט קיין מענטש פון עצות-געבן. דו זאָלסט נישט מיינען, אַז איך בין דערמיט אויסן באַצייטנס אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די אחריות פאַר מיין עצה; איך זאָג עס דיר באמת און ערלעך: אויף מיין פאַרשטאַנד אין פּראַקטישע ענינים זאָלסטו זיך נישט שטיצן, ווייל דו קענסט געשטרויכלט ווערן, און אויב דו ביסט געקומען אין אַ טעמפּן ווינקל, און דיין שכל קען נישט ענטפערן אויף דיינע פראַגן, דאַן פרעג ביי דיינע באַקאַנטע, וועלכע געהערן נישט צו דער ליטעראַרישער וועלט...

דו קלאָגסט זיך אויף מיר, פאַרוואָס כ׳האָב דיר נישט געלאָזט הערן קיין נייעס. אָט עפן איך דיר אויף מיין זאַק, מיין טייערן אוצר, און דו שטיל דעם דורשט פון דיינע אויגן מיט די טייערע פערל:

1) נאָכמיטאָג האָב איך מער קיין אַרבעט נישט. ס'איז נאָך פאַראַן אַ קליינע, לייכטע אַרבעט אויף עטלעכע טעג, און גאָר אינגיכן וועל איך ווערן פריי ווי אַ פויגעלע פון דריי אַ זייגער אָן ביזן אָוונט, צו גיין קוקן אויף די טעכטער פון גאָרטן און פון די בולוואַרן.

2) מיר זענען אַלע געזונט, אַדאַנק דעם אויבערשטן, וועלכער שפּייזט די נפשות אין די זומער-טעג אין וואַרשע אויך אויף נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער. אין אָוונט גיי איך אַרויס, ווי אַלע וואַרשעווער געפאַנגענע פונם קעסל, און איך וווּנדער זיך, וואָס איך בין נישט אינגאַנצן צעקאָכט געוואָרן און וואָס איך האָב נאָך אַ נשמה איבער-צוענטפערן זי אין די הענט פון הקדוש-ברוך-הוא „אויף אַ גאַנצע נאַכט". און אינדערפרי: כאַפּ איך זיך אויף און איך וווּנדער זיך אויף גאָט, וואָס ער האָט אין אָט דער צייט נישט פאַרלאָזט און פאַרגעסן זיין פקדון.

3) ביי מיר עסן סאָקאָלאָוו און ד"ר מינץ, וועלכע האָבן געשיקט זייערע ווייבער „פּאַשען זיך אין פעלד"... זיי עסן ווייניק, רעדן געלאַסן, לאַכן זייער זעלטן, פירן וויכּוחים בנוגע דער כאָלערע, וואָס שטייט הינטער אונזערע ווענט, און דערציילן נייעס, וואָס איך לייען צומאָרגנס אין „הצפירה".

4) איך האָב פאַר אַנאָנסן אָנגעהויבן צו שרייבן אין „הצפירה"; כ'האָב אָנגעשריבן: 1) אַ קריטיק וועגן ווייסבערעמס בוך, אויף וואָס ער האָט מיר געענטפערט, ווי אַן „עזות-מחוצף-פּנים", און דו צווייפלסט דאָך נישט מסתמא, אַז גערעכט בין איך; 2) אַ פעליעטאָן „רחמי אכזרים" אַלס ענטפער אים בפרט און אַלע „רח"ש פון דער ליטע-ראַטור" בכלל, און 3) אויך אַ פעליעטאָן („עיר המתים" – „די מתים-שטאָט"), וואָס ווערט היינט געדרוקט, ערב שבת-קודש, וועלכע פּרשה ווייס איך נישט. חוצדעם „מחלוקת לשם פּאַטריאָטיזם" (ערשטער), וואָס די פּשוטע לעזער האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, און די לעזער די שרייבער אַוודאי און אַוודאי נישט.

N. B. איך וויל אויך שרייבן יעדע וואָך אין „המליץ" פאַר אַנאָנסן, איך וואַרט אָבער אויף דיר, דו זאָלסט דעם „עסק" פאַרלייגן דעם „המליץ". אויב דו ווילסט, שרייב פון דאָרטן. די באַדינגונגען: דער פרייז פון מיין מאמר – ווי דער פרייז פאַר „גדולים"; דער פרייז פון די אַנאָנסן – מיט אַ גרויסן ראַבאַט; דער רעדאַקטאָר מעג „אָפּשיקן צוריק", אָבער נישט פאַרריכטן, פאַרמינערן אָדער פאַרגרעסערן.

5) כהנובסקי[1]) האָט אַרויסגעגעבן נאָך דעם „המלשין“ אַ בוך „מטרפּלין“.

6) כהנובסקי און זינגער[2]) פרעגן זיך נאָך ביי מיר און ביי מיינע באַקאַנטע, צי האָב איך נישט זיי אַמאָל געגומען ווי אַ ציל פאַר מיינע פיילן („רחמי אכזרים“), און יעדערער פון זיי רעדט איין דעם צווייטן, אַז אים מיינט מען עס. אין די „רחמי אכזרים“ ווערן דערמאָנט: אַ מלשין און אַ משורר, פּראָסט-פשוט, אָבער „אויפן גנב ברענט דאָך ס׳היטל“, האָט כהנובסקי מורא פאַרן „מלשין“ און זינגער ציטערט פאַרן „משורר“. און ווען איך באַגעגן עמעצן פון זיי, חנפעט מיר יעדערער מיט פוטער-חניפהלעך, וואָס עקלען ביז צום ברעכן...

7) שולדבערג[3]) זאָגט, אַז מיר זענען אים שולדיק 20 רובל! ווי אַזוי? כ׳האָב נישט געוואָלט זען דעם חשבון, ביז דו וועסט קומען.

8) די „בעקענטע בילדער[4])“ זענען אויספאַרקויפט... (אפשר קענסטו מיר צושיקן פון די, וואָס געפינען זיך ביי דיר אין קיעוו?) און די צוויי-דריי, וועלכע פרעגן זיך דערויף נאָך, ענטפער איך שטאָלץ: „אויסגעגאַנגען און מיט גאָטס הילף וועלן מיר אַרויסלאָזן אַ צווייטע אויפלאַגע“.

9) איך בין חושד איינע פון די דינסטמיידלעך, וואָס געפינען זיך אין שטוב, ווו איך וווין, אַז זי וואַרפט אַן אויג אויף מיין זון.

10) כ׳האָב באַקומען שוין מיט אַ צייט צוריק אַ בריוו פון דער מאַדאַם מאַגידאָוויטש (אָדער מגיד׳אָוויץ) מיט זייער, זייער אַ קאַלטן דאַנק... אַ תלמיד-חכם, וואָס איז מוחל אויף זיין כבוד, איז זיין כבוד נישט געשענקט, און אַ פרוי, בפרט נאָך אַ ווייב פון אַ תלמיד-חכם, וועט דיר קיינמאָל נישט מוחל זיין.

אָט האָסטו דיר נייעס לויט דער צאָל פון די צען שבטים: „מיין ליבכען, וואָס ווילסט דו נאָך מער“?

וואָס שייך דעם מאמר פון ה׳ שולמאַן, נעם איך אים אָן מיטן גאַנצן האַרצן, און איך דרוק אים אָן ענדערונג, אָן צוגאָבן און אָן קיצורים. קענסט אים פאַרזיכערן אין מיין און דיין נאָמען.

1) העברעישער שריפטשטעלער, פאַרפאַסט אַ ריי לערנביכער און דערציילונגען.

2) אברהם זינגער, העברעישער און יידישער שריפטשטעלער (1864—1920). —

3) אַ דרוקער אין ווארשע, וואָס האָט געדרוקט פּרצעס אויסגאַבעס. —

4) אַ זאַמלונג דערציילונגען פון פּרצן, וואָס י. דינעזאָן האָט אַרויסגעגעבן אין 1890.

זאָג מיר נאָר: וואָס מאַכט עפּעס קיעוו? וואָס „זאָגט" ווייסבערג? ווו איז מז"ח?

ב. איז געווען אין וואַרשע און איז מיר נישט געפעלן געוואָרן... ער איז געווען ביי מיר צוויי מאָל און צום דריטן מאָל האָט ער מיך נישט געטראָפן אין דערהיים און געלאָזט זיין וויזיט-קאַרטע... ער האָט מיר פאָרגעלייענט זיינע מאמרים אין זשאַרגאָן, „והכל כאשר לכל" — אַ נול, אַ גרויסער, מעכטיקער און מוראדיקער. — איין פּינטעלע איז פאַראַן אין אָט דעם מענטשן, דהיינו — דער גראָשן, און אַלע זיינע פאַרלאַנגען, רייד, מעשים, שרייבעכץ, באַוועגונגען, אַלץ גייט און קומט פון און צום דאָזיקן פּינטעלע. איין גראָשן — און נישט קיין הונדערט טויזנט רובל; איין גראָשן און נישט קיין פערד, גערטנער, סעדער, שיינע פּרויען, טעאַטער א. ד. גל., נאָר אַ מזומענער גראָשן, פּראָסט-פּשוט; צוליב אים וואָלט ער אָפּגעשינדן אַ נבלה אין גאַס און וואָלט אַפילו פאַרפירט אַ גאַסן-פרוי... אויך פשוטו כמשמעו. מיינע דאָזיקע ווערטער, יעדנפאַלס די לעצטע, זאָלן זיין פאַר דיר אַ וועגווייזער, אָבער דער בעל-דבר לעבט, און אַז דו וועסט קומען, וועט ער אויסשפּרייטן פאַר דיר דאָס קלייד, און עס וועט דיך אַזש עקלען.

די „ביבליאָטעק" גייט נישט, די „קליינע" קריכן נישט; כ'האָב צוגעזאָגט אָנצושרייבן פאַר בן-אביגדורן, נאָר אַזוי-ווי כ'האָב צוגעזאָגט, פאַלט מיר די פעדער אַרויס פון האַנט און איך קאָן גאָרנישט נישט שרייבן, דערצו איז די לעצטע פּרוטה נאָך נישט אויסגערינען פון מיין טאַש, און עס איז נאָך דאָ צייט.

ווי עס איז צו הערן, קריכן אויך בן-אביגדורס אויסגאַבעס[1] נישט ווי אַמאָל.

דער סוף איז, אַז קיין נייעס איז נישטאָ, קיין גוטס איז נישטאָ, קיין ישועות ונחמות נישטאָ און ס'איז אויך נישטאָ קיין האָפענונג אויף דער צוקונפט... די קראָען, וועלכע זענען אָנגעפליען אויף די פּגרים פון פאַלעסטינע, האָבן זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן, כדי נאָכצולויפן די פּגרים פון אַרגענטינע... זיי האָבן — אַ נאָז! זיי ווייסן, ווי צו גיין אַנטקעגן דעם לעבן.

עס איז מיר אַ גרויסער שאָד אויף מיינע קליינע דערציילונגען, נאָר וואָס קען איך טאָן? ווען איך וואָלט קאָנען דרוקן זיי אין אויסלאַנד! קער מיר זיי נישט אום איידער דו קומסט, איך וועל נאָך

1) העברעישע ביכלעך א. נ. „ספרי-אגורה" צו ביליקע פּרייזן. —

באַווייזן צו זען די פגרים, צו באַוויינען מיינע קרבנות. איך הויב שוין אָן צוזאַמענשטעלן דעם דריטן טייל[1], אָבער אָן דיר בין איך אומבאַהאָלפן און איך געפין נישט מיינע הענט און פיס.

איך קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דו קענסט נישט אַרויסקריגן די גזלה פון דיין רויבערס האַנט? אויף וויפל איך געדענק, האָסטו דאָך אין האַנט שטאַרקע באַווייזן, און וואָס וועט זיין? וואָס איז געשען?

אויב דו האָסט דערהאַלטן אויך מיין ערשטן בריוו, וועסטו זען צווישן זיי דעם אונטערשייד; איך געדענק, אַז בעת כ'האָב געשריבן דעם ערשטן בריוו, איז מיין האַרץ געווען ווייך ווי בוימל אין איין אָרט, און שטאַרקער פון אַ פעלז אין אַ צווייטן אָרט.

איך בין אַ קנעכט ביי מיינע נערוון, און אַלץ, וואָס איך לאָז אַרויס פון מיין האַנט, איז אַ פּראָדוקט פון די נערוון.

אפשר זענען פאַראַן שרייבער אין קיעוו?

און ווי איז דיין מיינונג: זאָל איך שיקן צו שפּעטעלן קאָמיס? וויפל? אויף וועלכע באַדינגונגען?

והנני אחיך ומוקירך

מיין ווייב און זון גריסן דיר. י. ל. פּרץ

כדי נישט צו לאָזן קיין פריי שטיק פּאַפּיר...

(דאָ קומט אַ לאַנגער שטריך איבער דער גאַנצער זייט).]

*18*

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

Л. Перецъ י. ל. פּרץ L. Perec

[אָן אַ דאַטע]

ידידי!

שלשם קבלתי את מכתבך ולא עניתי לך עד היום, יען־יען כי כי לא אוכל לכתוב...

עמוק עמוק בחדרי לבבי ישנו פצע עתיק־יומין ולפעמים מבלי משים יפתח, ואז יזוב לבבי דם ואני לא אדע נפשי.

---

1) דער דריטער באַנד פון „דער יודישער ביבליאָטעק". —

אך הרגעים עברו ושערי-החושים פתוחים לרוחה לקבל את הרע מכל עבר ופנה.

ממכתבך רואה אני, כי אזל הכסף מכיסך. מבקש אתה ממני ללכת אל מאָוושיסזאן, אך אני לא אוכל לעשות את חפצך זה... אני לא אוכל להיות למאוושיסזאן בשום אופן כנושה; נושה הוא באחי (וכמו בי, כי אני הייתי באמצע) סכום גדול מסכומך, ומה אענה לו אם יאמר: תן על חשבוני? ואחי הוא עתה במצב נורא... תוכל להבין את מצבו, אם אני שלחתי לו 25 רוב"ל וד"ל... אדמה, כי כאשר תבוא הנה יפרע לך, אך לא ע"י מלאך ולא ע"י שליח. חשבתי מחשבות הרבה לשלוח אחר תחתי, אך לא מצאתי איש כלבבי. עצתי, שתשאל אצל אחד ממיודעיך איזה רו"כ ותשוב הנה. אם לא תאבה, כתוב לי ואני אשתדל להשיג איזה סכום בהלואה; מובטח אני, כי כאשר תבוא הנה נוכל למכור איזה סכום עקזעמפלאַרן, כי מיום נסעך מפה לא מכרתי אף אחד למ"ס, כי אני אינני יודע אותם מכל וכל, וגם הם אינם יודעים אותי.

כל זמן שהיו מודעות ב„הצפירה" מכרתי לאחדים כמעט בכל שבוע איזה עקזעמפלאַרן; עתה חדלו המודעות, כי חדלתי מכתוב, או טוב מזה – הצפירה חדלה מהדפיס. הספור האחרון „שמעיה הגבור" לא מצא חן בעיני החסידים, וחז"ס קבל איזה מכתבי מחאה, ויערוך גם הוא מחאה כנגדי ויתלה את הקולר בסאקאלאוו.

אינך קורא את הצפירה ואינך יודע עד כמה גדלה אי-בשת הכלב הזקן והשוטה הזה. אמנם, מבטיחך אני, כי לא הרגשתי שום צער מזה; נהפוך הוא, ביום קראי את ההערה הקצרה של חז"ס, כי „שמעיה הגבור" הוא ע"ח סאקאלאווו שמחתי מאד מאד, אבל לכתוב אי אפשר ואם אכתוב לא ידפיסו.

כן איני מקבל ממך מענה אודות הצעתי לכתוב להמליץ; לא אדע אם כתבת להרעד. או לא כתבת כלל מזה. אני ראה את המודעות כדבר נחוץ מאד, אבל לא אתפלא כל עקר, אם לא יאבה המליץ לתת לי מודעות מחיר ספורי.

נוכחתי לדעת כי הקוראים העבריים הם רעים מאד מהזארגאניים, בפרט החסידים דפה הם כבוגרת זקנה, אשר לא תוכל נשא דבר וחצי דבר, לא תחפוץ במתהלות וחדודין ויראה היא מן התהלות פן דברים בגו. יודעת היא הבלה הזאת, כי אין בה אף מתום עדנה, ואם יהללוה

אות היא כי דבר בליעל יצוק בזה. וכן הי׳ עם שמעי׳ הגבור, וכן יהי׳ לעולמים.

ראה אני בעליל ששני הזקנים צעדערבוים ולהבדיל חז״ס יעמדו על דרכי כל ימי חייהם, וכל ימי חייהם הם חיי וחייך וחיי סאקאלאוו ועוד תוכל לשות נוספות. עוד ישאו החמורים הזקנים על שכמם את פגרי הבריאים.

בנוגע לארגענטינא לפ״ב סאקאלאוו עוד חזון למועד, ועתה אין כשרון למעשה כזה.

מתי תבוא?

אשתי ובני דורשים בשלומך בכל לב, והחדר ריק בשבילך.

אחיך ל. פרץ

הנני מקצר, כי אינני עוד בקו הבריאות המוסרית, וד״ל.

[די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי!

כ׳האָב דיין בריוו דערהאַלטן אייערנעכטן, און האָב דיר נישט געענטפערט ביז היינט, ווייל — — ווייל איך קען נישט שרייבן...

טיף, טיף אין מיין האַרצן איז פאַראַן אַן אַלטע ווונד, און טיילמאָל עפנט זי זיך אָן קיין סיבה, און דעמאָלט ווערט מיין האַרץ באַגאָסן מיט בלוט, און איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר קומט פאָר...

נאָר די מינוטן זענען אַריבער, און די טויערן פון מיינע חושים שטייען אָפן אויפצונעמען דאָס שלעכטס פון אַלע זייטן און ווינקלען.

פון דיין בריוו זע איך, אַז דו ביסט געבליבן אָן אַ גראָשן געלט. דו בעטסט מיך, איך זאָל אַריינגיין צו מאָווּשיסזאָנען, נאָר איך קאָן נישט דערפילן דעמדאָזיקן פאַרלאַנג דיינעם... איך קאָן בשום-אופן נישט אַריינגיין צו מאָווּשיסזאָנען ווי אַ מאָנער, ער מאָנט ביי מיין ברודער (און אויך ביי מיר, ווייל איך בין דאָ אינמיטן) אַ גרעסערע סומע ווי דיינע, און וואָס וועל איך אים ענטפערן, אויב ער וועט מיר זאָגן: גיב אויף מיין חשבון? און מיין ברודער איז איצט אין אַ שרעקלעכן מצב... קענסט פאַרשטיין זיין לאַגע, אַז איך האָב אים געשיקט 25 רובל, און וד״ל [ודי לחכימא ברמיזא]... איך מיין, אַז ווען דו וועסט קומען אַהער, וועט מען דיר באַצאָלן, אָבער נישט דורך קיין מלאך און נישט דורך קיין שליח. כ׳האָב געקלערט לאַנג, אפשר

צושיקן צו אים אַן אַנדערן אויף מיין אָרט, האָב איך אָבער נישט געפונען דעם מענטשן, וואָס זאָל מיר זיין צום האַרצן. מיין עצה איז, דו זאָלסט באָרגן ביי איינעם פון דיינע באַקאַנטע עטלעכע רובל און זאָלסט קומען אַהער. אויב דו ווילסט נישט, שרייב מיר, וועל איך זיך באַמיען צו קריגן אַ געוויסע סומע א הלואה; איך בין זיכער, אַז ווען דו וועסט אַהער קומען, וועלן מיר קענען פאַרקויפן אַ געוויסע צאָל עקזעמפּליאַרן, ווייל זינט דו ביסט אָפּגעפאָרן פון דאַנען, האָב איך קיין איינעם נישט פאַרקויפט צו קיין מוכר-ספרים, ווייל איך קען זיי נישט, און זיי קענען מיך אויך נישט.

כל-זמן עס זענען געווען אַנאָנסן אין „הצפירה״, האָב איך איינ־ציקוויז פאַרקויפט אַביסל עקזעמפּליאַרן כמעט יעדע וואָך; איצט האָבן זיי אויפגעהערט געבן אַנאָנסן, ווייל איך האָב אויפגעהערט צו שרייבן, אָדער ריכטיקער — די „הצפירה״ האָט אויפגעהערט צו דרוקן. די לעצטע דערציילונג „שמעיה דער גבור״ האָט נישט נושא-חן געווען ביי די חסידים, און חז״ס האָט באַקומען עפּעס פּראָטעסט-בריוו, האָט ער אויך קעגן מיר געמאַכט אַ פּראָטעסט און האָט אַרויפגעוואָרפן די שולד אויף סאָקאָלאָוון.

דו לייענסט נישט די „הצפירה״, און דו ווייסט נישט, ווי ווייט עס איז גרויס די אומפאַרשעמטקייט פון דעמדאָזיקן אַלטן, נאַרישן כלב. אמת, איך פאַרזיכער דיך, אַז איך האָב נישט געהאַט דערפון קיין עגמת־נפש; פאַרקערט, ווען איך·האָב געלייענט די קורצע באַמערקונג פון חז״ס, אַז „שמעיה דער גבור״ גייט אויף סאָקאָלאָווס חשבון, האָב איך זיך זייער, זייער געפרייט, אָבער מיר איז אוממעגלעך צו שרייבן, און אויב איך וועל שרייבן, וועלן זיי נישט דרוקן. —

איך באַקום אויך נישט קיין ענטפער פון דיר בנוגע מיין פאַר־שלאַג צו שרייבן אין „המליץ״; איך ווייס נישט, צי האָסטו געשריבן אין דער רעדאַקציע אָדער דו האָסט גאָר נישט געשריבן. איך האַלט די אַנאָנסן פאַר אַ וויכטיקע זאַך, איך וועל זיך אָבער לחלוטין נישט ווונדערן, אויב דער „המליץ״ וועט מיר נישט וועלן געבן קיין אַנאָנסן פאַר מיינע דערציילונגען.

איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די העברעיש-לייענער זענען אַסאַך ערגער פון די זשאַרגאָנישע, דער עיקר די היגע חסידים; זיי זענען ווי אַן אַלטע בוגרת, וועלכע קען נישט פאַרטראָגן קיין וואָרט און האַלבן וואָרט, זי האָט פיינט ליבע-געזאַנגען און קאָמפּלימענטן און זי

האָט מורא פאַר די שבחים, טאָמער ליגט אין דעם עפּעס אַ מיין. זי ווייסט, די אָפּגעפּאָרענע, אַז קיין ביסל יוגנט פאַרמאָגט זי אַפילו נישט, און אויב מען רימט זי, איז אַ סימן, אַז אין דעם ליגט עפּעס אַ מיאוס שפּיצל. און אַזוי איז געווען מיט „שמעיה דעם גבור", און אַזוי וועט זיין שטענדיק.

איך זע קלאָר, אַז אָט די צוויי אַלטע צעדערבוימס[1] און, להבדיל, חז"ס[1] וועלן, זינט זיי וועלן לעבן, שטיין מיר אין וועג. און זייער גאַנץ לעבן איז דאָך מיין לעבן און דיין לעבן און סאָקאָלאָווס לעבן און דו קענסט נאָך צוגעבן אַסאַך. דידאָזיקע אַלטע עזלען וועלן נאָך טראָגן אויפן אַקסל די פּגרים פון די געזונטע.

בנוגע אַרגענטינע, פּ"ב און סאָקאָלאָוו, איז נאָך צייט, און איצט איז נישטאָ די פּאַסיקע געלעגנהייט דערצו.

ווען קומסטו?

מיין פרוי און מיין זון גריסן דיך האַרציק, און דאָס צימער שטייט ליידיק פאַר דיינעטוועגן.

דיין ברודער
ל. פּרץ

איך בין מקצר, ווייל איך פיל זיך נישט גייסטיק געזונט. וד"ל]

## 19

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

Л. Перецъ · י. ל. פּרץ · L. Perec

ידיד נפשי!

את מכתבך כתבתי [קבלתי] אתמול, ולא יכולתי לענות לך עד היום.

לדברי... לא נתתי אמון אף רגע, אף כי בתה, אשר טרם שמנה, עבה, עמדה על יד ימינה ותעד באומר ובדמע. מאמין אני בחכמת הפרצוף!.. נדמה לי תמיד לעששית גדולה של שמן, אשר פתילתה נדעכה מרוב.. שמן.

1) די רעדאַקטאָרן פון „המליץ" און „הצפירה".

וכן לא יכולתי נשוא את פ״ב מרגע הכרתיו; סלח לי, אמנם, כי שגיתי. לא מרגע ההוא לא יכולתי נשוא אותו, כי אם מרגע, אשר הודעתני בשמו, כי ע ת י ד ה ו א ל ב ק ר א ו ת י ב ה ח ז ר ה! לך סלחתי, יען כי ראיתיך שוגה בו, אבל לי לא יכולתי לסלוח את הגאוה, שנואת נפשי מעולם, ואמרתי אז בלבבי, אם בכלי שני, בפי דינעזאָן המלים האחדות הללו מלאות גאוה, בכלי ראשון, בפיו של פ״ב עצמו. עאכו״כ, וחדלתי מדברו לשלום בכל לב.

אצלנו עד היום הזה אין עוד מגפה במלא מובן המלה; ישנם אך מקרים בודדים על גדות הווייכסעל, פראַגאַ ובחוצות הצפופים כגון קראָכמאלנא, וואָלינסקא.

תודות לקלעגעלס העיר טהורה ונקיה, ואולי תראה אותה, והיא עולה עתה על קיוב.

אני כל היום „בסבך עסקים״, כי הנני „רגלי הועד״, ממלא את החלטותיו.

זה חדשים, אשר לא מכרתי אף עקזעמפלאר אחד. חבים בזה: חסרון מודעות והחלי-רע. כבר יכולתי לשכוח, כי הנני מו״ל הביב׳, לולא המעתיקים לשפת פולאניא, אשר ידריכוני מנוחה לפעמים בבקשם ממני הרשאה להעתיק ולהדפיס, ואברהם רייזען השולח שירים עד היום הזה, וראה שירו אשר קבלתי אתמול:

## ד י א ה אָ ר

## Подражаніе Пушкину „Цвѣтокъ"

[דער שיר איז געבראכט ווייטער, אין דער יידישער איבערזעצונג]

הזה הוא אברהם רייזען? — — — — — —

אצלי אין חדשות, אַבל אצל אחי חדשות לא טובות, ולא אוגה את נפשך לפורטם. העסק רע ויורד לטמיון, והוא יושב עם ב״ב בין שתי מדורות של גיהינם, בין לובלין ולעבאַרטאָוו, המלאות פגרי החלי-רע.

חדשות: בה״ד של שולדבערג נ ש ר ף אתמול.

הקאמיטעט, אשר אני רגליו, לא עשה עוד מאומה.

קרובת-אשתי לא תאבה ללכת מאתנו עד באך, וזה מרבה להב לתשוקתנו לבואך.

בני החליף את הכמת הרפואה בהנדסה.

ואתה — בא ואל תאחר.

אולי תוכל להביא אתך הנה איזה קאָמיסס?

אחיך
ל. פרץ

רעדאַקטאָר הוואָסכאָד מסר את הביב׳ לה׳ פערבער לכתוב בקרת; כן מודיע זה האחרון.

[די יידישע איבערזעצונג

טייערער פריינט!

דיין בריוו האָב איך באַקומען נעכטן, און נישט געקאָנט דיר ביז היינט ענטפערן.

אין די רייד פון... האָב איך קיין איין רגע נישט געגלויבט, הגם איר טאָכטער, אַ דיקע און אַ פעטע פאַר דער צייט, איז געשטאַנען ביי איר רעכטער האַנט און עדות געזאָגט מיט וואָרט און טרער. איך גלויב אין חכמת הפרצוף! זי האָט מיר שטענדיק אויסגעוויזן ענלעך צו אַ גרויסן אייל-לאָמפּ, וואָס זיין קנויט ווערט אויסגעלאָשן פון צופיל... אייל.

אָט אַזוי האָב איך אויך נישט געקענט פאַרטראָגן פ״ב, זינט איך האָב אים דערקענט; זיי מיר אָבער מוחל, ווייל איך האָב זיך טועה געווען. נישט פון יענער רגע האָב איך אויפגעהערט אים צו פאַרטראָגן, נאָר פון דעם מאָמענט, ווען דו האָסט מיר אין זיין נאָמען געמאָלדן, אז ער ווערט מיך באַזוכן אויף צוריקוועגס! דיר האָב איך מוחל געווען, ווייל כ׳האָב געזען, אַז דו ביסט זיך אין אים טועה, אָבער זיך אַליין האָב איך נישט געקאָנט מוחל זיין די גאווה, וועלכע איך האָב פון שטענדיק אָן פיינט, און איך האָב מיר געטראַכט אין האַרצן: אויב אין דער צווייטער כלי, אין דינעזאָנס מויל, זענען די-דאָזיקע עטלעכע ווערטער פול מיט גאווה, היינט ווי איז שוין אין דער ערשטער כלי, אין מויל פון פ״ב גופא אוודאי און אוודאי. און איך האָב מיטן גאַנצן האַרצן אויפגעהערט צו רעדן צו אים פריינטלעך.

ביי אונז איז שוין ביים היינטיקן טאָג נישטאָ מער קיין מגפה אין פולן זין פון וואָרט; עס טרעפן נאָר איינצלנע פאַלן ביים ברעג פון ווייסל, פראַגע און אין די געדיכט-באַפעלקערטע גאַסן, ווי קראָכמאַלנע, וואָלינסקע.

אַ דאַנק קלעגעלסן[1]) איז די שטאָט ריין, און אַז דו וועסט זי' זען, וועסטו זיך איבערצייגן, אַז זי איז איצט שענער פון קיעוו.

איך בין דעם גאַנצן טאָג פאַרפלאָנטערט אין עסקים, ווייל איך בין „די פיס פונם ועד", איך דערפיל זיינע באַשלוסן.

שוין חדשים, ווי איך האָב נישט פאַרקויפט קיין איין עקזעמפּליאַר. שולדיק אין דעם זענען: וואָס ס'זענען קיין אַנאָנסן נישטאָ און די כאָלערע. כ'האָב שוין געקאָנט פאַרגעסן, אַז איך בין דער אַרויסגעבער פון דער ביבליאָטעק, ווען נישט די איבערזעצער אויף פויליש, וועלכע שטערן מיר אָפּטמאָל די רו און קומען מיך בעטן אַ דערלויבניש איבערצוזעצן און צו דרוקן; און אברהם רייזען, וואָס שיקט מיר לידער ביז אויף היינטיקן טאָג. און אָט איז דער שיר, וואָס כ'האָב נעכטן פון אים באַקומען:

## דיא האָר

### Подражаніе Пушкину „Цвѣтокъ"

איך האָב אין שוהל אַ ספר געעפענט
און פון אַ באָרד אַ העריל געפינגען,
ווער איז דאָס העריל, פון וועמענס אַ באָרד,
וואָס איך האָב געטראָפען אין מיטן דערגאינגען?

ווער האָט פון באָרד זי אויסגעריססען
און האָט אַוועקגעלייגט אַהער
צי ניט אַ בטלן אַ געוויססער
ווען ס'איז דער פשט געווען איהם שווער?

צי אפשר גאָר אַ יונגער פרוש,
האָט דעם ספר זיא געשענקט,
פאַר ווייטאָג האָט ער זיא געריססען,
ראַפּטים האָט ער זיך פערבענקט!

און אפשר גאָר איין אָרעמער למדן,
וואָס האָט דעם טאָג נישט אָנגעביססען,

1) דאָן גענעראַל-גובערנאַטאָר אין וואַרשע.

צי דריקט האָט איהם דער הונגער,
און ער האָט זיא אויסגעריססען

און אפשר האָט געזוכט אַ מגיד
אַ נייעם פשט צום עץ-הדעת
און ער האָט איהם נישט געפיננען
און געריססען זי פאַר כעס...

צי איז דאָס אברהם רייזען? — — — — —

ביי מיר איז קיין נייעס נישטאָ, אָבער ביי מיין ברודער איז נישט קיין גוטע נייעס, און איך וויל דיר נישט אָנטאָן קיין צער מיט די פרטים. דער עיסק איז שלעכט און גייט אונטער, און ער זיצט מיט זיינע בני-בית צווישן צוויי גיהנום-פייערן, צווישן לובלין און לעבאַר-טאָוו, וואָס זענען פול מיט די קרבנות פון דער כאָליערע.

נייעס: שולדבערגס דרוקעריי איז נעכטן פאַרברענט געוואָרן.

דער קאָמיטעט, וואָס איך בין ;יינע פיס, האָט נאָך גאָרנישט נישט אויפגעטאָן.

מיין ווייבס קרובה וויל נישט אַוועק פון אונז, ביז דו וועסט קומען, און דאָס פאַרגרעסערט נאָכמער אונזער חשק דיך צו זען ביי אונז.

מיין זון האָט אויסגעטוישט מעדיצין אויף מאַטעמאַטיק.

און דו — קום גלייך.

אפשר קאָנסטו מיטברענגען אַהער עפעס אַ קאָמיס?

דיין ברודער
ל. פרץ

דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד” האָט איבערגעגעבן די „ביבליאָ-טעק” דעם ה׳ פערבער צו שרייבן אַ קריטיק; אַזוי גיט צו וויסן דער לעצטער.]

20

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

ידידי!

את מכתבך קבלתי. הראשון הפחידני מאד, אך קויתי להשני, ויבוא והוא הרגיע את רוחי. בכל לב ונפש הנני מודה לך על הבטחתך לבא אל ביתי. הנני מודה ומתודה לפניך, כי תמיד הי' טינא בלבי עליך, על אשר לא האמנת בפתח הפתוח הזה, על אשר כסית ממני הרבה. אבל הימים האלה, ימי הסודות, עברו, שני קבצנים אנחנו ואיש את אחיו נושיע כאשר נוכל.

אומר עתה עם ספרך, כי עלי להשתדל בדבר ארגנטינא ולא עליך. האמינה לי, ידידי, כי אני לא אוכל עשות מאומה. אינך מאמין לי, כי בעסק הנוגע אל עצמי ואל בשרי לא אוכל לפעול ואיש אובד-עצות אני במלא מובן המלה. מרחם משחר למדתי לפעול בשביל אחרים, וכרמי שלי לא נטרתי ולא אוכל לנטור. מעצמו מובן, כי אם יעלה בידך לקבל איזה משרה כאשר כתבתי, אז נסע יחדיו ונעבוד בשורה אחת. גם מרשה אני לך בכל לב לבקש בשמך ובשמי, אך אל תקוה ממני עצה או פעולה.

במכתבך החלפת את ווייספרעם בווייסבערג. כנגד ווייסבערג דברתי אך בהביבליאטעק, ובהצפירה מחצתי את ווייסברעם בבקרת על ספרו „הגורל והירושה". לא אתפלא על הדבר הזה, כי שניהם תאמי הסכלות.

כפי הנראה השדוך ביני ובין „הצפירה" לא יעלה יפה. הזונה הזאת לא תוכל לתת אף מודעות. זכרון המו"מ הזה מביא לידי הקאה, וע"כ אחדול מזה, ודי אם אספר לך בע"פ בבואך הנה.

אם ז.–הוא מביא לשון ארמית ומשתמש בה בכל תוקף ועוז, וגם כל זאת – אספר לך בפרוטרוט בשובך, ואתה תצחק עלי ותכעוס עליו חנם – כי הוא לא יבוש ואני לא אתפעל... הסכן הסכנתי מאז להיות למאכל לכל חונף ומבין-לשון ארמית... אשר אך מלאכי השרת אין נזקקין לה בזמן הזה.

את הבעקענטע בילדער עוד לא קבלתי, ובטח אקבל במהרה.

צר לי מאוד, כי לא ראית את יהל"ל, ולא תוכל לתארו לי כמשפטו אתה.

את הספרים לשעפטעל לא אשלח עד בואך – וד"ל, ואם לא תבין את הרמז, אגלה לך את הסוד בבואך.

כמה דברים לי להגיד לך בבואך, ועוד – אמרת עם ספרך – שני שבועות לבואך הנה. האמינה לי, כי אשיש עליך כמשוש חתן על כלה, ודוקא כשהם קשורים ע"י חבה יתירה ולא לשם ממון או יחס-משפחה.

משכילי ווארשוי העומדים במדרגה אחת עם משכילי קיוב ישנאוני שנאה עזה כמות, אך שנאה מסותרת מיראה מלשוני החדה. שמח אני מאוד על שנאת הרשעים הללו ועל יראתם מלשוני החדה; לא אוכל נשוא אהבת חטאים, לא אוכל נשוא כבוד מחנפים ופושעים וכסילים ואוילים.

הכסיל בפ"ע [בפני עצמו] הוא אדם ישר עד כמה שאיננו סופר. לא נתן לנו הרשות לסגור על מסגר פה אחד הבעלי-בתים, החפץ לנגן בפ"ע על מקומו ובלחש איזה נגון, אף כי יודע נגן הוא כחמור, אבל מותר לכל אחד מהקה"ק לעמוד לחמור ושטן לבל יעבור לפני התיבה. עלינו אחת משתי אלה – או לעזוב את ביהמ"ד ולצאת, או לגרש משם את החמורים המנגנים. אמנם ה' סאקאלאוו למד לישא ולסבול מנגינות חמורים, אבל הוא הולך לשטתו, שטת האימפראסאריא המקבל שכר בעד כל נגון ונגון של זרים.

אך נחזור לעיננו (?) הראשון.

מכתבך הסגור הוא זהב סגור של רגש טהור ושל סאטירא... על המחילה של הסופרת א... צחקתי מלא פי לא אחת ושתים, ועד היום הזה אינני יודע את מחילת המחילה מחילה, או, במחילה, אינה במחילה, כי אם לפנים אבל לא... לאחור. הנני הולך בדרכך ומדבר גבול-פה, אבל אם מותר ליונה מותר גם לפרס...

חדה היא איך נאבד מכתבי הראשון. עזבתי על השלחן, בקשתי שלשת ימים ולא מצאתי והוכרחתי לכתוב אחר. אמנם היו אצלי מחברים, ואללי לי, אם נפלה המציאה ליד אחד מהם...

מוכר אני אחד אחד את הביב' ואוכל את הכסף. לו היו מודעות, כי אז מכרתי הרבה. אך אתה בלעדי O, ואני בלעדיך פחות מזה, אני מינוס. מתי תבוא ומן המינוס והנול יצא איזה מספר.

אקוה כי תביא אתך את ספרו של ה' שולמאַן.

אשתי פורסת בשלומך בכל לב. בני ג"כ, נחפז אני לכלות את

מכתבי, כי הולכים אנחנו אל „פּאָד גוויאזדאָן” לשמוע מנגינות, כי מחכים עלינו בית גרינבוים.

והנני אחיך
יצחק לייבוש פרץ

## [די יידישע איבערזעצונג

ידידי!

דיינע בריוו האָב איך דערהאַלטן. דער ערשטער האָט מיך זייער איבערגעשראָקן, נאָר איך האָב געהאָפט אויף אַ צווייטן, איז ער גע-קומען און מיך באַרויקט. איך דאַנק דיר פון טיפן האַרצן פאַר דיין הבטחה צו קומען צו מיר. איך בין זיך מודה ומתודה פאַר דיר, אַז איך האָב שטענדיק אין האַרצן געטראָגן אויף דיר אַ פאַרדראָס, וואָס דו האָסט נישט געגלויבט אין אָט דער אָפענער טיר, און וואָס דו האָסט פון מיר אַ סך אויסבאַהאַלטן. אָבער דידאָזיקע טעג, די טעג פון סודות, זענען שוין פאַרביי, צוויי קבצנים זענען מיר, און מיר וועלן העלפן איינער דעם צווייטן, ווי נאָר מירן קענען. —

דו זאָגסט אין דיין בריוו, אַז איך דאַרף זיך באַמיען אינם ענין אַרגענטינע[1] און נישט דו. גלויב מיר, מיין פריינד, אַז איך קאָן גאָר-נישט אויפטאָן. דו גלויבסט מיר נישט, אַז אין אַן ענין, וואָס איז נוגע מיך אַליין, מיין אייגן לייב, קען איך גאָרנישט אויפטאָן און בין אַן אומבאַהאָלפענער מענטש אין פולן זין פון וואָרט. פון קינדערווייז אָן האָב איך זיך געלערנט טאָן פאַר אַנדערע, און כ'האָב מיין גאָרטן נישט געהיט און קאָן אים נישט היטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויב דיר וועט זיך איינגעבן צו קריגן אַ שטעלע, ווי כ'האָב געשריבן, דאַן פאָרן מיר ביידע און מיר אַרבעטן צוזאַמען; איך דערלויב דיר אויך מיטן גאַנצן האַרצן צו רעדן אין אונזער ביידנס נאָמען, זאָלסט אָבער נישט האָפן פון מיר קיין עצה און קיין טאַט.

אין דיין בריוו האָסטו פאַרביטן ווייסברעמען מיט ווייסבערגן. ווייסבערגן האָב איך קריטיקירט אין דער „ביבליאָטעק”, און אין „הצפירה” האָב איך צעקלאַפּט ווייסברעמען מיט דער קריטיק וועגן זיין בוך „דער גורל און די ירושה”. איך וווּנדער זיך נישט דערויף, ווייל זיי זענען ביידע אַ צווילינג פון שטות.

1) פרץ און דינעזאָן האָבן דאַן געהאַט בדעה צו עמיגרירן קיין אַרגענטינע. —

ווייזט אויס, אַז דער שידוך צווישן מיר און דער הצפירה וועט נישט געלונגען. דידאָזיקע זונה קאָן אַפילו נישט געבן קיין אַנאָנסן. ווען איך דערמאָן זיך דעמדאָזיקן עסק, נעמט מיך עקלען צום ברעכן, און דעריבער לאָז איך עס. געננוג אַז כ׳וועל דיר עס דערציילן מינדלעך, ווען דו וועסט אַהערקומען.

צי ז. פאַרשטייט אַראַמיש [?] און באַנוצט זיך דערמיט פריי, וועל איך דיר דערציילן געננוי, ווען דו וועסט קומען, און דו וועסט לאַכן פון מיר און וועסט אומזיסט אויף אים זיין אין כעס — ווייל ער שעמט זיך נישט, און איך ווער נישט נתפעל... איך בין שוין פון לאַנג געוווינט צו זיין אַ שפייז פאַר יעדן חונף און פאַרשטייער פון אַראַמיש... וואָס נאָר די מלאכי-השרת פאַרשטייען עס נישט אין דער איצטיקער צייט.

די „בעקענטע בילדער״ האָב נאָך נישט באַקומען, געוויס וועל איך זיי באַקומען אינגיכן.

איך באַדויער זייער, וואָס דו האָסט נישט געזען יהל״לן[1] און, וואָס דו קענסט מיר אים נישט שילדערן לויט דיין מיינונג נאָך.

די ביכער צו שעפּטעלן[2] שיק איך נישט ביז דיין קומען — וד״ל, און אויב דו פאַרשטייסט נישט דעם רמז, וועל איך דיר אַנטפּלעקן דעם סוד, ווען דו וועסט קומען.

איך האָב פיל זאַכן דיר צו זאָגן, ווען דו וועסט קומען, און עס וועט נאָך — זאָגסטו אין בריוו — דויערן אַ צוויי וואָכן צו דיין קומען אַהער. גלויב מיר, אַז איך וועל זיך פרייען מיט דיר, ווי ס׳פרייט זיך אַ חתן מיט זיין כלה, און דווקא, ווען זיי פאַרבינדן זיך צוליב אמתער ליבע און נישט צוליב געלט אָדער יחוס.

די וואַרשעווער משכילים, וועלכע שטייען אויף איין מדרגה מיט די משכילים פון קיעוו, האָבן מיך שרעקלעך פיינט, נאָר זייער שנאה איז אַ באַהאַלטענע, ווייל זיי האָבן מורא פאַר מיין שאַרפער צונג. איך פריי זיך זייער, וואָס דידאָזיקע רשעים האָבן מיך פיינט און וואָס זיי האָבן מורא פאַר מיין שאַרפער צונג. איך קאָן נישט פאַר־טראָגן די ליבע פון זינדיקע, איך קאָן נישט פאַרטראָגן דעם כבוד פון חניפה-לייט און רשעים, פון נאַראָנים און שוטים.

---

1) יהל״ל (1844—1925) באַוווּסטער העברעאישער דיכטער, דאַן געוווינט אין קיעוו.

2) בוכהאַנדלונג אין קיעוו.

דער נאַר פאַר זיך איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אויף וויפל ער איז נישט קיין שרייבער. מיר האָבן קיין רעכט נישט צו פאַרמאַכן אויף אַ שלאָס דאָס מויל פון איינעם פון די באַלעבאַטים, וועלכער וויל פאַר זיך, אויף זיין אָרט שטילערהייט זינגען עפּעס אַ ניגון, הגם ער קאָן זינגען ווי אַן עזל, אָבער יעדער איינער פון דער קהלה מוז דאָך זיך שטעלן דעם עזל אין וועג, ווען ער לאָזט זיך דאַוונען פאַרן עמוד. מיר האָבן צו טאָן איינס פון דיביידע: אָדער פאַרלאָזן דעם בית-המדרש און אַרויסגיין — אָדער אַרויסצוטרייבן פון דאָרט די עזי-לען, וואָס ווילן זינגען. ה׳ סאָקאָלאָוו[1] אָבער האָט זיך אויסגעלערנט צו פאַרטראָגן און צו ליידן דאָס זינגען פון עזלען, ער גייט זיך מיט זיין שיטה, די שיטה פון אַן אימפּרעסאַריאָ, וועלכער באַקומט שכר פאַר יעדן ניגון... פון פרעמדע.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונזער ערשטן ענין (?).

דיין פאַרמאַכטער בריוו איז ריינער גאָלד פון לויטערן געפיל און פון סאַטירע... וועגן דער מחילה פון דער שריפטשטעלערין א... כ׳האָב געלאַכט מיט אַ פולן מויל נישט איין מאָל, און ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט, צי די מחילה פון דער מחילה איז מחילה אָדער זי איז, במחילה, אַ מחילה נאָר פון פאָרנט און נישט... פון הינטן. איך גיי אין דיינע דרכים און רעד גבול-פּה. אָבער אויב עס איז דערלויבט דער טויב, איז עס דעם ים-אָדלער אויך דערלויבט...

ס׳איז אַ רעטעניש, וויאַזוי עס איז פאַרפאַלן געוואָרן מיין ערשטער בריוו, כ׳האָב אַדורכגעקוקט דעם טיש, געזוכט דריי טעג און נישט געפונען, האָב איך געמוזט דעריבער אָנשרייבן אַ צווייטן. עס זענען, אמת, געווען ביי מיר מחברים, און אפשר איז די מציאה אַריינ-געפאַלן איז די הענט פון איינעם פון זיי...

איך פאַרקויף איינציקווייז די „ביבליאָטעק" און עס אויף דאָס געלט. ווען עס זאָלן זיין אַנאָנסן, וואָלט איך פאַרקויפט אַ סך. אָבער דו אָן מיר ביסט אַ נול, און איך אָן דיר — נאָך ווייניקער, איך בין אַ מינוס. ווען וועסטו שוין קומען, כדי פון דעם מינוס און פונם נול זאָל אַרויס עפּעס אַ צאָל.

איך האָף, אַז דו וועסט ברענגען מיט זיך דאָס בוך פונם ה׳ שולמאַן.

מיין ווייב גריסט דיר האַרציק. מיין זון אויך. איך אייל צו

1) נחום סאָקאָלאָוו, דאַן רעדאַקטאָר פון „הצפירה". —

ענדיקן דעם בריוו, ווייל מיר גייען אין „פּאָר גוויאַזדאָן" הערן מוזיק אויף אונז וואַרטן די גרינבוימס.

און איך בין דיין ברודער
ל. פּרץ]

31

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף אַ פּאָסט־קאַרטל, פון וואַרשע קיין קיעוו, דעם 3־טן נאָוועמבער 1893]

ידיד נפשי

את מכתבך המלא עצב ותמרורים קבלתי, אך צחוק עשית לי, בבקשך ממני תנחומים לנפשך. איך אנחם, ונפשי אבלת עלי תמיד, ובזמן ששכּתי צוחקות, תולעת תאכל קרב ולב. – אבל אין סוף, אין תכלה הוא חוט־החיים.

ומה אספר לך אודותי? את חצי ימי אבלה בבית פקדות הקהל, אחרי כן אני פקיד הועד הנלחם את הרחיים – חפצתי להגיד את החלי־רע, ואחרי־כן – סופר עברי אנכי... בזמן האחרון – מהולל ומפאר ע"י דובנאָוו, בן־דוב, פרידבערג וכל דכוותין... יתר הזמן הנני אוכל ושותה וישן וכאשר תקוץ נפשי בחיי, הנני מהפך את הסדר ואני שותה אוכל וישן, ישן, שותה ואוכל וכו', כמספר החליפות של מכשפה לא תחיה.

לא רעבתי עוד ללחם, וארעיב מחר או אחרי יומים...

במשך הזמן אשר לא ראינו איש את אחיו, קפצה עלי זקנה – מצחי נקמט, עיני נבהל, שערותי החלו להתלבן. ימים רבים חליתי: כל ימי הקיץ וראשית הסתיו. שנים־שלשה ימים שכבתי למעצבה כאבן שאין לה הופכין מכאב עצור בעצמות השדרה (בלי כל „על חטא") ויום אקום ואלך על משענתי. – עתה חלפה מחלתי, אך לא כלה. מרגיש אני, כי תשוב אלי כיונה אל ארובתה, ואז אעלה על המטה לבלתי רדת ממנה.

אם לא... מעט כסף, מדוע לא תבנו בית בשותפות, ותעשו מסחר, למען כאשר תבוא בימים ויכשול כוחך, תגרש אותך החוצה.

אולם מדוע לא תכתוב מאומה? הספרות היא לי עיר מקלט, בית-מפלט, מנת כוסי לשכרון ולשכחה, ואתה נחבא, וקולך נחבא ועטך נקצץ. גוידא משלם, ואתה לא עניתיו; לאמריקא מבקשים עבודה בכסף, ואתה מחשה; אני שלמתי כסף רב (חנם) למעתיקים, ואתה עמדת מרחוק. לא אוכל להבין את דרכך ומעשיך, ומה היה לך. התשכח אשה עולה ואתה את הספרות השלכת אחרי גו? כתוב פירוש וביאור.

אחיך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג

טייערער פריינט!

דיין בריוו, וואָס איז פול מיט טרויער און פאַרביטערונג, האָב איך דערהאַלטן, דו האָסט נאָר געשפּאַסט פון מיר, ווען דו בעטסט ביי מיר אַ טרייסט פאר דיר. ווי קען איך דיך טרייסטן, בעת מיין נשמה איז אַליין שטענדיק פאַרטרויערט, און אין דער צייט ווען מיינע ליפּן לאַכן, פרעסט-אויף אַ וואָרעם מיין האַרץ. — אָבער אָן אַ סוף, אָן אַן עק ציט זיך דער פאָדעם פון לעבן.

און וואָס זאָל איך דיר דערציילן וועגן זיך? אַ האַלבן טאָג פאַרברענג איך אין דער גמינע, דערנאָך בין איך אָנגעשטעלט אינם קאָמיטעט, וואָס קעמפט מיט. אַ ווינט-מיל — כ'האָב געוואָלט זאָגן: מיט דער כאָליערע, — און דערנאָך בין איך אַ יידישער שרייבער... די לעצטע צייט — גערימט און געלויבט דורך דובנאָוון, בן-דוב, פריד-בערגן און אַנדערע... די איבעריקע צייט עס איך און טרינק און שלאָף, און ווען דאָס לעבן ווערט מיר מיאוס, קער איך אום דעם סדר און איך טרינק, עס און שלאָף, שלאָף, טרינק און עס א. אַ. וו., לויט דער צאָל ענדערונגען פון „מכשפה לא תחיה".

איך האָב נאָך נישט געהונגערט, איך וועל מאָרגן אָדער אי-בערמאָרגן הונגערן...

אין משך פון דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען, בין איך שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן, מיין שטערן איז געקנייטשט, מיינע אויגן קאַליע געוואָרן, מיינע האָר האָבן גענומען גרוי ווערן. איך

האָב אַ לאַנגע צייט געקרענקט: אַ גאַנצן זומער און דעם אָנהויב ווינטער. אַ צוויי-דריי טעג בין איך געלעגן מיט געהאַקטע ווונדן, ווי אַ שטיק קלאָץ, געהאַט ווייטיקן אין חוט-השדרה (אָן שום „על-חטא"), און ווען איך בין אויפגעשטאַנען, בין איך געגאַנגען אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן. — איצט איז מיין קראַנקהייט פאַרביי, אָבער נאָך נישט אינגאַנצן. איך פיל, אַז זי וועט זיך אומקערן צו מיר, ווי אַ טויב אין איר טויבנשלאַק אַריין, און איך וועל זיך לייגן אין בעט, כּדי שוין מער פון איר נישט אויפצושטיין.

אויב דיין ... האָט אַביסל געלט, פאַרוואָס זאָלט איר נישט בויען קיין הויז בשותּפות און נישט מאַכן קיין מסחר, כּדי ווען דו וועסט אַלט און שוואַך ווערן, זאָל זי דיך קאָנען אַרויסטרייבן אין גאַס אַרויס!

אָבער פאַרוואָס שרייבסטו גאָרנישט? די ליטעראַטור איז פאַר מיר אַ מקלט, אַ רעטונגס-הויז, דער כּוס, וואָס פאַרשיכּורט מיך און מאַכט מיך פאַרגעסן, — און דו באַהאַלטסט זיך, און דיין קול באַהאַלסטו, און דיין פעדער האָסטו אָפּגעהאַקט. גוידאָ צאָלט, און דו האָסט אים נישט געענטפערט; פון אַמעריקע פאָדערט מען אַרבעט פאַר געלט, און דו מאַכסט אַ שוויג; איך האָב באַצאָלט אַסאַך געלט (אומזיסט) איבערשרייבערס, און דו שטייסט פון דערווייטן. איך קען נישט פאַרשטיין דיינע דרכים און דיינע מעשים, וואָס מיט דיר איז געוואָרן? צי קאָן אַ פרוי פאַרגעסן איר קינד? און דו האָסט די ליטעראַטור אַוועקגעוואָרפן הינטער זיך? שרייב מיר, וואָס דאָס באַדייט.

דיין ברודער

[ל. פּרץ]

22

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דאָס יאָר 1894 איז געווען ביי פּרצן אַ באַזונדערס פּראָדוקטיווע. נאָך אַ הפסקה פון אַ 3 יאָר, זינט ס'איז דערשינען זיין צווייטער זאמלבוך „די יודישע ביבליאָטעק" (1891), האָט פּ"ץ פונסניי זיך גענומען מיט אַ ברען צו אַרויסגעבערישער אַרבעט. אין דער צייט האָט זיך פּרץ דערנעענטערט צו די יידישע אַרבעטס-מאַסן, און אין

זיין שאפן פילן מיר ני ע מונטערע טענער, נייע געזעלשאפטלעכע טענדענצן. — אין דעם יאר האט פרץ ארויסגעגעבן דעם דריטן באנד „די יודישע ביבליאטעק", 10 זאמלונגען „יום-טוב-בלעטלעך" און דעם זאמלבוך „ליטעראטור און לעבן". פרץ האט דאן פא־ עפנטלעכט: א בעס פון א יידענע, דער פעטער שכנא און די מומע יאכנע, בשעת מגפה, אין א קעלער שטוב, די רויז, מקובלים, נס חנוכה, די נייטארין, דעם רבינס צ׳ביק, ביי דעם פרעמדן חופה-קלייד, דאס שטריימל, באנצע שוויג. — אין ספעקטארס „הויז פריינד" — נעילה און א ליד „אויס ראמאנצערא". — חוץ דעם האט פרץ אין דעם יאר ארויסגעגעבן די העברעישע זאמלונג „החץ" און א ביכל העברעישע לידער „העוגב". — דער בריוו איז געשריבן אויף א פאסט-קארטל].

וארשע, 23 אפריל 1894

ידידי!

כדבריך כן נהיה. מעתה ועד עולם לא יקרא עוד שם ס. על הוצאתי. איך הגעתי אל התכלית הזאת אספר לך פה אל פה. אבל לא א ת ך הצדקה! אנכי עשיתי זאת אך ל מ ע נ ך ולא מהודאה לך. נהפוך הוא – טבחתי ולא חמלתי את ההוצאה, אשר תהיה אצלי כאבן שאין לה הופכים. ובזמן שלכבוד פסח נפזר במשך שבועות בסכום 3,000 עקזמ. הנני בטוח, כי את המותר לא אמכור עוד, ושארית הספרים ימכרו אך למאות. אני חפצתי להיות ה ק ו ל והוא ה י ד י ם. אמנם גם ע ת ה עליו ל מ כ ו ר, אבל, מבלי שיקרא שמו על הספרים, המכר שלו אינו שוה כלום, הלא טוב לו למכור אך את שלו. – לא כתבתי עד הנה, כי התעכבתי עד אשר אוכל להודיעך, כי תאותך נהיה. עוד הפעם אגיד, כי בעיני ה„חלול השם", אשר נגע עד לבבך, הוא דבר שאין בו ממש. אבל די בזה. – אלאפין מבטיח לשלוח לך את כספך תיכף אחרי השבת. אם לא תשלח לי את הספורים במשך שבועים ימים. אתה הורג גם את יתר ההוצאת ודי לך אם בכנפיך ימצא דם ה„יומ"ט בלאטליך" ולמה תעמוד עוד על דם ה„ליט. אונ לעבען"? אולי בכל זאת תוכל לכתוב איזה דבר? ומתי תבא?

הדפסתי את כ ל ה י ד ש ע ל ע, אבל טרם בואך הנה, לא אמכור אף עקז. אחד. הדפסתי כולו – אולי זה והי׳ לאבן שואפת לך.

ל. פרץ

## „די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי!

זאָל זיין ווי דו ווילסט. פון איצט אָן און אויף שטענדיק וועט ס.[1]) נאָמען נישט זיין אויף מיינע אויסגאַבעס. ווי אַרום איך בין געקומען צו אָט דעם, וועל איך–דיר דערציילן פּערזענלעך. אָבער דו ביסט נישט גערעכט. איך האָב עס געטאָן נאָר צוליב דיינעטוועגן, און נישט ווייל איך בין מודה, אַז דו ביסט גערעכט. פאַרקערט — איך האָב אַוועקגעהרגעט אָן רחמנות די אויסגאַבע, וואָס וועט בלייבן ליגן ביי מיר ווי אַ שטיין. און אין דער צייט, וואָס „לכבוד פסח"[2]) איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין לויף פון וואָכן אין צאָל פון 3.000 עקז., בין איך זיכער, אַז די איבעריקע וועל מער נישט פאַרקויפן, און די איבערגעבליבענע ביכער וועלן פאַרקויפט ווערן אין די הונדערטער. איך האָב געוואָלט זיין די שטימע, און ער[3]) די הענט. אמת, אויך איצט דאַרף ער פאַרקויפן, אָבער, ווען זיין נאָמען וועט נישט זיין אויף די ביכער, איז זיין פאַרקויף גאָרנישט ווערט, ווייל אים לוינט בעסער צו פאַרקויפן זיינע אויסגאַבעס. — איך האָב דיר ביז איצט נישט געשריבן, ווייל איך האָב אַלץ געוואַרט, ביז איך וועל דיר קאָנען מיטטיילן, אַז דיין פאַרלאַנג איז דערפילט. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז אין מיינע אויגן איז דער „חלול-השם", וואָס האָט דיר אַזוי דערלאַנגט צום האַרצן, גאָרנישט ווערט. אָבער גענוג וועגן דעם. — אַלאַפין[4]) זאָגט צו צו שיקן דיר געלט באַלד נאָך שבת. אויב דו וועסט מיר נישט שיקן די דערציילונגען[5]) אין משך פון צוויי וואָכן, הרגעסטו אויך די איבעריקע אויסגאַבעס, און גענוג, וואָס אין דיינע פאָלעס געפינט זיך דאָס בלוט פון די „יומ"ט בלעטלעך", ווילסטו נאָך פאַרגיסן בלוט

1) מרדכי ספעקטאָר, וואָס מיט אים צוזאַמען האָט פרץ אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „יום-טוב-בלעטלעך". — פרץ האָט דאַן פאַרעפנטלעכט איניקע זאַכן אויך ביי ספעקטאָרן אין „הויז-פריינד".

2) דאָס ערשטע „יום-טוב-בלעטל", וואָס פרץ האָט אַרויסגעגעבן אין 1894 בשותפות מיט מ. ספעקטאָר. —

3) מ. ספעקטאָר. —

4) אַן אַרויסגעבער אין וואַרשע. —

5) פרץ האָט פאַרלאַנגט דאָ פון י. דינעזאָן, ער זאָל שיקן פאַר די אויסגאַבעס, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, דערציילונגען. —

פון דעם „ליטעראַטור און לעבן"? אפשר קענסטו דאָך אָנשרייבן עפּעס אַ זאַך? און ווען קומסטו?

איך האָב אָפּגעדרוקט גאַנץ „הערשעלע"1), אָבער ביז דו וועסט קומען אַהער, וועל איך נישט פאַרקויפן אַפילו איין עקז. נישט. איך האָב עס אינגאַנצן אָפּגעדרוקט, אפשר וועט עס זיין פאַר דיר עפּעס אַן אויסזיכט.

[ל. פרץ]

23

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו איז אָנגעשריבן אויף אַ בלאַנק „רעדאַקציאָן: „יודישע ביבליאָטעק", „ליטעראַטור און לעבען", „יו"ט-בלאַטליך" און אַנ-דערע העבראַישע און זשארגאָנישע אויסגאַבען. י. ל. פּרץ. ווארשע, צעגלאַנא 1 №.— דער בריוו איז אָן אַ דאַטע, ער געהערט צום יאָר 1894. י. דינעזאָן האָט נאָך אַלץ געוווינט אין קיעוו]

ידידי!

לא נקעה ממך נפשי; נהפוך הוא, שוגה אני תמיד באהבתך, אולם... הגד בעצמך, מה היה לי לחשוב אודותיך:

1) אם באמת על מכתבי האחרון (לא אזכור עוד באיזה ענין) לא קבלתי מענה (כל מכתב ממך על דבר חשבונו של ספעקטאר לא קבלתי).

2) אם שלחתי לך את ספרי ואתה לא הוצאת מפיך אף מלה אחת אודותם. —

3) אם בכל העת הזאת, למרות כל בקשותי, עזבתני גלמוד בקשרי מלחמה נוראה אם [עם] כל השודדים והגנבים בהספרות, כאלו אין בכוחך לכתוב למעני שתים ושלש דלתות. —

4) ואם לא חשבת גם לנכון להודיעני, כי מכרת את ספרך לפונק...

כל איש ואיש במקומי יחשוב: רעי עזבני לנפשי או — יצא את העיר, שנה את מקומו ולא השיג את כל מכתביך.

---

1) י. דינעזאָנס דערציילונג. געדרוקט געווען ווי אַ ביילאַגע אין פּרצעס „יודישע" (1891).

אך מה שהיה היה.

ראשונה אודיעך, כי ספעקטאר לא נתן על חשבונך אף פרוטה אחת; נשבע במעמד כלנו, כי אתה חבת לו ולא הוא לך. הבטיח להראות לנו את מכתביך, ששם אתה קורא אותו בשם נדיבך וידידך הנאמן ומודה ומתודה אתה שאין לך עליו שום טענה ומענה מלבד לב מלא תודה וברכה על חסדיו הרבים... ומבקש אתה ממנו שלא יצה בך.

כן שקר בפי ראָזען באמרו כי מוכר אני את הביב׳ במחיר 35 קאָפּ. לא היו דברים מעולם. אינני מוכר פחות מן 75 קאָפּ.

---

מצבי ברע. פרנסתי דלה וריקה.

יצא לאור ח״ג מן „הביבליאטעק וכיון שראיתי שאתה מחשה, הדפסתי בשכר טרחתך למענך 500 הירשעלע על ניר משובח והננו מונח למענך ולאשר תצוה.

כן הוצאתי לאור: החץ, העוגב, 10 יו״מ טוב ביכליך – והנני שולח לך את כל הכפרים שנית.

---

כיון שכבר הוצאתי כסף על ההירשלי – תקחנו ותצוה למכור אותו לאשר תחפוץ, כי אני לא אוכל (כאשר ידעת) לסחור ואצלי הכסף והזהב יהיו לאשפה ולעפר.

חייב אני „למעלה מראשי״ ולמעלה מן השכל.

כבר למדתי את ידי לחתום שטרות וסופי – לבית האסירים. אך [עד] העת ההיא אדפיס ואחריה גחלים...

צר לי מאד, כי גם עליך עובר תמיד הכוס...

אך מה לעשות?

האמנם לא תעזוב את קיוב לנצח? האמנם תשב שם משמים כל הימים?

---

רואה אני במראה, וגם פני נהפכו לירקון ופסי השלג, שבין שערותי, הולכים ומתרחבים... חדל לי זה כבר אורח בין הנשים, ואחד מתענוגי העולם הזה נחרב למעני ונותרה הספרות לבדה...

אוהבי ועוזרי הם: פינסקי, פינסקי ופינסקי... לפעמים פרענק, פרייד... וגם — אני לבדי בתור: י. ל. פרץ, ד"ר שטיצער, לצפר, לץ פון רעדאַקציע וכו' וכו', כבר שכחתי כמה שמות יש לי, כמאה ושמונים...

ואתה?

אתה שותק.

אני מאמין באמונה שלמה, שלו היית אתה בווארשוי, כי אז „עשינו עסקים טובים" — אך מה לעשות!...

חלקי מכל עמלי — שביתי מלא ספרים, פי משנאי מלא קללות, מעט מאהבי — מגור ראש...

והנני אחיך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג —

ידידי!

מיין האַרץ האָט זיך נישט אָפגעקערט פון דיר; פאַרקערט, איך האָב דיך שטענדיק ליב, נאָר... באַטראַכט נאָר, וואָס האָב איך געזאָלט קלערן וועגן דיר:

1) אויב איך האָב, באמת אויף מיין לעצטן בריוו (איך געדענק שוין נישט, אין וועלכער צייט) קיין ענטפער נישט באַקומען (איך האָב נישט באַקומען פון דיר קיין שום בריוו וועגן ספּעקטאָרס חשבון) —

2) אויב איך האָב דיר געשיקט מיינע ביכער, און דו האָסט וועגן זיי קיין איין וואָרט פון דיין מויל נישט אַרויסגעבראַכט —

3) אויב דו האָסט מיך די גאַנצע צייט, נישט געקוקט אויף אַלע מיינע בקשות, געקענט לאָזן איינעם אַליין אין אַ שווערן קאַמף מיט די אַלע רויבער און גנבים אין דער ליטעראַטור, פּונקט ווי דו וואָלסט נישט געווען בכוח אָנצושרייבן מיר אַ צוויי דריי שורות —

4) און אויב דו האָסט אַפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק מיר מודיע צו זיין, אַז דו האָסט פאַרקויפט דיין בוך פונקן[1]...

יעדער מענטש אויף מיין אָרט וואָלט געטראַכט: מיין פריינט

---

1) בוכהענדלער און אַרויסגעבער אין ווילנע.

האָט מיך פאַרלאָזט אָדער ער איז אַוועק פון שטאָט, געביטן זיין אָרט און נישט דערהאַלטן אַלע דיינע בריוו.

נאָר וואָס געווען איז געווען.

ראשית וויל איך דיר מודיע זיין, אַז ספעקטאָר האָט מיר אויף דיין חשבון נישט געגעבן קיין איין פרוטה; ער האָט געשוואָרן אין אַלעמענס קעגנוואַרט, אַז דו ביסט גאָר אים שולדיק און נישט ער דיר. ער האָט אונז צוגעזאָגט צו ווייזן דיינע בריוו, ווו דו רופסט אים אָן בעל-טובה און טרייער פריינט און דו ביסט זיך מודה ומתוודה, אַז דו האָסט נישט צו אים קיינע טענות-מענות, און נאָר אַ האַרץ פול מיט דאַנקבאַרקייט און ברכות פאַר זיינע פיל חסדים... און אַז דו בעטסט ביי אים, ער זאָל נישט צאָרנען אויף דיר.

עס איז אויך אַ ליגן, וואָס ראָזען[1] זאָגט, אַז איך פאַרקויף די ביבליאָטעק צו 35 קאָפּ. עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. איך פאַרקויף נישט ביליקער, ווי צו 75 קאָפּ.

---

מיין מצב איז אַ שלעכטער. די פרנסה איז געשלאָגן און נישטיק.

עס איז אַרויס דער דריטער טייל[2] פון דער ביבליאָטעק, און אַזוי-ווי כ׳האָב געזען, אַז דו זאַמסט זיך, האָב איך אָפּגעדרוקט פאַר דיין שכר-טרחה 500 „הערשעלע" אויף גוטן פאַפיר, און ער ליגט גרייט פאַר דיינעטוועגן, וואָס דו וועסט הייסן צו טון.

כ׳האָב אויך אַרויסגעגעבן: החץ[3] העוגב[4], 10 יום-טוב-ביכלעך[5] און איך שיק דיר צו אַלע ביכלעך אַ צווייט מאָל.

---

1) בוכהענדלער אין וואַרשע.

2) „די יידישע ביבליאָטעק" (אַ זשורנאַל פיר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע). דער דריטער באַנד איז אַרויס זומער 1894 (דאַטירט 1895). אין באַנד זענען צווישן אַנדערן אָפּגעדרוקט פּרצעס: אַ כּעס פון אַ יידענע, דער פעטער שכנא און די מומע יאַכנע, בשעת מגפה א. א.

3) העברעאישע זאַמלונג—„ילקוט ספרות", אַרויסגעגעבן דורך ש. ב. וואַרצבערג.

4) אַ זאַמלונג העברעאישע לידער פון פרץ — „שירי אהבה", 32 ז.

5) „זשורנאַל פיר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע". — די איבעריקע ביכלעך זענען אַרויס שפעטער אין אַ יאָר אַרום.

אַזוי-ווי כ׳האָב שוין אויסגעגעבן געלט אויף „הערשעלע״ – נעם עס צו און הייס עס פאַרקויפן ווו דו ווילסט, ווייל איך קען נישט (ווי דו ווייסט) האַנדלען, און ביי מיר ווערט זילבער מיט גאָלד פאַרוואַנדלט ווערן אין אַש און בלאָטע.

פאַרשולדיקט בין איך „איבערן קאָפּ״ און איבערן שכל.

כ׳האָב זיך שוין אויסגעלערנט אונטערצושרייבן וועקסלען, און דער סוף פון מיינער וועט זיין אין תּפיסה. נאָר ביז יענער צייט וועל נאָך דרוקן, און שפּעטער – ברענענדיקע קוילן...

עס טוט מיר זייער וויי, – אויך ביי דיר גייט דער בעכער שטענדיק אַריבער...

אָבער וואָס זאָל מען טון?

צי וועסטו שוין קיינמאָל נישט פאַרלאָזן קיעוו? צי וועסטו דאָרט אייביק פאַרבלייבן שטעקן?

---

איך גיב אַ קוק אין שפּיגל, – און אויך מיין פּנים איז גרין און געל געוואָרן, און די שניי-פּאַסן צווישן מיינע האָר ווערן אַלץ ברייטער...

כ׳האָב שוין אויפגעהערט צו זיין אַן איינגייער צווישן פרויען, און איינער פון די תּענוגים פון דער וועלט איז פאַר מיר בטל געוואָרן, געבליבן איז בלויז די ליטעראַטור אַליין...

מיינע פריינט און מיטהעלפער זענען: פּינסקי, פּינסקי און פּינסקי... טיילמאָל פרענק, פרייד... און אויך – איך אַליין אַלס: י. ל. פּרץ, דר. שטיצער, לצפר, לך פון רעדאַקציע א א. וו. כ׳האָב שוין פאַרגעסן, וויפיל נעמען איך האָב. אַן ערך הונדערט מיט אַכציק...

און דו?

דו שווייגסט.

איך גלויב מיטן גאַנצן האַרצן, אַז ווען דו זאָלסט זיין אין וואַרשע, וואָלטן מיר „געמאַכט גוטע געשעפטן״ – אָבער וואָס זאָל מען טון!...

דער שכר פאַר מיין גאַנצער מי – וואָס מיין שטוב איז פול

מיט ביכער, דאָס מויל פון מיינע שונאים – פול מיט קללות, מיין קליינע צאָל פריינט – שאָקלען, באַדויערנדיק, מיט די קעפּ...

און איך בין דיין ברודער
ל. פּרץ]

*24*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[עס איז דער לעצטער בריוו, וואָס פּרץ האָט געשיקט צו יעקב דינעזאָן קיין קיעוו. י. דינעזאָן פאָרט אַריבער קיין ווארשע, און דער בריוו-אויסטויש ווערט איבערגעריסן אויף אַכט יאָר, (אויסער איין בריוו פון אָטוואָצק קיין ווארשע, פון יאָר 1901) ביז 1903, ווען פּרץ פאָרט אַרויס קיין אויסלאַנד אויף זומער-אָפּרו און שיקט דינעזאָנען קורצע אַנזיכטס-קאַרטעס און—אין די שפּעטערדיקע יאָרן— אויך גרעסערע בריוו אויף יידיש]

ווארשע, 4 אַפּריל, 1895

ידידי!

הטרם ידעת, כי איננו תלוי בדעת עצמי. טרם התאספו וההליטו, מה יכולתי לענות לך?

הספור הנדפס למענך היא בעד „שכר טרחתך" או „שכר סופרים" בעדך, וע"כ אומרים הם שהפלאטען והמעטריצין הם קנין הביבליאטעק. ואם חפץ אתה בפלאַטען ומעטריצען, עליך לשלם מחיר העקזעמפלאַרין 75 רובל. –

ההחלטה הזאת על אפי ועל חמתי, אך מה אוכל עשה, והם הטביעו כשני אלפים בהעיסק, ואינם רואים אף אגורה אחת בהחזרה. נחלט ג"כ לשלוח על חשבונך. חכיתי איזה ימים אולי תמצא ידי לשלם התשלום, אך ריקות נשארה מכל... דל אני – ואתך הסליחה.

הודיעני את חפצך. אני אדמה, שלא תחפוז לקנות הפלאַטען והמעטריצען מידם, כי [נישט לייענבאַר] צרך, כל זמן שישנם עקזעמפלאַרען?

אחיך
ל. פּרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי!

ווייסט דען נישט, אַז איך האָב נישט אַליין די דעה, און איידער מען האָט זיך צונויפגעקליבן און באַשלאָסן, וואָס האָב איך געקאָנט דיר ענטפערן?

די דערציילונג, וואָס איז אָפּגעדרוקט פאַר דיינעטוועגן, איז פאַר דיין „שכר-טרחה" אָדער פאַר דיין האָנאָראַר, און דעריבער זאָגן זיי, אַז די פלאַטן מיט די מאַטריצן זענען אַן אייגנטום פון דער ביבליאָטעק. און אויב דו ווילסט די פלאַטן און מאַטריצן[1], באַדאַרפסטו באַצאָלן די ווערט פון די עקזעמפּלאַרן 75 רובל. —

אָט דער באַשלוס איז קעגן מיין ווילן, אָבער וואָס זאָל איך טאָן. זיי האָבן אַריינגעבראָקט אינם עיסק[2] אַ צוויי טויזנטער און זעען קיין פּרוטה נישט צוריק.

ס'איז אויך באַשטימט געוואָרן צו שיקן עס אויף דיין חשבון. איך האָב געוואַרט אייניקע טעג, אפשר וועט מיר געלונגען צו באַצאָלן די סומע, אָבער איך בין געבליבן אויסגעליידיקט פון אַלץ... איך בין אָרעם — און דו וועסט מיר מוחל זיין.

טייל מיר מיט דיין ווילן. איך רעכן, אַז דו באַדאַרפסט זיך נישט איילן אויסצוקויפן די פלאַטן און מאַטריצן, ווייל דו באַדאַרפסט זיי דאָך נישט האָבן, כל זמן עס זענען דאָ עקזעמפּלאַרן.

דיין ברודער

ל. פּרץ]

## 25

## צו י. י. פּראָפּוס

[די אַלע ווייטערדיקע בריוו פון פּרצן צו י. י. פּראָפּוס זענען געשריבן אין די יאָרן 1896—1900 קיין קאָוונע און מיטאווע. י. י. פּראָפּוס האָט דאָן געשיקט צו פּרצן לידער און נאָוועלן אין יידיש פאַר די

1) ס'האנדלט זיך, מסתמא, וועגן די מאַטריצן פון דינעזאָנס „הערשעלע".

2) אין די אויסגאַבעס פון „די יודישע ביבליאָטעק".

אויסגאבעס, וואָס פרץ האָט געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן. אין קאָנוע האָט, אגב, דאַן געדינט אין מיליטער אברהם רייזען, מיט וועמען י. י. פּראָפּוס איז געווען באַפריינדעט.—דאָס ערשטע בריוול איז געשריבן אויף א פּאָסט-קאַרטל מיט א פירמע: „רעדאַקציאָן: „יודישע ביבליאָטעק", „ליטעראַטור און לעבען", „יום-טוב-בלעטליך" און אנדערע העברעישע און זשאַרגאָנישע אויסגאַבן י. ל. פּרץ, וואַרשאַ, צעגלאַנא 1 №]

(פונעם אָריגינאַל)

[אָן א דאַטע, געשריבן לערך אין יאָר 1896—1897]

אדוני!

השירים אינם רעים, גם היו טובים, לולא השפה, שאיננה המדוברת, כי אם יותר מדאי אשכנזית.

מוקירו
ל. פּרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

אדוני!

די שירים זענען נישט שלעכט, זיי וואָלטן געווען גוט, ווען נישט די שפּראַך, וואָס איז נישט יידיש, נאָר צופיל דייטשמעריש.

זיין פאַרערער
ל. פּרץ]

## 26

## צו י. י. פּראָפּוס

(פונעם אָריגינאַל)

[אָן א דאַטע, לערך אין יאָר 1897]

אדוני!

הנני משיב לך את ספורך. בכלל הוא טוב וגם ראוי מאד לדפוס, אך אינני מוציא לאור עוד.

עברתי בעפרוני על איזה מקומות. 1) ישנן עוד מלין אשכנזיות יותר מדי. 2) ישנן מלין גסות המוניות, המקלקלות את השורה. וגם יש לי הערה אחת כללית:

ספור כזה צריך להכתב בתמימות, במעט אמונה ואך שמץ לעג נסתר! צריך אתה לעמוד על נקודת הראות של המאמינים, לדבר ולספר כמו שהם מספרים; נחוצה גם התלהבות קטנה, והספור, והמאורע בפני עצמו יוכיח!

פרצופים אין. נחוץ באיזה שרטוטין קלים לתת תמונת האנשים. למה לך להאכיל טרפות את הרופא? הלא על ידי זה יוקטן ערך הבטחון. הרופא רופא פשוט הוא, אלא הבעל אינו קורא לו משום בטחון. והחולה בעצמה – צר לה על ההוצאה, או מחכה היא שיקרא הוא את הרופא... ואולי זאת היא שאלתה, שאינה מבטאה בפה... ואם תבטא תוכל לומר, לא למעני, כי אם למען הילדים, כי אם למענך, כי מי יתן לכם פת לחם? ואולי היא השליח לרפואתי?

נחוץ למחוק את הטבע ולתת מקום להקב"ה. מלחמת הבית איננה מובנת, או למחוק או לתאר את המלחמה שהיתה לו עם הרוחות מבחוץ והרמה ותולעי העץ מבפנים.

והנני מוקירו
ל. פרץ

P. S. אם יעתיקנו לשפת עבר, ישלחנו אלי בשביל הצפירה, ואם יהי נצרך לתקון – אתקננו.

[די יידישע איבערזעצונג. –

ידידי!

איך קער אייך אום אייער דערציילונג. בכלל איז די דערציילונג גוט און געוויס דרוקפעיק, אָבער איך גיב מער גאָרנישט אַרויס.

איך האָב מיט מיין בליישטיפט אָנגעצייכנט איייניקע ערטער. 1) ס'זענען דאָ נאָך צופיל דייטשישע ווערטער. 2) ס'זענען דאָ גראָבע המונישע ווערטער, וואָס מאַכן קאַליע. איך האָב אויך איין אַלגעמיינע באַמערקונג.

אַזאַ מין דערציילונג דאַרף געשריבן געוואָרן מיט תמימות! איר דאַרפט זיך שטעלן אויף דעם שטאַנדפונקט פון די גלויביקע, און רעדן און דערציילן אַזוי ווי זיי דערציילן; ס'פאַרלאַנגט זיך אויך

אַביסל התלהבות, און די מעשה, און די פּאַסירונג פאַר זיך פאַר-לאַנגט עס!

קיין געשטאַלטן זענען נישטאָ. מ'באַדאַרף אין אייניקע לייכטע שטריכן געבן די געשטאַלט פון מענטשן. צוליב וואָס באַדאַרפט איר דעם דאָקטאָר צווינגען צו עסן טריפה? דורכדעם ווערט דאָך קלענער דער ווערט פונם בטחון. דער דאָקטאָר איז דאָך אַ פּשוטער דאָקטאָר און דער מאַן רופט אים נישט צוליבן בטחון, און די קראַנקע גופאָ—ס'טוט איר באַנג די הוצאה, אָדער זי וואַרט, אַז ער זאָל רופן דעם דאָקטאָר... און אפשר איז עס איר ווילן, וואָס זי רעדט נישט אַרויס מיט איר מויל... און אויב זי זאָל אַרויסרעדן, וואָלט זי געזאָגט: נישט צוליב מיר, נאָר צוליב די קינדער, נאָר צוליב דיר. ווייל ווער וועט אייך געבן אַ שטיקל ברויט? און אפשר איז ער דער שליח אויף מיין געזונט ווערן?

מ'דאַרף אויסמעקן די נאַטור און געבן אַן אָרט פאַר גאָט. דער קאַמף אין שטוב איז נישט פאַרשטענדלעך,—אָדער אויסמעקן, אָדער שילדערן דעם קאַמף, וואָס ער האָט געהאַט מיט די ווינטן אין דרויסן, און די ווערים פון דעם בוים אינעווייניק.

און איך בין אייער פאַרערער
ל. פּרץ

P. S. אויב איר וועט עס איבערזעצן אויף העברעיש, שיקט מיר עס צו פאר דער „הצפירה“, און אויב ס'וועט נייטיק זיין צו פאַרריכטן — וועל איך עס פאַרריכטן.] —

27

## צו י. י. פּראָפּוס

(פונם אָריגינאַל)

[וואַרשע, 28 מערץ 1898, קיין קאָוונע]

אדוני!

הא תודתי בעד מכתבך. השירים היו טובים מאד, ואני יכול לכתוב אודותיו הערות, אף כי בכמה מקומות הרגשתי חסרונים, לפי שבאותה הרגע שקבלתים, שלחתים לארץ החדשה ולמכ"ע חדשי. —

בזו הרגע הנני טרוד מאד וע״כ אפרד ממך לעת אחרת.

מוקירך
ל. פרץ

P. S. I כמדומה לי, שיודע אתה, אדוני, את ה׳ רייזין; הגד נא לו שלא עלה על דעתי לכועס, אך עתותי אינן בידי וגם לא יכולתי לענות מפני חוסר חומר. שלח לי ה׳ [רייזין] שירים אחדים ונאבדו מעל שלחני בשעת „חירום״ שלפני החג הכפול, כי האמה חוגגת את חגה הנוצרי. הגד נא לו גם זאת, שאין ביכלתי לשלם מראש בעד עבודה, כי אם בעד עבודה שכבר קבלתי. הנ״ל —

P. S. II על אודות נחוצת שירי העם (לישנא דדהבא!) אכתוב בקרוב. אבל כנ״ל, טרוד אני מאד בענינים אחרים. הנ״ל —

[צושריפט פון אויבן]

המכתב מונח על שלחני זה ימים רבים, כי שכחו לשלוח אותו ואתו הסליחה.

הכתובת לאמעריקע: ניו-יאָרק, ב. גארין, 170 הענרי סטר.

[די יידישע איבערזעצונג. —

אדוני!

נעמט צו מיין דאַנק פאַר אייער בריוו. די לידער זענען געווען זייער גוט. איך קאָן נישט שרייבן וועגן זיי קיינע באַמערקונגען, הגם איך האָב באַמערקט אין אייניקע ערטער פעלערן, ווייל אין דעם מאָמענט, וואָס כ׳האָב זיי באַקומען, האָב איך זיי אַוועקגעשיקט אין דעם נייעם לאַנד, אין אַ חודש-זשורנאַל.

אין דעם מאָמענט בין איך זייער פאַרנומען און דעריבער שייד איך זיך איצט אָפּ פון אייך ביז אַן אַנדער צייט.

אייער פאַרערער
ל. פרץ

P. S. I מיר דאַכט, אַז איר קענט דעם ה׳ רייזין; גיט אים איבער, אַז מיר איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו זיין ברוגז, נאָר איך האָב קיין צייט נישט און נישט געקאָנט ענטפערן, ווייל ס׳פעלט מיר שטאָף.

ה׳ רייזין האָט מיר געשיקט אייניקע לידער, זענען זיי פאַרלוירן געגאַנגען פון מיין טיש אין דער „חירום״-צייט, וואָס פאַר דעם טאָפּל-יום-טוב, ווייל די דינסט פּייערט איר קריסטלעכע חגא. זאָגט אים אויך, אַז איך האָב נישט קיין מעגלעכקייט צו צאָלן פאָרויס פאַר אַרבעט, סיידן פאַר אַרבעט, וואָס איך האָב שוין באַקומען.

הנ״ל

P. S. II וועגן דער נויטיקייט פון שירי-העם (אַ גאָלדענע שפּראַך!) וועל איינגיכן שרייבן. אָבער ווי געזאָגט בין איך זייער פאַר-נומען אין אַנדערע ענינים. הנ״ל

[צושריפט פון אויבן, אויף דעם בריוו

דער בריוו ליגט אויף מיין טיש אַ לענגערע צייט, ווייל מ׳האָט פאַרגעסן אים אָפּצושיקן, און איר וועט מיר מוחל זיין.

דער אַדרעס קיין אַמעריקע: ניו-יאָרק, ב. גאָרין 170 הענרי סטר.]

28

## צו י. י. פּראָפּוס

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף א פּאָסט-קארטל,
ווארשע, 20 יוני 1899, קיין מיטאווע]

ידידי,

במכתב קודם לזה הודעתיך, כי מחדש אני את היו״ט בלאטליך, אך המכתב לא בא לידך מפני שנוי מקום.

ה׳ רייזין מסר לי את כתובתך החדשה, והנני משנה את בשורתי ומבקש לשלוח לי הרבה, הרבה למבחן.

מוקירו
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי,

אין מיין פריערדיקן בריוו האָב איך אייך מיטגעטיילט, אַז איך

באַניי די „יו״ט-בלעטלעך״[1]. אָבער דער בריוו האָט צו אייך נישט דערגרייכט, ווייל איר האָט געביטן אייער אָרט.

ה׳ רייזין האָט מיר איבערגעגעבן אייער נייעם אַדרעס, חזר איך איבער מיין בשורה און בעט צושיקן מיר פיל, פיל אויף אַ פּראָבע.

אייער פאַרערער
ל. פּרץ]

*29*

## צו י. י. פּראָפּוס

[אָן א דאטע] (פונם אָריגינאַל)

אדוני

הספור „חיים טרעגער״ לא יצלח. חיים טרעגער איננו חי נושא את עצמו ואינו שוה להיות לנושא הספור, — השירים טובים.

את ההוצאה „צייט גייסט״ אין לי כל דין ודברים ולא אוכל אפילו להיות לך למליץ.

בנוגע לשפה — קלולה היא יותר מדאי. אין לך „דאַס״, כ״א „דער״ או „די״. (איין אויסגעבלאָזענע איי״ — וצ״ל דאָס איי). רבו מאד המבטאים הרוססים. וגם מבטאים אשכנזיים לגמרי.

עוד זאת: החילות אדוני לכתוב מה שאני קורא „ציערליך־מאניערליך״, השפה איננה ט ב ע י ת, אינה נובעת ממקור הלב, — אתה משתדל ליפותה, לעשותה לנאה ומחוכמת — והשפה שאינה פשוטה, חזקה, כי אם מלאכותית, לא תפעול על הלב. —

בסגנון זה נכתב מכתבך, מכתב צעצועים...

חדל לך מזה.

„הכתיבה כדת אין אונס״ — אם נמלא הגביע יותר מדאי הוא נוטף סביבו ממילא; לא טוב להפוך את הלב למען ידלוף... חכה עד אשר יתמלא, עד אשר יטיף בעצמו. וספורך אמנם אינו בא ממלוא הלב. חפצת לכתוב ספור כזה וכתבת. לא סבלת יסוריו של הפועל

1) פרץ האָט מער די „יו״ט-בלעטלעך״ נישט ארויסגעגעבן. אין אויגוסט 1899 איז פרץ ארעסטירט געוואָרן פאר זיין אָנטייל נעמען אויף אַן אומלעגאַלער פארזאמלונג אויז אָפּגעזעסן עטלעכע וואָכן אין ווארשע אין 10-טן פּאוויליאָן. דערנאָך איז בעגרינדעט געוואָרן „דער יוד״, ווו פּרץ איז געווען אַ שטענדיקער מיטארבעטער.

ואתה חפץ לתאר אותם... אין אני מבקש „כלי ראשון", לא מן הצורך שתהיה בעצמך הפועל, אם אך „מבשרך לא תתעלם", תרגיש כמוהו, תחיה בצערו. אבל לא בא לך עוד הזמן...

מוקירך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

אדוני.

די דערציילונג „חיים טרעגער" טויג נישט. חיים טרעגער איז נישט קיין זעלבסטשטענדיקער טיפּ און ער איז נישט ווערט צו זיין אַ העלד פון אַ דערציילונג. די לידער זענען גוט.

מיט דער אויסגאַבע „צייט גייסט" האָב איך קיין שום שייכות נישט און איך קאָן אַפילו נישט רעקאָמענדירן אייך.

בנוגע דער שפּראַך — איז זי צופיל צעמישט. איר האָט נישט קיין „דאָס", נאָר „דער" אָדער „די" (איין אויסגעבלאָזענע איי—מ'דאַרף שרייבן דאָס איי). זייער פיל רוסישע אויסדריקן, און אויך דורכויס-דייטשע אויסדריקן.

און נאָך: איר האָט אָנגעהויבן צו שרייבן דאָס, וואָס איך רוף אָן „צירלעך-מאַנירלעך". די שפּראַך איז נישט נאַטירלעך, זי שטאַמט נישט פון טיפן האַרצן, — איר באַמיט זיך זי צו פאַרשענערן, צו מאַכן זי שיין און קלוג — און די שפּראַך, וואָס איז נישט פּשוט, פּעסט, נאָר געקינצלט, ווירקט נישט. —

אין דעמזעלבן סטיל איז געשריבן אייער בריוו, אַ צאַצקע-בריוו... לאָזט עס צורו.

„דאָס שרייבן איז לויטן געזעץ — מ'טאָר עס נישט צווינגען" — אויב דער בעכער איז איבערפולט, גיסט ער זיך ממילא אַריבער; ס'איז נישט גוט איבערצוקערן דאָס האַרץ, ס'זאָל פון אים רינען... וואַרט אָפּ ביז ס'וועט פול ווערן, ביז ס'וועט רינען פון זיך, און אייער דערציילונג קומט נישט פון פולבלוטיקייט. איר האָט געוואָלט שרייבן אַזאַ מין דערציילונג — און אָנגעשריבן. איר האָט נישט געליטן די יסורים פונם אַרבעטער, און איר ווילט זיי שילדערן... איך פאַרלאַנג נישט קיין „כלי-ראשון" [פון דער ערשטער האַנט], ס'איז נישט נויטיק, איר זאָלט אַליין זיין אַן אַרבעטער. אַבי נאָר אנר

„פארבאהאלט זיך נישט פון אייער הארציק-נאָענטן", וועט איר פילן ווי ער, און איר וועט לעבן מיט זיין פיין, אָבער דערווייל זענט איר נאָך נישט געקומען דערצו...

אייער פארערער
ל. פרץ]

30

## צו י. י. פראָפּוס

(פונם אָריגינאַל)

[די עטלעכע בריוו פון פרצן צו י. י. פּראָפּוס, געשריבן שוין אין יידיש, גיבן מיר אין דער אָרטאָגראַפיע און מיט די אויסשפּראַך-אייגנאַרטיקייטן, ווי זיי זענען געשריבן דורך פרצן. נאָר אַנשטאָט אֶ גיבן מיר אָן ע זיי געהערן צו די יאָרן 1898—1900]

העררן פּראָפּוס, קאָוונא

קודם כל האָב איך צו'ן אייך אַ בקשה – שרייבט בריעף נישט איינגעמאַכטס, זייט מיר נישט צו זיסס. איך שטעה אייך אַללס צו דיענסטען, נור האָט פאַר מיר איין איינפאַך קאָלעגענגעפיהל, נישט מעהר.

וועגען דער שפּראַכע:

ביי'ן אייך האָט איהר מעהר דייטשע אויסדריקקע, פאַר דאָס האָט איר פון רוססישען גענוממען 2 געשלעכטער אונ איהר זייט מיט זיי יוצא פאַר דריי. („די קאָפּף, די ווייב" וכדומה). מיר, דאַגעגען, האָבען מעהר סלאַוויאַנישע אויסדריקקע, נור פאַר דאָס – אַללע דריי געשלעכטער, מעהרנסטענטהיילס די זעלבע וואָס אין דייטשען. צי אונזער שפּראַכע איז עהנליך די אדעססער.

כדי איינער זאלל דען צווייטען פערשטעהן, מוסס איינער ביים צווייטען אננעמען דאָס גוטע. מיר וואַרפען אַרויס פרעמדע ווערטער, איהר וואַרפט אַרויס די רוססישע גראמער און מיר וועללען זיך צו-זאַמענקוממען.

זאלל וועניגסטענס זיין א י י ן זארגאָן.

צ'נד איין עצה טובה. סימבאָליזם איז אַ גוטע זאך; דעקאדענטיזם

איז גאנץ אָפּט אַפּעטיטליך ווי וועָרמיגער שווייצער קעז... טהייל מאל האָבען מיר אַליין קיין קלאָר-אויפגעפאַסטע אידעען, אונ איידער מיר פערשטעהען זיי, פיהלען מיר זיי אין בילדער; גאַנץ אָפּט ווייטער זעננען מיר מיעד אונ פינסטער, עס איז ביי אונס נאַכט, נור עס בלאנקיט זיך נאך עטליכע שטראהלען ווי פון דער זונן פערגעססען — עס איז אלץ גוט. נור איין זאך איז שלעכט — די שוהלע. פון קיין שוהלע קומט קיין גוטס נישט אַרויס. אללענפאלס שטאמט די פּאָעזיע פון האַרץ, נישט פון דער שוהלע...

איך לעז אייער געדיכטע אונ טראַכט ביי מיר: בטבע איז הערר פראָפּוס קיין דעקאדענט נישט. ווי קומט עס ער זאָלל זיך קראצען מיט ד׳אייגענע נעגעל אונטער די אָרים? בטבע אַרט איהן, וואָס די יוגענד ענטלויפט, די ליעבע פערבליהט, וואָס זיין פּאָלק קרעכצט אונטער דער יאָך, — בטבע האָפּט ער צו גוטע צייטען, ווענן קרעכצען וועט זיין פערבאטען אין Уложеніе о наказаніяхъ אין אַ בפירוש ארטיקל — ווי זשע קומט ער צו גריזשען פוילע ביי-נער? מאי כולי האי?

איך לעז אייער געדיכטע און פיהל אין זיי ריינע, אין אייערע יאָהרען נאַטירלעכע, פרייע ראָמאַנטיק, נור בעדעקט מיט אַ געקינסטעלט מאָדערנען דעקאדענטען-שלייער — נאָך וואָס?

אין אייער געדיכטע ברענט שוין די אידעע, טהייל מאָל רויכערט זי אַפילו סוואָנדיג, נור שטענדיג ווייסט איהר קלאָר, וואָס איהר ווילט, רעדט איהר אַרויס וואָס אייער האַרץ באַגערט — ווי קומט איהר צו סימבאָליק און דעקאדענטיזם? נייט אייך די צענזור צו סימ-באָליק און די מאָדע צו דעקאדענטיזם?

אלס פראָבע זעננען אייער געדיכטע גוט, זעהר גוט, נור מאכט אייך דערפון קיין מנהג נישט; געפרופט, עס איז געראָטען און גענוג — זייט געזונד און צוריטטעלט ביי אַנדערע נישט די נערווען...

## א) בית עולם בלעטליך

1) האָרך, דער ווינד רייסט אימּמער פרייער"
פרייער אונפאססענד — שטאַרקער. (P. S. — נישט וויכטיג)

2) אונ „אין וועלט-בית-עולם-ברייטען"
אָדער: אין ברייטערן וועלט בית-עולם,
אָדער: אין וועלט-בית-עולם, אינ׳עם ברייטען.

3) הערט זיך יאָמערליך אַ ק י נ ה"
אַ „קינה" צו שוואַך. (נישט וויכטיג)
4 „פון אַ גוסס, פון אַ טויטען" –
פון אַ גוסס הערט זיך חאָרחלין, פון אַ טויטען גאָר נישט.
(און דאָך איז דאָס בילד שען)
5) „טיעף-שנעע"
עס ברויך זיין טיעפער שנעע
6) „תכריכים געצויגען" –
איבער געצויגען? איבער וואָס?
7) „ווי פייל פונעם בויגען"
אָדער: פייל פון בויגען
אָדער: די פייל פון דעם בויגען.
8) „עס בייטען זיך צייטען –
אַ פריהלינג אַ שענער".
צו קורץ – „שענער" צו בעל-בתיש.
9) „וואו בלייבסט דו א ה י נ ט ע ר".
אפשר רעדט מען אַזוי ביי'ן אייך; דאָך – וואולגער.
10) דאָס האַרץ איז אַ קבר, דער קבר פ ו ן א ו י ב ן איז פער-וואָרפען מיט שטיינער, א י נ נ ע ר ו ו ע נ ד י ג ליעגען בילדער-זכרונות – פערשימעלט ביינער."
מען מוסס קלאָר שרייבען.
11) ווענן אייער נשמה איז הונגעריג – עסט א י ה ר טויטע ביינער, קריגט אייער מאָגען אַ קאטאר!..."
שוואַך!
12) „אח, ווי נעמט מען..."
נאָך וואָס צוויי מאָל „אח ווי נעמט מען?
13) „זעה איך פון מיר איהר"
5 איינזילביגע ווערטער צוזאממען זעננען אונמעלאָדיש.
14) „ווען טרערען וואָלט איך נור האבען"
אַ קינסטליכער זאַץ. שרייבט איינפאַך!

ב) פ א ר אָ ד י ע

15) „קירצע פרעק", נישט פראקען".
16) „אח, קוים וואלטען מענשען זיין זיי..."

הינקענדיגער פערזמאָס, וואָס פאַלט נישט צוזאַמען מיטן לאָגישען אַקצענט; געקינסטעלטער, אונפערשטענדליכער זאַץ. וואָלטען זיי חאָטש מענשען געוועזען!

17) „מערקור” — וואַרפט איהן איך בעט אייך אַרויס, איין אי- בעריגער פוילער ביין, אונ דער יידישע לעזער באַקומט נאָך איין איבעריגען מאָגען־קאטטאר.

ג) אני מאמין

18) שנעע — געהט נישט אויס

19) אָבגעטינקט — גראב אונפערשטענדליך.

20) „פון די קייטען זיך בעפרייען” —
וועր?

21) די איבערזעצונג פון החץ איז שוואכליך, צו בּרייט און צו לאַנג. מען מוסס זיך קורץ פאססען. —

---

און צינד האָב איך צון אייך און אייער קאָלעגען אַ בקשה (געוויסס האָט איר קאָלעגען). העלפט מיר, יונגע לייט, צו זאַמלען פאָלקס־ליעדער. איר קענט אויף מיין רעכנונג אייך עטלעכע רובל קאָסטען מאַכען. גוט?

מיט אַכטונג
ל. פּרץ

וואָס הערט זיך ביי'ן אייך וועגען ציוניזם?
וואָס זאָגען געבילדעטע, בעלי־בתּים, בעלי־מלאכות, אַרבייטער און פּראָצענטניקעס? —
שרייבט!

הנ"ל

31

# צו י. י. פראָפּוס

(פּינם אָריגינאַל)

געעהרטער הערר.

אים אַלגעמיינעם איז דאָס געדיכט: „איין ערנסט וואָרט איבער קיידאנאר בלאָטע" נישט גוט, עס איז נישט שען, צו וועניג וויציג און מעהר ווי מען מעג — פלאַך. לאָזט געמאַך די בלאָטע, איהר [זענט] געוויסס צו יונג, אייער געמיטהה איז געוויס צו וועניג ביטטער, איהר זאָלט בעזינגען בלאָטע און בלאָטע-פראצען.

און דאָך געפינען זיך אייניגע זעהר גוטע סטראָפען. בכלל איז דאָס געדיכט צו לאַנג און דעריבער לאַנגווייליג. דאָס געדיכט איז געוויסס סימבאָליש, נור דאָס נמשל קוקט נישט אַרויס פון דער בלאָטע, און די בלאָטע אַליין עקעלט, בפרט אַז איהר זאָגט אונס צו, אַז די בלאָטע וועט בלייבען, נור מען וועט אויף איהר רחמנות האָבען. די טרייסט, אַז פון דער בלאָטע וועלען אַרויס „פראצען" — ווייס איך? ערנסט צי חוזק — בלאָטע בלייבט בלאָטע. איך אַליין האָב שוין אויך צו פיעל גערעדט.

דעם „פּ אָ ע ט ס י א ו ש" — שטייט פיעל העכער. אייניגע פעהלער:

1) דעם „פּאָעטס-יאוש" קלינגט נישט גוט. עס דערמאָנט אין די פּאַרצייטישע געטטער — האַלב פיש, האַלב פויגעל... „יאוש" מיט „פּאָעט" לאָזן זיך נ אָ ך אין איין נאָמען נישט צושמעלצען. מיט דער צייט — אפשר יאָ. דערווייל שרייבט בעסער: דעם פּאָעטס פער-צווייפלונג.

2) אויפ'ס ניי ערוואַכט א וואונד — עס עפּפענט זיך איין אַלטע וואונד, דאָס איז ריכטיג. נור אַ זיפץ ערוואַכט נישט, עס קאָנן נור צוריק קוממען: דאָס אַלטע זיפצן, דאָס אויסגעזיפצטע קומט נישט צוריק נאָך אַמאָל אויסגעזיפצט צו ווערען.

3) איך האָב אַלץ געגלויבט י אָ מיט ליעדער צו קעננען" — וואָס טויג דער „י אָ"? — און אַפילו דער „אלץ"?

4) נישט מינדער איז אָבער „צו קענען״ – אַ פּאָעט מוס זיך פּאסטען אביסל קירצער: „איך האָב געגלויבט מיט לידער צו פּערוויגען, איינצושטיללען דען שמערץ״ –

5) פּערלעשען – ?что אונ נישט чему – על כן–דאס אונ נישט דעם העללישען פייער.

6) יעממערליך – הארץ, געוויס האָט איר געוואָלט זאָגען; יאָמ-מערנט הארץ״ – נישט וואָהר?

7) אין הימעל געבויט מיין אָרט. ערשטנס האָט ער געוואָלט אונ נ י ש ט געבויט, צווייטענס, איז גענוג צווישען די וואָלקען, דריטענס וואָלט בעססער געוועזען אַ נעסט אָדער איין אָרט אונ פיערטענס וואָלט בעססער געווען איין איינפאַכער, אַ וויינינגער הויכער, נאָר פאַר דאָס אַ טיעפערער אויסדרוק.

8) נישט „דער״ נור ד אָ ס פייער.

9) אראָב ו ו ע ט פון אייך אייערע קייטען. צ״ל: ו ו ע ל ל ע ן, ווי אויך: „אַוועק וועללען די קינות״, נישט אַוועק וועט – נור דער גאַנצער אויסדרוק, אַז „די קינות וועללען אַוועק״ אונ דערצו „פון האַרץ״ אונ דוקא „ביי נאַכט״ – איז פאַלש. קלאָג-לידער קאננען אויפ-הערען, נור נישט „אַוועק״!

10) „מיין פאָלק וועט אָבלעבען״ – אָבלעבען הייסט: דאָס לעבען ענדיגען, שטארבען. „אָבלעבען זיינע יאָהרען אין נחת אונ – שטאַרבען מיט כבוד איז גאָר אַלץ איינס.

11) מיט קרעפטען בענייט – שוואך, וואוללגאר...

12) מיט מוטה אונ מיט שטאָלץ... דאָס זאָלל הייסען מוטהיג אונ שטאלץ, נו שרייבט בעסער: מוטהיג אונ שטאָלץ.

אונ דאָך – דער פונק איז דאָ.

זעהר שעהן אונ ריהרענט, כמעט ערהאבען איז די סטראָפע: פערשוואַרצט נאָך דיין הימעל וכו׳

נור פאַר דאָס טאָר מען [נישט] שרייבען: זוד יג ע טרערען, בור זודענדיגע! איהר הערט, מען טאָר נישט אַנדערש, וויי...

איין אלגעמיינעם פעהלער האָט דאָך דאָס געדיכט, וואָס די ערשטע סטראָפען זעהן אויס ווי סוביעקטיווע – די רעשט באַהאַנדלען פאָלקס ליידען.

די בעסטע שפּראַכע איז אינם געדיכט: „דאָס יודישע קינדהייט״

אויב צוואהר עס דאַרף הייסען „די יודישע קינדהייט“. עס האָט זאָגאַר אונמעגליך געשריבענע סטראָפען ווי:

ער פאַרליערט אַלץ, אַלץ
דאָס וואָס נויטיג איז
איז פאַר יעדערן
מענשען אין דער וועלט

אַ סטראָף, וואָס הינקט און לאָמט מיט אַ שלעכטער פראַזע, דאָך זעהט מען שוין אַ ריינערן פערז-מאָס, בפרט אין אָנהייב.

ווי אויך צום ביישפיל:

אז גאָר וויססען זאָלל
פון אַ קינדהייט ער —

עס דאַרף צו פיעל אַרבייט אַזאַ זאַך צו פערשטעהן.

אַזוי טאָר מען נישט, עס דאַרף זיך גיעסען ריין און קלאָר.

גראממאטיקאלישע פעהלער אין די מאַססען. איהר פערשטעהט דאָך דייטש?!

נישט שלעכט איז „דער פאָעט“. נור איך ווייס נישט, ווי אַזוי אַ שטערן בייגט זיך אין ב ר ע ק ל י ך?

ווי אַזוי דער שוויס ק אַ פ י ט ש ט ר ו מ ע נ ו ו י י ז?

ווענן פעראייניגט זיך שוויס (מיעדקייט) מיט טרויער? שלעכט איז „טויט-שטילל“, ווענן אויף שטילל דארף פאללען דער אַקצענט, אָבצוואר, „שטילל“ און „געפיהל“ זעננען זאָ ווי זאָ שלעכטעריימען.

אויך ווייס איך נישט ווי אַזוי די מוזע בעט דער דיכטער זאָלל א י ר זינגען; געוועהנליך איז פערקעהרט.

שווערליך איז אויך צום פערשטעהן אויף וואָס אַ ג ו ר ל ווערט געבוירען. געבוירען ווערט אַ מענש.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

געקינצעלט און אָהן געפיהל איז דאָס לעצטע געדיכט: פערפלאָכטען מיט אייזערנע... הויך-קלינגענדיגע ווערטער, פאַלשע בילדער, אַ „צעררייססענער מוטה“, „פערפלאָכטען און פערטשיעפיט“ און דערצו „פערוועבט ווי אין נעצען“ און אייזערנע פעדעם... „באַן“ גערייםט מיט „פאַנג“ — ...

און איהר ליגט פערגלאָצט — און איהר זינגט קיין ליעדער, נור זיפצען זינגט איהר... און „זיפצען אַרויס“ —

הערט אויף! זוכט קיין שטאַרקע ווערטער, שרייבט נור וואָס, וויאַזוי און וויפיעל איהר אַליין פיעלט! נור שרייבט, קיין מייסטער ווערט נישט געבוירען און דער פונק איז דאָ.

ערגעבענסט
ל. פרץ

PS אין בריעף מוזען זיין איינינגע פעהלער. פערצייהט, עס פעהלט מיר צייט איבערצולעזען און צו פערריכטען. וועגען „וויססען וואָלט איך" האָב איך פערגעססען צו שרייבען.

„אויפלעבען" איז צו שוואַך פאַר תחית המתים.

און פריהער הערט מען שופר של משיח, דערנאָך שטעהט מען אויף. שלעכטע אויסדריקקע האָב איך אונטערצייכענט.

## 32

## צו י. פראָפּוס

(פונם אָריגינאַל)

[אָן א דאַטע]

געעהרטער הערר פּראָפּוס.

אייער בריעף מיט אייערע געדיכטע האָב איך ערהאַלטען. דען אמת צו זאָגען, וואָלט איך יוצא געוועזען מיט אונטערשרייבען אייער אייגענע קריטיק, נור, ווייל איהר האָט פאָראויסגעזעהן די מעגליכקייט און פערלאַנגג איהר [איך] זאָלל אייך אויספיהרליכער שרייבען, טהו איך עס. איך טהו עס, ווייל איהר זייט ווערטה, ווייל אייערע לעצט-געשיקטע געדיכטע בעווייזען איין אָנגעהייער פאָרשריט.

נאָך אַזאַ גרויסען, חאָטש איין אמתען קאָמפּלימענט, מעגען זיין אויך עטליכע ביטטערע ווערטער.

### פּאַראַללעל

1) מיט דעם שטאַרקען ריזען כח.

פאַלש. „ריזען-כח" איז מעהר אַלס שטאַרק. — „ריזען-כח" איז שלעכט געבונדען, דייטש העבראיש אין איין וואָרט.

2) פינטיגע הערנער זעננען נישט נור קיין גוזמא נישט, נור אַפילו צו אַ שוואַכער אויסדרוק.

3) „גלות-שכינה” — עס דאַרף זיין „גלות השכינה”.
4) „זיין שטאָלצקייט אין זיין הימעל” — צו פינסטערליך.
5) די „קרינאָלינע” פאַסט פאַרן שטיער-אָקס זעהר ווייניג.
6) „יענע פרומע לעמעל”, עס דאַרף זיין — יענץ פרום לעממעל.

Среднiй родъ

און דאָך — דאָס געדיכט איז גוט.

II * * *

1) „די וויהטאָג” נישט דער. —
2) זעהסט דער פריהלינג קומט אַ ה ע ר. דער אַהער איז שוואך, איבריג.
3) ליכט פ ל א ק ק ע ר ט נישט, נור פ י י ע ר.
4) ד אָ ס נישט ד ע ר גראָז.
5) אויפהייבען גראָז פון דער ערד, הייסט: אָבגעריססען גראָז אויפהייבען, אין האַנד אַריין נעמען; נישט מעהר.
6) „אויך דער וואָרם, וועלכער קריעכט”. — שוואַך. עס דאַרף זיין: דען קריכענדיגען וואָרם.
7) אַ זאפט. „א” איז איבריג. ה"א הידיעה למה?
8) נישט „איהרע” נור „איהר” קאָרן.

דאָס געדיכט איז אין גאַנצן שוואכליך. עס שטופט אייך די אידעע, נור די פ אָ ר ם פאַר איהר האָט איהר נאָך נישט געפונען.

III * * *

1) „שטראהלען-געפאללען — אַ שלעכטער ריים.
2) עס דאַרף זיין אַראָבגעפאַללען.
3) „אין קבר מיטראָגען” — עס דאַרף זיין פשוט: טראָגען מיט מ י ר אין קבר אַ ר י י ן. אַניט איז אונלאָגיש, אונפערשטענדליך.
4) „קדיש זאָגען דעם צער” — צו פיעל „סימבאָליזם”, אויב עס איז סימבאָליזם. צו ווייניג לאָגיש, אויב עס איז פראָסט.
5) פאַר וואָס אייגענטליך „נישט דו” מיט איין אונטערגעשטראָכענעם „דו” — איין אַנדערער אָדער איין אַנדערע — יאָ?
6) „בעלייגען דעם קבר” — צו גראָבליך־פראָסטאָוואַטע.
7) מיט „בליהענדע” איין איבריג וואָרט. עס דאַרף זיין: לעגען בלומען אויף מיין קבר.

IV ***

1) „דאָך האָט זי געפּיהלט יענע „צוואַנגען און שטריק" — גראָב.
2) וואָס האָבען זי, נישט איהר, צו'ן איהם געצויגען.
3) אויף איהר בעטיל. אַ קליין מיידעלע — אַ קליין בעטעלע?
4) וואָס האָט ער מיט די בלומען געטהון? דאָס דאַרף מען זאָגען.
5) צו שוואַך איז געוועזען די ש נ א ה (?) ענקעגען (?) וכו'. שוואַך, נישט העלל, פערוויקעלט.
6) „ליעבליך געוואַרימט" — וואָס איז דאָס? עפּיס דערמאָנט עס אין דוד המלך... גענוג די אויגען זאָללען לייכטען; נור דוקא — נישט ל י ע ב ל י ך. לייכטען, פראָסט!
(דאָס געדיכט וואָלט געוועזען עקסטרא-גוט, ווען נישט, וואָס אין ערשטען טהייל שטאַרבט ער, און אין צווייטען (אויב עס איז נישט איין אַנדערער) לעבט ער. —)
7) די נאַכטיגאַל ד אָ ר ט א ו י ף די צווייגען. „דאָרט" איז איבריג. „אויף" איז פאַלש. די נאַכטיגאַלל זינגט אָדער אויף אַ צ ו ו י י ג, אָדער אַרויס פון צווישען ד י צ ו ו י י ג ע ן.
8) און אויפגעהערט שוין „פאַנטאַזיערען" — שוואַך און פאַלש, וואָרען ליעבע איז דאָך קיין פאַנטאַזיע.
9) די לעצטע סטראָפע איז איבריג, גאַנץ איבריג און נישט גוט. דאָס שלאָגוואָרט איז שוין געגעבען אין דער פאָריגער סטראָפע. „געבע שוין גאָר וועלטליכע ניי'ס"... וואָס דאַרפט איהר נאָך? נאָך וואָס האָט איהר זיי נאָך געלייגט צוזאַמען? נאָך וואָס מאַכט איהר פון זיי מאַן און ווייב? און מען קושט נישט, ליגט מען נישט אין שויס.—

5. ד ע ר ש ו פ ר

1) דער ערשטער זאַץ (די ערשטע סטראָפע), איז שלעכט געבויט. וואָס הייסט: „פון דער ערד, וואָס קלאָגליך, אָרים..." איך פערשטעה נישט אַ וואָרט. פריוואט עס איבערזעצען אויף רוסיש, למשל.
2) דער שופר ר ו פ ט נישט.
3) קיין קברים וועקט מען נישט, נור מתים.
4) שאַרבענם לעבען נישט און שטאַרבען נישט.
5) „שאַרבענס און סקעלעטען" — אַ שיינער צוזאַמענהאַנג. —

6) אויסגעטריקענט (ווער?) זאפט און חיות. דאָס הייסט: פון זאפט און חיות?

7) איינגיעסען (ביי אונז זאָגט מען אָנגיעסען) קאָנן מען אין עפּיס, אין אַ כּלי.

8) „וועקט ער אויף צו תּחית המתים" — עס קלינגט נישט גוט. איבריגע קלאַנגע.

9) „אָבגעטובעלט" — נישט פּאַססענד. מאָרגען-שטערן און מקוה-וואַססער...

10) אַ בלייען (בלאהען אָדער פון בליי?) וואָלקען שווערען" איהר „זענט טהייל מאָל ווי אַ בעקקער" — „דורך אַ שווערן בלייענען וואָלקען" מיינט איהר?

## 6. גאָט זאָגט

דאָס גאַנצע געדיכט איז צו שוואַך, אָנפּאַססענד. נישט פאַר גאָטט און נישט פאַר לייט. ווייניג וויץ, נישט קלוגער ערנסט; אַ סך גערעדט, ווייניג געזאָגט.

## 7. די פּאַפּירענע בריק

1) „ציהען ברעכען זיך ווי טייכען". טייכען ציהען זיך אפשר, נור ברעכען ברעכען זיי זיך געוויסס נישט.

2) עס דאַרף זיין „איינגעפאַלנע".

3) אויף דער וועלט לעבט מען, נישט מען וואָהנט.

4) ווי קומט איהר. ייד, צו גלעקקער — ?

(דאָך — גענוג שטאַרק, שרייבט עס ווייטער)

## 8. פּאַראַללעל

1) „רייכע לעבען" — אָדער יידיש: „רייך לעבען" אָדער דייטש „רייכעס לעבען". —

2) גאָלד און זילבער געפּוצטע. וואָס הייסט עס?

3) עס איז מעגליך, אַז אין אייער געגענט זעננען פערהאַנגען אויפגעקומענע גבירים, וואָס ליעגען אויף די דיהלען זייד און אַטלאַס. געוועהנליך לעגט מען דיוואַנען. נור סיי ווי סיי ווערען דיהלען נישט געבעטט, און „געבעטט". אויב מיר וועללען שוין דאָס וואָרט בענוצען, קאָנן נור זיין אויף די דיהלען. דיהלען ווערען אפשר ביי אייך אויסגעבעטט?

4) קאָניאַק, ווייַן און באַלזאַם. גראָב, נישט געשמאַקק, אַ שלעכ־טער צוזאַמענהאַנג, נישט בילדלעך.

5) ביי דעם בורזשוא דער ריקקען — גראָב.

6) „ווייַן״ און „וויינען״ — אַ שלעכטער, אַלט מאָדישער וויץ אַלאַ אדם הכהן[1] זכרונו לברכה.

און אַזוי ווייטער, ווייל דאָס גאַנצע געדיכט איז שוואַך. עס שטופט אייך, ווייטער דאָס זעלבע, די אידעע, נור די פאָרם פעהלט...

9. די אַלטע פידעל

1) די סטרונע ווערט „אָנגעבויגען״ אפשר ביי׳ן פיילענבויגען.

2) אבגעעקט האָט אַלטע כחות. אַלטע כחות זענען ליידער מעהר צאָהל, זיי האָבבען אָבגעעקט. נור ביי אונס בענוצט מען [נישט] דאָס וואָרט „אָבגעעקט״ און דעריבער, פילל לייכט, ווייזט עס מיר אויס צו פראָסט.

3) שטאָלץ, מוטה און האָפנונג קאָנן זיין. נור צוויי נעמען אין איין וואָרט לאָזען זיך נישט בינדען.

4) אויפבלאָזען קאָנן מען אַ לונג־און־לעבער, נישט קיין סטרונעס.

5) אויגען שטעהען נישט, זענען אויך נישט צום פערגלייכען צו׳ן אַ בלום. אויב אויגען וויינען שוין (געוועהנליך וויינט אַ מענש), וויינען זיי איבער, נישט אויף דעם פידעל.

6) די רעשט סטראָפען זעננען גענצליך איבריג, און וואָס איבריג איז, איז שלעכט.

10 * * *

1) קיין זיפץ ברעכט זיך נישט. אויך איז „ברעכען״ אַ גראָב וואָרט, וואָס דערמאָנט נישט אין זיפצען, נור אין עפּעס אַנדערש.

2) „אַ שטראַהל פון רחמנות, אַ רוה פאַר צובראָכענע גלידער״ — אַ שלעכטער צוזאַמענהאַנג. פּאָעזיע מיט גראָבער פּראָזא. פאַר וואָס נאָך „אַ״ רוה? ווייטער דאָס זעלבע ה״א הידיעה למה?

3) די „עוויגע צייט״, וואָס שטעהט מיטן פאַרטוך און ווישט אויס טרערען פון די אויגען איז אַ ביסל קאָמיש...

4) עס ברעכט נישט דעם מעססער?

מיין ליעבער הערר פּראָפוס: ווער ברעכט? — די עוויגע צייט אָדער די טרער? „דעם״ צי דאָס מעססער? און וואָס בעטייט: מעססער־ברעכען?

1) אדם הכהן לעבענזאָהן, העברעישער דיכטער.

די גאַנאַצע סטראָפּע איז שלעכט געבויט, שלעכט צוזאַמענגע-קלעבט. קלינגט רוסיש: Ножъ не ломается и пр.

די איבערזעצונג קאַנן איך נישט אורטהיילן. איך האָב נישט פאַר מיר דאָס אָריגינאַל.

---

ליעבער ה׳ פּראָפּוס, שרייבט און שיקט צום לעזען, וויפיעל איהר ווילט, איך וועלל אייך גערן ענפערן. יעדער עלטערער איז דאָס שולדיג דעם יונגערן. נור שרייבט מיר נישט קיין זיסע בריף. גלויבט, עס איז איבריג און — (פערצייהט) נאַריש. אויב איך ענפער נישט אַמאָל, איז נור דעריבער, ווייל גאַנץ אָפט קאַנן איך נישט ענפערן. איך האָב אַמאָל נערוועז, איך קאָנן גאַנץ אָפט נישט לעזען. —

די פּאָלקס ליעדער וואָס איך האָב געזאַממעלט, האָט ביי מיר צוגענוממען דער פּראָפעססער לעווי פון אַמעריקא און איך הער נישט און זעה נישט קיין צוועק. אויב איהר האָט עפּעס — שיקט. —

אייער י. ל. פּרץ.

33

## צו י. י. פּראָפּוס

(פונם אָריגינאַל)

[אָן א דאטום]

געעהרטער הערר פּראָפּוס,

איך בין זעהר פערנוממען און דעריבער האָב איך אייך ביז אַהער נישט געענפערט. דאָס געדיכט איז ווירקליך שוואַך, ערשטענס האָט עס ערטער, וואו איהר בעגעהט אייך מיט דער שפּראַכע ווי אַ שטיפפאָטער, אַמאָל נעמט איהר פון אַלט-דייטשען, פון וועלכען איהר טרעפט שפּורען ביי היינע, און שרייבט: „אויף מיין פנים בלאַסס״, „ווי אַקקאָרדען אַלט״ וכדומה. אויף יודיש מוז מען זאָגען: „אויף מיין בלאַסס פנים, ווי אַלטע אַקקאָרדען״. איבערהויפּט קאַנן מען צום פּער-קירצערן אָבוואַרפען נור נישט נויטיגע זילבען, אָבער נישט צ. ב. ש. דעם צייכען פון דער מעהרצאָהל ווי די „ע״ פון אַלטע. — טהייל מאָל געהט איהר נאָך ווייטער און פערקנוידערט אַ גאַנצע סטראָפּ און עס איז גאָר נישט מעגליך צו פערשטעהן:

וויִ אקקאָרדען אַלט׳
וואו יעצט קלינגען נור
הערען טענצער זיך
פון אַ טויטען כאָר... (נישט „חאָר", ווייל עס קאָן זיין קאָהר)

אסור, אויב איך פערשטעה דען זאַך, ווער וואָס פון וואָס עס רעדט: אָדער די פערדרייטע פראָזע: אה, צי ווייסט איהר ווער, ברידער, וואָס בעטייט זי מיין הייסע טרער, בשעת ווען מענשליך וואָלט עס געהייסען, צי ווייס ווער פון איך ברידער, וואָס זי, מיין הייסע טרער, בעטייט, אונ פאָעטיש, אויב נישט אַלאַ קאָל-צאָווו[1]), איז די פראַגע קיין פראַגע נישט, און דאָס וועגדען זיך (אין דער שטיללער נאַכט דערצו) צו׳ן אַ חברה ברידער האָט קיין טעם אונ קיין ריח נישט.

ריימען האָט איר דאָ וואונדערליכע:
נור—כאָר; פלאַם גראַם (Nur, Cohr; Flamm — gram)
פערטרויט – טויט...

אפשר רעדט מען ביי׳ן אייך אזוי, נור שרייבט [שרייבען] אונ ריימען, שרייבט זיך, אונ ריימט זיך (אויב מען ווילל דרוקקען) פאַר כל ישראל!

אויף דער פריהערער עלטער זייט איהר נאָך אַ צדיק געוואָרען אונ זייט שוין נישט מבחין בין זכר לנקבה; איהר שרייבט: „פרעגט די גאָלדענע זאַנג, וועם איך האָב פערטרויט"; וועם איז אויסערדעם צו פיעל דייטמעריש.

איך געפינען אים אַלגעמיינעם, אַז איהר האָט זיך מיט דער צייט נישט פיעל פערבעססערט. איהר מוסט לעזען צו וועניג, יודיש פילללייכט גאָר נישט. און דאָך איז ביי מיר געוועזען ה׳ לוריא, דער רעדאַקטאָר פון יוד, אונ עס איהם דאָס געדיכט געפעלללען. איך ווילל נישט דאָ אין מיטען זיין, איך ווילל נישט, אַז דורך מיר זאָלל פאַר אונזער עולם געדרוקט ווערען אַ צונויפגעקנוידערט געדיכט, איך שיקק עס צוריק, טהוט דערמיט, וואָס איהר ווילט...

מיט אַכטונג
ל. פּרץ

1) אַן עלטערער רוסישער דיכטער.

[צושריפט פון אברהם רייזען

ליבער פריינט פּאָפּס

איך קאָנן דיר מבשר זיין ישועות ונחמות, אז מיין „צוואנציגסטע יאָהר־הונדערט" איז שוין אין מאשין און מאָרגען־איבערמאָרגען געהט עס ארויס אויף דער ליבטיגער וועלט. הלואי זאָל עס טאקי ג ע ה ן, מען זאָלל עס, חלילה, נישט דארפן ט ר אָ ג ע ן ...

ווי עס וועט הערויס, וועל איך דיר צושיקען איין עקזעמפּליאר מ'ט'ן שענסטן כבוד מיט א פיינעם געציגטען „לכבוד"... —

פאָלג מיך, קומט צו פאָהרען קיין ווארשוי, וואָס וועסטו אויס זיטצען אין די בבעלן. ענטוואר וועגען דעם.

דיין א. רייזען

צושריפט פון ה. ד. נאָמבערג.

א „טשלנר"דיגער חסיד גריסט אייך.

ה. ד. נאָמבערג]

34

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאל)

[עס איז שוין נאָך דעם, ווי מ'האָט געפייערט (ל"ג בעומר תרס"א — 1901) פּרצעס יובילײ, — 25 יאָר פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און זיין 50־טן געבורטסטאָג. אין די יאָרן 1899—1901 זענען אין „תושיה"־פארלאג (אָנפירער—בן־אביגדור) דערשינען 4 בענדער פון פרצעס העברעישע „כתבים" (תמונות, ציורים, ספורים, ישנים גם חדשים). — אייניקע זאכן זענען געשריבן געווען דורך פרצן אין העברעיש, די איבעריקע זענען איבערגעזעצט געוואָרן פון יידיש. בן־אביגדור (פארלאג „תושיה") האָט דאן אויך ארויסגעגעבן א העברעישן קינדער־זשורנאל „עולם קטן", ווו פרץ האָט פארעפנטלעכט אייניקע זאכן. — דער בריוו איז געשריבן זומער 1901 פון אָטוואָצק, ווו פרץ האָט דאן געוווינט, און געשיקט צו יעקב דינעזאָן קיין ווארשע]

אסטראָצק כ"ח מ"א [מנחם אב] תרס"א [1901].

ידידי!

הנני מבקשך שתעשה למעני את הדבר הזה:
תלך אל מר בן אביגדור ותעשה עמו חשבון עבודתי. כמדומה לי, שהוא משתמט ממני ואיני יודע למה, ואני, כידוע לך, אוהב דברים ברורים.

יחשוב את הספרים האחרונים ואת הנדפס בעולם קטן.

בנוגע להספרים, הלא אתה יודע, שיש בהם מעט מקוריים והשאר העתקות, יחשוב את הכל להעתקות, אם לא תוכל לדעת בדיוק.

חפץ אני ג"כ לדעת, כמה הוא משלם בעד שורה בעולם קטן יש לי איזה דברים ואיני יודע אם כדאי להשלימם ולשלחם.

ג"כ איני יודע, אם כדאי להשאיר בשבילו להבא לספרים.

והעיקר: שלפי דעתי שייך לי ממנו הרבה כסף והוא אומר: להד"ם.

אחיך
ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג. —

ידידי!

איך בעט דיך, זאָלסט טון פאַר מיר אָט וואָס:
גיי אריין צום ה' בן-אַביגדור און מאַך מיט אים אַ חשבון פאַר מיין אַרבעט. מיר דאַכט זיך, אַז ער דרייט זיך פון מיר אַרויס, און איך ווייס נישט פאַרוואָס, און איך, ווי דו ווייסט, האָב ליב קלאָרע זאַכן.

זאָל ער אויסרעכענען פאַר מיינע לעצטע ביכער און פאַר דאָס, וואָס איז געדרוקט אין „עולם קטן".

וואָס שייך די ביכער, ווייסטו דאָך, אַז עס זענען פאַראַן צווישן זיי אַביסל אָריגינעלע און דאָס איבעריקע — איבערזעצונגען; קענסט רעכענען אַלץ פאַר איבערזעצונגען, אויב דו קאָנסט נישט דערגיין פּינקטלעך.

איך וויל אויך וויסן, וויפיל ער צאָלט פאַר אַ שורה אין „עולם קטן". איך האָב איינִיקע זאַכן, און איך ווייס נישט, צי ס'איז כדאי זיי צו פאַרענדיקן און שיקן זיי.



פון רעכטס: י. ל. פרץ, העלענע פרץ,
שבתי ראַפּאָפּאָרט — זייט 119

איך ווייס אויך נישט, צי עס איז כדאי אויף ווייטער איבער־צולאָזן פאַר זיינעטוועגן ביכער.

און דער עיקר: וואָס לויט מיין מיינונג קומט מיר פון אים אַסך געלט, און ער זאָגט גאָר להד"ם.

דיין ברודער
ל. פרץ]

35

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[ס'איז, וואָרשיינלעך, דאָס ערשטע מאָל, ווען פרץ איז ארויסגעפאָרן אין זיין אורלויב-צייט פון דער גמינע־ארבעט קיין אויסלאַנד. אין 1901, ווען ער האָט צוערשט באַקומען אורלויב, האָט ער פארבראַכט אין אָטוואָצק, ארום וואַרשע. די אַלע בריוולעך זענען געשריבן אויף אנזיכטס-קאַרטלעך פון די ערטער, וואָס פרץ האָט באַזוכט.—געשריבן אויף אַן אנזיכטס-קאַרטל פון אַ מאַריענבאַדער האָטעל און קאַפע. עטלעכע אונטערשריפטן און אויך פרצ'ס]

[מאַריענבאַד, 7 אויגוסט 1903]

Leon Perec

36

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף אַ פאָטאָגראַפיש קאַרטל, אויף וועלכן ס'זענען אראָפּגענומען פרץ, פרוי פרץ — העלענאַ און שבתי ראַפּאָפּאָרט, דער ארויסגעבער פון „פריינד". פרץ האַלט אַ שטעקל אין די הענט, ש. ראַפּאָפּאָרט—אַ פּאַפּיראָס]

[מאַריענבאַד 9 אויגוסט 1903]

זיי וויסען, אַז איך האַלט ראַפּאָפּאָרטס שטאָק און ער רויכט מיין פּאַפּיראָס.

עס איז אַזוי אויסגעקומען.

דיין י. ל. פרץ

גריס נומבערג און אַנדערע שלימזלען גאָר פריינדליך, עס קען זיין, איך וועל צוריק קומען געזונד.

37

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

לאָרעריי 4 סעפּטעמבער 1903

ליבער ר׳ יענקל!

מיר זיצן האַלבער — צוויי
(איך און אַ נאָטאַר
נישט קיין שרייבער, דאָך אַ נאַר)
און קוקן אויף לאָרעליי —
מיר קוקן שוין אַ שטונד —
זיי געזונד. —

38

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[וויסבאַדען, 18 סעפּטעמבער 1903]

בעסטער דינעזאָן.

מיינע קאַרטע האָט אייך אומזיסט איבערגעשראָקען. דער אַרצט געפינט, אַז עס איז מיר בעסער, אַז דער נערוו, אָדער וויס דער טייוועל וואָס, שטאַרקט זיך. נור די איבעראַרבייטונג איז געווען איין אונגעהייערע, אַ משוגענע (האָט ער געזאָגט) און ער וויל דוקא איך זאָל נאָך אויף 4 וואָכען אויף אַ וואַרימער אָרט און אַבסאָליוט רוהען. שרייבען קען איך און וויל, נור מיין וויסבאַדענער פריץ, דער ד״ר הייסט עס, איז זעהר אַ שטרענגער פריץ, ער זאָגט: לא מיט אַ ספּאָדעק, נאָר רוהען, שטאַרק, טיעף רוהען. פאָלג איך. זיי געזונד. מיר פאָהרען יעצט אַרויס, שרייב און אַדרעסיער נאָך קאָמאָ פּאָסט רעסטאַנט, אין אַ חדש אַרום זעהען מיר זיך. אפשר וועט אין קאָמאַ זיין אַ ליבעראַלער ד״ר, וועל איך עפּיס שרייבען. איך וואָלט געוואָלט

וויסען, וואָס די „גמינע" טראַכט וועגן „נאָך אַ חודש". אַהין שרייבען שרייב איך נישט, גלאַט אַזוי. גאָר נישט. ווער געוואָהר פון אַ זייט.

דיין י. ל. פרץ

וואָס קלערט דער „הצפה"[1]? גריס קלויזנער, נאָמבערג וכו'.

*39*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

לאַגאָ די קאָמאָ 26/9, 1903

הנני בקאָמא. כמדומה לי שהנני שב לבריאתי, בעוד שנים שלשה ימים נסע מזה ונשוב הביתה. איני יודע, מי הפחיד אותך?

שלך יל"פ

[די יידישע איבערזעצונג. —

איך בין אין אין קאָמא. מיר דוכט זיך, אַז איך קער זיך אום צו מיין געזונט, אין אַ 2—3 טעג אַרום פאָרן מיר אַוועק פון דאַנעט און קערן זיך אום אַהיים. איך ווייס נישט, ווער ס'האָט דיך איבערגעשראָקן.

דיין י. ל."פ]

*40*

## צום אַרויסגעבער פון „הזמן"

(פון א. קאַפּיע)

[דער דאָזיקער העברעישער בריוו איז אָפּגעדרוקט אין העברעישן זאַמלבוך „רשומות" (תל-אביב, כרך ה', תרפ"ז) מיט א צושריפט, אז „ווי ס'ווייזט אויס, איז דער בריוו געשריבן צום פאַרשטאָר־בענעם א. קאַפּלאַן, איינער פון די אָנפירער פון „אחיאסף" אין וואַרשע". דער בריוו אָבער, ווי מ'זעט פון זיין אינהאַלט, איז גע־שריבן צום אַרויסגעבער פון ווילנער „הזמן", לערך אין יאָר 1905]

1) א העברעיש טאָג־בלאַט אין וואַרשע. —

אדוני הנכבד!

בעיקר הדבר לא תנאי הכסף עומד ביני ובינך. כי אם תנאי מוסרי.

אמנם כלתה נפשי להפטר מהמשרה אשר לי והגוזלת ממני את חצי המעת לעת (המעשה והמנוחה), וקוה קויתי להזמן, שיחלצני מן המיצר הזה, אבל אין לי הזכות לבקש מכם איזה קרבן, ואם אינכם יכולים, ואם מוכרחים אתם לחסכון כ ז ה, אפשר שאמצא דרך אחרת...

העיקר הוא מה שהתניתי: שחתימת ידי ערבה בעד מה שאני כותב, ושאני מבקש לחפשני מן הרדקציה, מן האיזמל כמן העופרת...

התנאי תנאי מוסרי הוא. הרידקציה ביד פרישמאן, ופרישמאן ואני ח ו ל ק י ם תמיד. ואני חפץ לבא לפני הקורא בצורתי השלמה ולא בצורת אחר. אני חפץ להגיד מה ש א נ י חפץ ו ב ל ש ו נ י...

פרישמאן הוא איש חפשי, אבל גם לאיש החפשי לעצמו מוסרות לאחרים.

פרישמאן מוחק למשל את ה„עתון" וכותב תחתיו „מכתב עתי", ואני מתרגז, והוא אינו מבין את כעסי, ואינו יכול בשום אופן להבין, שההבדל הזה עקרי, ותלוי בשאלת התחיה של השפה. נותן אני אך משל ממעשה שהיה, ואשר לא נתנני לעבוד עבודת „הדור"...

אם לא אהיה ב ט ו ח, שיתמלא התנאי הנ"ל, איני יכול בשום אופן וצד לעזור אתכם.

כי תנאי כזה התניתי כמה וכמה פעמים עם פרישמאן, כשערך את ה„דור", אבל פרישמאן עושה מעשה שטן: פרישמאן כשאחרים מתלהבים, מצחק, ובצחוק של שטן עבר על כל תנאי שהתניתי עמו.

וע"כ בקשתי את הש"ס [שכר סופרים] מראש, לחודש או לחצי חודש...

אבל על זה לא עניתם, ושתיקה בזה אינה כהודאה...

איני יכול ג"כ להסכים בשום אופן להתנאי, שלא אעבוד בשדה אחר. כשם שאתם מבקשים סופר, כך מבקש לו הסופר בימה... וכשאני חפץ לדבר הרבה ואתם יכולים להדפיס אך מעט, איני רוצה לבלום פי...

ולמכור „ספורים" בכסף איני יכול, כשם שאיני יכול לכתוב ע"מ לקבל בעד השורה...

ואיני יכול לבא במאסף שלכם בסחורתי...

הזמן נחוץ לי, ואם נחוץ אני גם לו, הרי שדוך טוב...

מלאו אחרי תנאי –
יהי נא חמש פעמים לחודש, ארבע בעד הזמן, וּספור בעד המאסף.
מאה רובל להודש שׂכר בטלה...
חתימת ידי ערבה –
בלי תקונים –
ישלחו את השכר מראש, ומראש אני אומר ומתנה: שאם ישונה אף דבר קל במאמרי או בספורי, אחדיל מכתב ולא אחזיר מן השכר.
כששלחתי דעפעשע אמרתי לכתוב מכתב מבאר, וסלחו לי על עצלותי ושכחתי...

מחכה לתשובתו
מוקירו י. ל. פרץ

[די יידישע איבערזעצונג. –

אדוני הנכבד!

אין תּוך פון דער זאַך שטייען נישט צווישן מיר און אייך קיין געלט־באַדינגונגען, נאָר אַ מאָראַלישער באַדינג.

אמת, מיר ווילט זיך שטאַרק פּטור צו ווערן פון מיין אַמט[1], וואָס רויבט צו ביי מיר אַ האַלבן מעת-לעת (די צייט פון אַרבעט און אָפּרו) און איך האָב געהאָפּט אויפן „הזמן"[2], אַז ער וועט מיך אויסלייזן פון אָט דער געפענקעניש, אָבער איך האָב קיין רעכט נישט צו פאָדערן פון אייך אַ קרבן, און אויב איר קאָנט נישט און איר מוזט אָנקומען צו אַזאַ עקאָנאָמיע, וועל איך אפשר געפינען אַן אַנדער אויסוועג...

דער עיקר וואָס איך וויל אויסנעמען מיט אייך: אַז מיין אונטערשריפט איז ערב פאַר דעם, וואָס איך שרייב, און איך בעט מיך באַפרייען פון דער רעדאַקציע, פון דעם שערל ווי אויך פון דעם בלייער...

עס איז אַ מאָראַלישער באַדינג. די רעדאַקציע[3] געפינט זיך אין פרישמאַנס הענט, און פרישמאַן און איך גייען מיר זיך שטענדיק פאַנאַנדער [„חולקים תמיד"], און מיר ווילט זיך קומען פאַרן לעזער

1) פון דעם אַמט אין דער וואַרשעווער גמינע. —
2) העברעישע טאָגצייטונג מיט אַ חודשלעכן העברעישן זשורנאַל אין ווילנע. —
3) די רעדאַקציע פונם חודש-זשורנאַל „הזמן". —

אין מיין פולער געשטאַלט, און נישט אין דער געשטאַלט פון אַן אַנדערן. איך וויל זאָגן דאָס, וואָס מיר ווילט זיך און אין מיין שפּראַך...

פרישמאַן איז אַ פרייער מענטש, אָבער אויך דער מענטש, וואָס איז פריי פאַר זיך — האָט קייטן פאַר יענעם...

פרישמאַן מעקט, למשל, אויס דאָס וואָרט „עתון" און שרייבט אָנשטאָט דעם — „מכתב עתי", און איך ווער אויפגערעגט, אָבער ער פאַרשטייט נישט מיין כעס, און בשום אופן וויל ער נישט פאַרשטיין, אַז אָט דער אונטערשייד איז אַן עיקר און איז געבונדן מיט דער פראַגע פון דער שפּראַך־אויפלעבונג. איך גיב נאָר אַ משל פון אַ מעשה שהיה, וואָס האָט מיך נישט געלאָזט אַרבעטן אין „הדור".

אויב איך וועל נישט זיין זיכער, אַז אָט דער תנאי וועט דערפילט ווערן, קאָן איך אין קיין פאַל און אין קיין אופן אייך נישט העלפן.

אָט דעם תנאי האָב איך וויפל מאָל אויסגענומען מיט פרישמאַנען, ווען ער האָט רעדאַקטירט דעם „הדור"[1], אָבער פרישמאַן טוט מעשה־שטן; אַז אַנדערע ווערן נתפעל, לאַכט ער. און מיט אַ טייוול־געלעכטער האָט ער באַגלייט אַלע מיינע תנאים, וואָס איך האָב מיט אים אויסגענומען.

און דעריבער האָב איך געבעטן דעם האָנאָראַר פאָראויס, פאַר אַ חודש אָדער פאַר אַ האַלבן חודש...

אָבער אויף דעם האָט איר נישט געענטפערט און דאָס שווייגן דאָ איז נישט ווי אַ צושטימונג...

איך קען אויך בשום אופן נישט מסכים זיין אויף אייער פאָרשלאַג, איך זאָל נישט אַרבעטן אין אַן אַנדער אָרט. אַזוי ווי איר זוכט אַ שרייבער, אַזוי זוכט דער שרייבער אַ טריבונע... און אַז איך וויל רעדן פיל, און איר קאָנט דרוקן נאָר אַ ביסל, וויל איך נישט פאַרשטאָפן מיין מויל...

און פאַרקויפן „דערציילונגען" פאַר געלט קען איך נישט, אַזוי ווי איך קאָן אויך נישט שרייבן און באַקומען האָנאָראַר פאַר דער שורה...

און איך קאָן נישט קומען אין אייער זאַמעלבוך מיט מיין סחורה...

1) העברעיש וואָכנבלאַט, רעדאַקטירט דורך דוד פרישמאַן, דערשינען אין די יאָרן 1901 און 1904. —

דער „הזמן" איז וויכטיק פאַר מיר, און אויב איך בין וויכטיק אויך פאַר אים, איז עס אַ גוטער שידוך...

דערפילט מיינע באַדינגונגען. —

זאָל זיין 5 מאָל אַ חודש, 4 מאָל פאַרן „הזמן" און אַ דערציילונג פאַרן זאַמלבוך.

100 רובל אַ חודש פאַר שכר בטלה...

מיין אונטערשריפט איז פאַראַנטוואָרטלעך. —

אָן אויסבעסערונגען —

שיקט מיר דעם האָנאָראַר פאָרויס, און פאָרויס זאָג איך און נעם אויס אַ תּנאי: אַז אויב אַפילו אַ קלייניקייט אין מיין אַרטיקל אָדער דערציילונג וועט געענדערט ווערן, וועל איך אויפהערן צו שרייבן און איך וועל נישט אומקערן דעם האָנאָראַר. —

אַז איך האָב געשיקט די דעפעש, האָב איך געטראַכט צו שרייבן אַן אויספירלעכן בריוו, און זייט מיר מוחל מיין פוילקייט, איך האָב פאַרגעסן...

איך וואַרט אויף אייער ענטפער.

מוקירו
ל. פרץ

41

## צו ד"ר גרשון לעווין

[דאָס צווייטע מאָל — דאָס מאָל אין יאָר 1906, — ווען פרץ איז אַרויסגעפאָרן אויף זומער-אָפּרו קיין אויסלאַנד]

(פונם אָריגינאַל)

[דאָס בריוול איז איבערגעזעצט פון פויליש]

[ הייִשוויער, דייטשלאַנד, 1 אויגוסט 1906 ]

מיר זענען דאָ. זייער שיין! פאַרענדיקט אַ דראַמע. ווי איז אייער געזונט.

Leon Perec

42

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[הײמשויער, 1 אויגוסט 1906]

עס איז דאָ זעהר שעהן...

י. ל."פ.

[אַ צושריפט פון פּרווי העלענאַ פּרק:
פון די היכע בערג אַ גרוס פאַר דעם „שוואַרצן יונגן יונגערמאַנטשיק"]

43

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

האָהע-מענזע [גרונוואַלד], 13 אויגוסט 1906

ליבער דינעזאָהן!

אַ לופט אַ שמעקענדיגע, אַ מילדע
(איך גריס וואַרשעווער געשטאַנק!)
אַ געבראָטענע טויב אַ ווילדע —
(ליידער, נישט אויף לאַנג!)
טויזענד הונדערט מעטער איבערן ים
(ביסט אַזוי פיעל אַרונטער, מן הסתם!)
אַ טהורם — אַ וועלט אָהן איין עק!
(פון „וועג"[1], פון „היום"[2] קיין לעק!)
ווייט און ברייט עס פערנעמט די אויגען,
די נשמה וואָלט נאָך ווייטער, ווייטער געפלויגען,
עס ווערט אָבער וואָס וועניגער מאַרקען.

---

1) אַ יידיש טאָגבלאַט אין וואַרשע. —

2) אַ העברעיש טאָגבלאַט אין וואַרשע. —

זיי געזונד, זאָל דיך גאָט שטאַרקען,
אין סווידערו[1] —
אין אַ פּאָר וואָכען זעהן מיר זיך ווידער...
פון פרייען לעבן קיין שפור;
מ'וועט רעדן פון ליטעראַטור!

י. ל. פרץ

44

## צו ד"ר גרשון לעווין

(פונם אָריגינאַל)

[גרינוואלד, 13 אויגוסט 1906]

אַרום [אַראָפּ?] געקומען פון טהורם,
וואו געזעה'ן אַ וועלט,
(פאַר צעהן פעניג געלד)
זיך מיר איבער אַ ווילדע טויב,
(די זון פערגאָלד די שויב!)
און טראַכטען מיט שרעק,
אַז אַלץ מוז האָבען איין עק,
עס ווערט אויפ'ן האַרץ פּאַסקינע,
צייטונג, פּאָליטיק, גמינע — —
און דער חבר, יענער חבר!..
עס ווערט אויפ'ן האַרץ קאַלט און קעלטער —
לחיים! וויין מיט זעלטער
מאַכט אַ ביסל פריש,
ווילט איר, גיט עמעצען פאַר מיר אַ קיש —
נאָר איר זאָלט מיך נישט פאַרשעמען,
זוכט שוואַרצע אויגן, לאַנגע ברעמען,
די רעשט אויפן טיש! [נישט לייענבאַר!]

1) אַ זומער־וואוינונג ביי וואַרשע. —

45

## צו ד״ר גרשון לעווין

(פונם אָריגינאַל)

[פון שנאַפּפּע ביי ניישטאַט אם מיין, 14 אויגוסט 1906]

דער זייגער קלינגט,
דער לוח ווערט געריסן, —
עס בלייבט אַמאָל שטיין אין האַלז
דער ביסן,
און ביטער ווערט דער זיסער שליק,
און אַלץ אַרום טרייבט: צוריק! צוריק!
עס לאַכט דיך אויס באַרג און טאָל: —
וועסט דען צוריקקומען אַהער אַמאָל?
דאָ גייט מען, ווי אַ שקאַפּע,
פון דער „האָהע מענזע"
צו דער „שנאַפּע";
אָן אַלע צרות פערגעסען,
מען קומט אַהיים אַ פגר...
אָהן חלומות אַ שלאָף!
פערהאַן אָבער גאָיס שטראָף:
אַ לוח, אַ זייגער —
נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג
איז אַוועק
נישט נור אַ מענש, אַלץ האָט זיין עק!

46

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

גיסהיבעל ביי ניישטאַט, 15 אויגוסט 1906

כ׳זיץ אויף דער שנאַפּע, אַ גרויסער האַר!
אַ היהן אַ געבראָטענע, אַ גוטע ציגאַר;

25 פעניג דאָס שטיק,
קאפע „פערקעהרט",
(כ׳ציה שווער ווי אַ פערד)
עס שפּיעלט די מוזיק –
(פּאַר 10 פעניג אין טעלער)
דער טאָג ווערט העלער,
און צוריק אין שטאָט,
אין ריינעצער באָד. –
שלופּ-שלופּ ; שלופּ-שלופּ..
פריהער באַרג אַרויף צינד באַרג אַראָב.

47

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

נאַחאָד, 19 אויגוסט 1906

נאַחאָד איז אַ שטעטיל אין בעמען,
מיט׳ן ראָטהויז האָט זיך עס נישט צו שעמען
אויך זעה איך אַ שיינע באַנק
(אַ שאָד די קעשענע איז קראַנק
און האָט נישט וואָס צו בייטען)
מיר איילן זיך אום באַצייטען צו זעהן וואלענשטיינס שלאָס.
נאַחאָד. צום שוואַרצען ראָס.

48

## צו ד"ר גרשון לעווין

(פונם אָריגינאַל)

[ אָן א דאַטע ]

צי האָט איהר פון נאַחאָד געהערט ?
דאָ איז וואַלענשטיינס שלאָס,
דערווייל טרינק׳ מיר קאַווע פערקעהרט
„צום שוואַרצען ראָס" –

דערנאָך ערשט אַרויף אין דער הייך.
דערווייל ווערט דער טאָג אַזוי בלייך
ס׳ווערט פינסטער ווי אין שטייג,
און מען מעט זעהן אַ פייג.

## 49

## צו אברהם יצחק קאַמינסקי

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו, וועלכער איז דאַטירט דעם 30־טן יאַנואַר (יאָר 1907?) איז געשריבן צו א. י. קאַמינסקי, דער באַקאַנטער ארטיסט און טעאַטער־דירעקטאָר. אין אַפּריל 1906 איז דורך א. י. קאַמינסקי און זיין טרופּע אויפגעפירט געוואָרן פּרצעס „דער נסיון", אַ וואַריאַנט פון דער שפּעטערדיקער דראַמע „די גאָלדענע קייט". שפּעטער, זומער 1906, איז דורך דוד הערמאַן, איצט באַקאַנטער יידישער רעזשיסער, געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע טעאַטער־סטודיע, מיט וועלכער י. ל. פּרץ האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. דער בריוו פון פּ־צן האָט אַ שייכות צו אָט דער הערמאַן־סטודיע. — דער אָריגינאַל־בריוו געפינט זיך אין אסתר־רחל קאַמינסקי־מוזיי אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע]

ליעבער הער קאַמינסקי.

שוין דריי טעג, אַז איך האָב אייער בריף ערהאַלטען אונ ענפער ערשט צינד, ווייל ערשטען [ערשט] שפּעט ביינאַכט האָט זיך די ליעבהאַבער־גרופּע דעצידיערט אויף אַ פעראייניגונג.

מיט הערמאַנען קען מען בשום אופן נישט ענדערן.

ערשטענס — פאַר וואָס?

צווייטענס — העגנען אָן איהם אַלע ליבהאָבער. אונ ליבהאָבער וועט זיין אַ מאַסע.

בעסער רייסט מיר און אַשען אָב (אויב ער וועט בעשטעהן).

צינד צו דער זאַך:

1) אויב עס וועט זיין צו בעקומען דאָס זומער-טאַטר [טעאַטער] אין וואַרשוי[1], וועט מען קענען אָנהויבען אין וואַרשוי?
2) האָט איר צענזוריערט?
3) ווען פאַרטיילט מען די ראָלען?
4) צי דאַרף מען זיך נישט צוזאַמענקומען?

---

וואָס אַמבעלאַנגט דעם פאָרשפּיעל: ערשטענס האָט איהר איהם נישט אין גאַנצען. איך שיק אייך ערשט צו די רעשט.

צווייטענס — האָב איך געוואוסט פריהער, אַז אַזוינע זאַכען מוז דער אויטאָר אַליין לעזען, אייער וויכטיגקייט איז אַרויס בולט [?]. — עס איז אַ פלאַם, וואָס פאַלט אויף די ערשטע אַקטען אונ בעלייכט זיי, נור דערפון מוז מען רעדען.

שיקט מיר, איך בעט אייך זעהר, ווי אַמגעשווינדסטען, נאָכען איבערשרייבען, צוריק „עס ברענט"[2] — כ'האָב קיין עקזעמפּלאַר נישט. איך וועל אייך קענען העקטאָגראַפיערען און צוריקשיקען עטליכע. פערגעסט נישט. איך ענדיג אין קורצען דעם „קלעזמער"[3] אין דריי אַקטען.

גרוס פון הערמאַן און אַש. און פון אַלע דריי גרוסען פיר פרוי קאַמינסקאַ[4].

י"ל פּרץ

## 50

## צום אינטערנאַציאָנאַלן יידישן פאַרלאַג

(פון א קאָפּיע)

[פון דעמדאָזיקן בריוו-אָפּמאַך צום אינטערנאַציאָנאַלן יידישן פאַרלאַג אין אמעריקע איז פאַרבליבן אין דינעזאָן-ארכיוו א קאָפּיע.

1) „טעאַטער לעטני" אין זאַקסישן גאָרטן. זומער 1907 האָט די הערמאַן-סטודיע געגעבן דאָרט א פאָרשטעלונג. די זעלבע ליבהאָבער-טרופּע איז ארויסגעטראָטן אין יוני 1907 אין פּלאָצק. זע מיין אַרטיקל „פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער".

2) „ס'ברענט" האָט פּרץ דאַן אָנגעשריבן. ס'איז אין 1906 אויפגעפירט געוואָרן אין פּלאָצק. —

3) באַקאַנט מיטן נאָמען „וואָס אין פידעלע שטעקט". —

4) אסתר רחל קאַמינסקי. —

געש־יבן דורך י. דינעזאָן. שפּעטער, ווי באַוווּסט, האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דער אָנפירער פונם פאַרלאַג, עוואַלענקאַ, האָט אַ נאָענטע שייכות צו דער רוסישער אָכראַנקע, און דער אָפּמאַך איז איבערגעריסן געוואָרן]

וואַרשע, 20 מאַי 1907

## איך טרעט אָב דעם פערלאַג

International Library Publishing C-o New-Jork

דאָס רעכט אַרויסצוגעבען מיינע ווערק, ביז הונדערט צוואַנציג בויגען. נעמליך, זעכציג בויגען יובילעאום אויסגאַבע און זעכציג נייע, וואָס זענען אין דער זאַמלונג „שריפטען" נישט אַריין. דאָס ווערק וועט די געזעלשאַפט אַרויסגעבען אין בעזונדערע בענדער. אונגעפער 400—300 זייטען אַ באַנד אין פאָרמאַט פון אַנדערע פאַרלאַג אויסגאַבען.

דאָס רעכט פון פערלאַג ווערט נישט בעגרעניצט בלאָס אויף אַמעריקא און פערשפרייט זיך אויף אַללע אַנדערע לענדער, וואו עס געפינען זיך יודען, וואָס לעזען יודיש. דעסגלייכען ווערט נישט בע־שרענקט דאָס רעכט פון פערלאַג דורך אַ געוויסען טערמין.

פאַר דאָס רעכט אַרויסצוגעבען מיינע ווערקע בעצאהלט דער פער־לאַג דריי און אַ האַלב טויזענד רובעל. נעמליך: 500 רובעל באַלד ווי דער אָבמאַך וועט אַקצעפּטירט ווערן. ווערנד דעם דרוקען צו 100 ר' אַ חדש און די רעשט ביים הערויסגעבען אַללע ווערקע.

אויב איין טערמין פון די טערמינען וועט נישט געהאַלטען ווערן, פאַלט אָב דער קאָנטראַקט.

י. ל. פּרץ

51

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו און די ווייטערדיקע בריוו זענען געשיקט צו י. דינעזאָן פון זאַקאָפּאַנע (דאָן געהערט צו עסטרייך). ווי מיר זעען, האָבן די

טאַטרען-בערג געמאַכט אויף פרצן אַ שטאַרקן איינדרוק. אנב. געפינען מיר אַן אָפּקלאַנג פון אָט די איינדרוקן אויך אין פרצעס אַרטיקל „דער דיכטער, דאָס ביך און דער לעזער", וואָס איז צוערשט געדרוקט געוועזן אין זאַמלבוך „יודיש" (1910). פּרץ רעדט דאָרט וועגן דעם „טוריסטן-וועג": „געפערלעך איז אָפּט דער טוריסטן-וועג. געטריבן פון אַ ברענענדיקער בענקשאַפט צו דער הויך, זוכט דער טוריסט זיין וועג צווישן פעלזן אויף די שפּיצן פון די העכסטע בערג, צווישן גלעטשער און אָפּגרונטן... און געפערלעך איז דער וועג: פון אָפּגרונטן קוקט, רופט און לאָקערט: שרעק, שנעון און טויט..." (זע אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ב. XVI ז. 7 און ווייטער). אויף צוריקוועגס פון זאַקאָפּאַנע איז פּרץ אָפּגעטראָטן אין קראָקע און אין לעמבערג, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט די דאָרטיקע יידישע שריפטשטעלער און זיינע פאַרערער].

זאַקאָפּאַנע 6/8 1907

הערסט אַ מעשה? זענ' מיר גאָר אין Zakopane, אין ווילאַ Ochotnickiego, מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַסע. קוים אויסגערוהט. לופט — גראָסאַרטיג. וועלדער, בערג און פעלזען — רופען צו זיך. מאָרגען ערשט הייבט מען אָן געהען אָדער פאָהרען. וואָס מאַכסטו? וואָס הערט זיך? איך שרייב אויף אַ באַנק אין גאַס.

דיין — י"ל און ה. [העלענאַ] פּרץ

## 52

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע 7/8 1907

(פאָרטזעצונג)

מיט מילערן[1]) האָב איך וועניג וואָס גערעדט; איך האָב געזעהען ביי איהם דיינס אַ בריעף אַ גרויסען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף נישט רעדען. מילער איז אַ גוטער פערשלאָפענער יונגער מאַן.

1) אַ פאָרשטייער פון דעם אַמעריקאַנער יידישן פאַרלאַג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך עוואַלענקאָ. ווי שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז עוואַלענקאָ געווען אָנגעשטעלט אין דער רוסישער אָכראַנקע.

ערשט נאָך אַ חתונה. דאָס ווייבעל – אַ יונגס, אַ שוואַרצס מיט צוויי גאָלדענע צעהן איןביידע זייטען מויל, נור אַ וואָהל ווייבעל. וואָס האָסטו פאַר מיר פון מילערן געוואָלט? וואָס טהוט קרינסקי[1]? ער דרוקט צי נייִן? אויב נישט, זאָל ער געֶ׳נהרג׳ט ווערען. אויב דו האָסט בעקומען געלד פון ווילנא[2], שיק אונז! אַז נישט, וועט מען באָרגען.

יל״פ

ווי מיינסטו, ס׳וועט זיין אַ שרייב-מאַשין?
איך זיץ צו גאַסט ביים גראַף זאַמאָיסקי אין „מליעציאַרניע״. הייס, מיעד פון שפּאַציערן.

53

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע 9/8 1907

שטעל דיר פאָר: מען קריכט באַרג-אַרויף. שטיל און שטילער. ענדליך געהען קלאמערן, מען חאַפּט זיך אָן מיט איין האַנד, דערנאָך מיט דער צווייטער. פון אונטען איין אָבגרונד, דער קאָפּ דרעהט זיך. אָבער אַלץ העכער, העכער. פּלוצלונג – אַ קלאמרע רייסט זיך אויס! – טויט! אַ מערכה, וואָס איך בין דערביי נישט געוועזן. עס האָט זיך געטראָפען מיט אַ יונגערן, וואָס האָט געטהון אַ שפּרונג אונטער און אַ חאַפּ העכער.

שיק איין נאָך הונדערט רובל. געלד פליהט.

דיין יל״פ

---

1) מ. קרינסקי, ארויסגעבער פון „ראָמאַנצייטונג״, וו׳ ס׳האָט זיך אין 1907 געדרוקט פרצס „ביינאַכט אויפן אַלטן מארק״. די דראַמע, ווי אין נומ׳ 19 (13 סעפּטעמבער 1907) איז געווען געמאָלדן, האָט זיך געזאָלט אָנהויבן צו דרוקן אין נומ׳ 21 (סוף סעפּטעמבער), נאָר זי האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן ערשט דעם 18־טן אָקטאָבער 1907 (נומ׳ 23). —

2) משמעות פון דעם זאַמלבוך „די וועלט״, וו׳ ס׳איז דאַן פאַרעפנטלעכט געוואָרן פרצס „די גאָלדענע קייט״. —

54

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

1907 14/8

ליעבער דינעזאָן,

כ'האָב שוין צוגעקלעבט אַ מאַרקע צו מיין איינפּאַכער קאַרטע, איז פאַרפאַלן. פון היינט אָן בעקומסטו אויסזיכטען. וואָס טהוט קרינסקי? ער האָט מיר געזאָלט שיקען קאָרעקטען. — וואָס טהוט הירשביין אין וואַרשוי? וויל ער זיך עטאַבּליערען? דען בריעף פון נאַציאָנאַל-צייטונג האָב איך נאָך נישט געלעזען. איך האָב צייט. די מילערס זענען ביי אונז צו גאַסט, פאָהרט מען אַרום. מילער רעכענט דיר איבערצוגעבען די אַגענטור פון עוואלענקאס אויסגאַבען. ער וועט דיר שרייבען אויספיהרליך. וואָס טהוט אש? 'בלייבט ער אין וואַרשוי? איך האָב'ם צוויי קאַרטען געשיקט קיין קוזמיר, וואָהנט ער נאָך דאָרט?

בערג און בערג. פעלזען און פעלזען. אַ מחיה.

דיין י"ל פרץ

העלענע גריסט.

55

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע 15/8 1907

דאָ עס' מיר מיטאָג! ווייסט, ווער?

56

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע 16/8 1907

פאַר וואָס שרייבסטו נישט? דו וועסט פון ה' מילער בעקומען באַלד אַ וויכטיגען בריעף, זאָלסט קומען קיין קראָקוי.

זיי פאַרבעריט.

י. ל. פרץ

57

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע, [אָן א דאַטע]

דיין גרויסען בריעף, ר' יענקל, האָב איך ערשט נעכטען געלעזען. איך בין געווען אין קראקוי, געווען און אַ פאַרלעזונג געהאַלטען: מוסר, ליעבע און אַ גלגול פון אַ נגון. די איינקונפט — פאַר ראָזענפעלד[1]. דער זאַל איז געווען געפּראָפּט. אַלע געשטאַנען, געקוקט און נישט געהערט אַ וואָרט, ווי געוועגליך. איך וועל נאָך אפשר פאָהרען „געזעהען צו ווערען" קיין לעמבערג. איך וויל לערנען אַ שטיק גאַליציען. דאָס קבצנישע צענט-לאַנד. און דאָך, שבת, מאַכט קראָקוי אַ הערליכען איינדרוק, די שטאָט איז אַרומגענומען מיט „פּלאַנטען" — גערטנערישע שפּאַציער גענג. די גאַסען ברייט, זעהר ברייט, די הייזער נישט הויך, מאַנכע אַלטע, און איבער די גאַסען, איבער די סקווערען און גערטנער געהען יודאַליך דאַווענען. זעהר ריינע שטייפע וועש, שענע קראַוואַטס, אַטליסענע רעק, גירטעל, און פלאַכע שטריימליך. שבת שטראַהלט פון די אויגען. שענע יונגאַליך, שענע יונגע לייט, ערנסטע מיטעלעטערישע, פערטראַכטע, קוים עטוואָס אָבגעלאָסטע אַלטע. מען זעהט נישט אונזער יודיש-פויליש אָבגעריסענקייט, דעם בטול-היש אינ'ם גאַנג און אין דער טראַכט. פערקעהרט — די וועלט איז אויך אַ וועלט, ליידער איז שווער צו בעקומען אַ צענט און אָהן אַ צענט, איז קיין עולם הזה נישט פערהאַן. די בעל-בתישע וועלט איז אַביסעל קאָמיש. דער טאַטע רעדט דייטש, אַפילו דער שמש פון דער אַלטער שוהל, אַפילו די קברות-יודענע ביים רמאָ"ס קבר; דאָס יונגע דור — פויליש. יודיש נישט אַ וואָרט. קענסט דיר פאָרשטעלען, ווי דערפרייט עס האָט מיך, אַז איך האָב פּלוצלינג, דאָ אין זאַקאָפּאַנע, דערהערט אונטער מיר: „יעך? יעך בין ערשט געקומען!" — צוויי אַלטע יודענעס אין קופּקעס, האַנדלען אַוודאי דאָ מיט הערינג. און דאָך זאָגט מען, אַז עס ווערט דאָ אויך אַ יודישע בעוועגונג. אויך פערזיכערט מען מיך, אַז לעמבערג איז פיעל יודישער אַלס קראקוי, און סטאַניסלאַוו — אַלס לעמבערג. שען איז נור, אַז אין

1) מאָריס ראָזענפעלד — דאַן זיך געפינען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע.—

קראקוי, וואו די יודישע באַוועגונג איז נאָך אַזוי שוואַך, וואו עס געפינט זיך אין גאַנצען אַ פּאָר צענדלינג יונגע לייט, האָסט דו אויך אַלע פּאַרטייען און שפּאַלטונגען, ווי אין וואַרשוי, ווילנא א. ד. ג. —

וואָס אַמבעלאַנגט דיין בריף, האָב איך דיר גאָר נישט וואָס צו ענפערן. דו רופסט מיך פערחלומטער, איך דיך — פעסימיסט. איך בלייב ביי מיינעם: אין רעכטע הענד, וואָלט אַלץ געווען רעכט.

עס וואָלט געווען אַ חדוש נפלא די ראָמאַנציייטונג[1]) זאָל געהן. אַ חדוש נפלא „אונזער לעבען"[2]) זאָל מאַכען גוטע געשעפטען. נור — מוחל. —

וואָס הערט זיך מיט דער פּראָלעטאַרישער וועלט?

הירשביין האָט מיר געשריבען אַ קאַרטע פון ווילנא, געענדיגט: „שפּעטער פון דאָרף מעהר". מעהר אָבער האָב איך פון איהם קיין צייכען נישט ערהאַלטען. ער אָבער אינטערעסירט מיך מעהר פאַר אַלע יונגע. שרייב מיר מעהר פון איהם, פון זיינע פּלענער, פרעג אין מיין נאָמען, וועט ער פיללייכט מעהר רעדען.

זאָגען זאָג איך דיר: עס איז נישט אַזוי שלעכט, ווי דו מיינסט.

דיין י"ל פּרץ

„זאַקאָפּאַנע" איז שען. כ'וויל אָבער דעריבער אין בריעף נישט שרייבען. עס איז מעהר ווערט, דער ד"ר בירא מוז שוין זיין אין וואַרשוי, נעם דיר אָפּ דיינע העמדער. אַ גאַנצע נאַכט האָט געגאָסען, מען האָט קיין צייכען פון קיין באַרג נישט געזעהן. מען האָט זיך געפיהלט, ווי דערטרונקען אין אַ נאַסער פינסטערקייט. ציינד לייטערט זיך אַ ביסל אויס. עס איז אָבער שווער צו גלייבען, מיר זאָלען נאָך האָבען אַ גוט וועטער. די בערג דעמפען מיט רויך. דער הימעל — אלול'דיק, עס וויינט און עס בלאָזט קיהל.

און דאָס „שיקסעל", וואָס בעדיענט אונז צום פרישטיק וויל נישט צוזאָגען קיין „פּאָגאָדע". אַלץ אַרום, וואָס האָט געגלאַנצט און געשטראַהלט שטעהט נאַס־אבל'דיק. איין טרייסט: מען זעהט נישט דעם צלם אויפן געוואָנט־שפּיץ, ער איז אין וואָלקען אַריין. אפשר וועט'ר מיט'ם ערגיץ אַוועקשווימען. שרעקליך קאַטאָליש אַרום. עס עטעמט זיך שווער. איך בין נישט מקנא דעם היזיגען יוד. דאָ צו וואָהנען

1) וואָכנבלאַט, צרויסגעגעב: דורך מ. קרינסקי.
2) טאָגצייטונג אין וואַרשע. —

בעשטענדיג, הייסט קיין סעקונדע פריי נישט עטעמען. און אפשר דאַכט זיך מיר אַזוי. מיין געוועלבניק, ווי מען קויפט אייער, פוטער, מאַר-קען... עטעמט זעהר פריי: מאַכט צענטען. זיין לאָמע פּלונית׳טע טאַנצט אונטער און שמעלצט זיך אין אייגענעם פעץ. אַ פערגאָסען חלב׳ן פנים מיט לוסטיגע אייגאַליך.

האָסטו אויך, דאַנק דעם וועטער, אַ גרויסען בריעף. באַלד אַזוי גרויס, ווי אַ נאָוועלע. איך מוז אָבער איבערלאָזען איין אָרט פאַר דער פלונית׳טע, אַזיסט, וואָלט איך דיר פאָרגעשטעלט מיין געוועלב-ניקס פעררצאָט גרין טעכטעריל. אונטער קראַקוי אין טיניעץ — אַ דאָרף — וואהנט ר. מיט די דאַרע טעכטער, וואָס רעכען זיך אַביסל אונטערצושמדען.

58

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע, [אָן אַ דאַטע]

הכלל, ר׳ יענקל, מען האָט דיך געקירצט און אפשר דאָס ערשטע מאָל נישט קיין חבר, נישט קיין ליטעראַט. פערקעהרט, אויפ׳ן חשבון פון פערלוסט׳ האָסטו בעקומען פון אַ ליטעראַט צוריק 25 רובל. לאחר יאוש, דעם טעם פון בעגנבעט ווערען קען איך. אויב דו געדענקסט, האָט עס מיר שוין געטראָפען. מען האָט מיך געלאָסט ממש בגלוי — און ווי ווייטער שטעהט. נור אַ שטיקל הנאה פון דער גנבה האָב איך דאָך. איך בין נישט, ה״ו, אַ שמח לאיד. נור ערשטענס: וועסטו ווערען בענייט, און אַז דו וועסט דיר געבען דאָס וואָרט, במשך אַ יאָהר, ליטעראַטען קיין געלד נישט צו באָרגען, וועסטו דיר אויסשלאָ-גען דעם היזק. מיט פּראָצענט. און צווייטענס האָסט דו מיר, דאַנק דער גנבה, אַ דענערוויערט בריוועל געשריבען. „דאָס וועגטעל קוקט אויף דיר מעלאַנכאָליש און לאָסט דיך די גנבה נישט פערגעסען”. דאָס איז גוט. דו ענטלויפסט פון לעבען, פון אַלעם וואָס דענערוויערט און רופט אַרויס טיפערע טענער, האָט זיך דאָס לעבען צו דיר אַריינגעריסען אין געשטאַלט פון איין עקספּראָפּריאַציע. נאַ דיר און וויין נישט. און אַביסל סכנה איז אויך געוועזן דערביי, און נצול פון אַ מעסער

ביסטו געוואָרען... זאָג דעם אמת, עס חלומט זיך דיר אַ מעסער? אויב יאָ, בעשרייב עס. זאָל זיין אין אַ בריעף.

דאָס וועטער האָט זיך געענדערט. רעגען און רעגען. און דאָך אויסהאַלטען קען מען. די לופט אין ערשטען רעגען-טאָג איז געוועזען אַזוי ריין, און אַזוי דורכזיכטיג, אַז די בערג זענען פּלוצלונג צוגעקומען נענטער, און אַזוי נאָנט, אַז מען האָט די קלענסטע שרימפּען געזעהן. און פּלוצלינג, אַ מענש שטעהט אויף פּאַר טאָג, לויפט אַרויס אויפ׳ן באַלקאָן — אַ זילבערנער געוואָנט![1] שטאַרט אַרויס איבער די רעגלען — נידריגע, גרינע, וואלדיגע בערג, ווי אין איין עטרה. דורכזיכטיג ווייסער שניי. און אונטען — נאָך שטעהענדיקע תבואה! נאָך אַ שטונדע און פון די רעגלען בליהען אַרויס ווייסע וואָלקען-שנירען. אַ מאַטער הימעל פון אויבען, אַ שניי-באַרג איבער אַ וואָלקען-גאַרטעל, און אונטער איהם אַ סאַמעטען-גרינער רעגלען-אַקסעל איבער אַ גרינעם האָבער-פעלד! משוגע צו ווערען...

און אָבענדען זענען געוועזען. עס רייכערן זיך די בערג, ווי מזבחות צו׳ן אַ בייזען גאָט. דער רויך ווערט טונקעלער און טונקעלער. די וואָלקען איבער איהם שוואַרצער. לאַנגזאַם גיסען זיך פעלזען, באַרג, וואָלקען און הימעל צוזאַמען... אין אַ געקושריי צי אין אַ געשלעג?

און אַז די בערג רעכטס לאַכען, ווי פריש אָבגעצוואָגענע קינדער, און די בערג לינקס טראָגען אויף זיך שווערע, דריקענדע, שרעקענדיגע וואָלקען — וואַרפט מען מיט די אויגען אַהין און אַהער און מען שטעהט צודולט אין דער מיט.

און דאָס וואַסער באַרג-אָב! ראַשענדיג, שוימענדיג, זילבער און פערל...

און יעדע מינוט אַ נייע בעלייכטונג: נייע פעלזען, נייע בערג, נייע וואַסער-סטענגים. און אַלץ, אַלץ ווערט פערגעסען. אויס וואַרשוי, אויס פּאָליטיק, און אַז מען נעמט אַ צייטונג אין דער האַנד אַריין, איז אַלץ אַזוי גלייכגילטיג פרעמד.

און דאָך, אויב עס וועט זיך נישט אויסלייטערן, וועט מען מוזען אַנטלויפען. איך ווייס נאָך נישט: איבער לעמבערג אָדער איבער בודאַפּעשט. און אפשר וועט איינפאַלען עפּעס אַ דריטס. עס איז מאַנכמאָל צו קאַלט, צו נאַס און ביים טונקעלערן רעגען וועטער, ווערען די

[1] הויכער באַרג אין זאַקאָפּאַנע.

פעלזען מיט די בערג אין גאַנצען פערלוירען. מען איז אַרומגערינגעלט מיט עפּיס אַ פינסטערן, נישט ריהריוודיגען וואל. צינד, ווען איך שרייב עסענדיג פרישטיק, איז ספק רעגען. און דאָס איז ערגסטע. פון געוואָנט זעהט זיך אַ קליין שטיקעל, דער שניי בלאַנקט נישט, אָבער גאָר נישט. אַ בטלניש-פערוואָרלעסיגטער קאָפּ. אָבשטויסענדיג.

צופעליג האָב איך געלעזען אַ בראָשורע אויף דייטש: קליידונג און שמוק אין ביבלישען און תּלמוד׳שען שריפטען פון ראַבינער דער יודישען געמיינדע צו בערלין – ד״ר אַדאָלף ראָזענצווייג. בערלין. מ. באַפּעלבויער, 1905. אויב דו טרעפסט זיך מיט קאַמינסקי[1], ראָט איהם, ער זאָל זיך די בראָשורע פערשאַפען. די טראַכט איז זעהר גוט בע-שריבען. זי איז ביללי ג און לייכט צום בעזאָרגען. – עס ווערט עטוואָס העלער. אויב עס וועט מעגליך זיין, וועל׳מיר נאָך איין אויספלוג מאַכען.

דער פאָריגער בריעף איז געלעגען 2 טאָג אויפ׳ן טיש, מען האָט׳ם פערגעסען אַריינצוּוואַרפען אין קעסטיל. זיי מוחל. –

צינד געהען׳ איבער די שנייִ שפּיצען, ווייסע, ריהריוודיגע זיל-בער-וואָלקען. שניי און וואָלקען גיסען זיך צוזאַמען. ביאַליק, פאָהרענ-דיג צוריק פון האַאג[2], זאָל אָבטרעטען אין קראקוי, וועט ער אפשר קומען אַהער צו גאַסט. אינטערעסאַנט, צי ער וועט מעהר געניסען פון די פעלזען, ווי פון ים אין אָדעס...

זיי געזונט און שטאַרק. מאַך דיר נייע שיינע קליידער. געה צום לעבען און וואַרט נישט, עס זאָל דיר מוזען איינברעכען די טהיר, אָבהאַקען שלעסער.

## דיין י״ל פּרק

איך האָב געלאָזט אַ שטיקעל אָרט פאַר העלענא, טהוט זי זיך אָבער אָן און ווען איך לאָז זי שרייבען, וואָלט איך צו פיעל צייט פערלאָרען. גריס איך דיך הערצליכסט אין איהר נאָמען. אַזוי הייסט זי. –
אַ שטיק בלאָהער הימל האָט זיך בעוויזען. אויף לאַנגע יאָהר!

---

1) א. י. קאַמינסקי — דער באַוואוסטער אַרטיסט און טעאַטער-דירעקטאָר.

2) האַאג, ווו ס׳איז פאָרגעקומען דער ציוניסטישער קאָנגרעס.

59

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

זאַקאָפּאַנע 25/8 1907

ליעבער יענקל!

איך פאָהר צינד – זינטיג 3 – קיין קראקוי, פון קראקוי קיין לעמבערג, וואו איך בין פערבעטען אויף אַ פאָרלעזונג אויף דאָנערשטיג. פרייטאָג צוריק קיין קראקוי, וואואַהין העלענאַ[1]) וועט קומען פון זאַקאָפּאַנע און צוזאַמען – קיין וואַרשוי. זונטיג – נאָך אַלעם! מאָנטאָג – צוריק אין בודע[2]) אַריין. עס איז זעהר, זעהר טרויריג. נעכטען גע-מאַכט דעם לעצטען אויספלוג. אַ סיום געמאַכט. עס איז מיר נאָך קיינמאָל אַזוי שווער נישט געוועזן אַ היים צו פאָהרען. די פּאָר טעג אין לעמבערג וועלען מיך פיללייכט עטוואָס צושטרייען.

דיין י. ל. פרץ

60

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

קראָקוי 30/8 1907

גרוס פון קראָקויער קאמערס.

י"ל פרץ[3])

1) פרצעס פרוי.

2) געמיינט די גמינע, ווו פרץ האָט געאַרבעט ווי אַן אָנגעשטעלטער.

3) אויסער פרצן און זיין פרוי האָבן צוגעשריבן זייערע קורצע גרוסן י. ח. רבניצקי, ה. אַלעקסאַנדראָוו, מ. ערליך, א. ל. שוסהיים, אלישבע ראַבינאָוויץ, נ. פינס, ד"ר הילפּשטיין, ד"ר בילימא, ד"ר שפינדל, משה פישער, ב. בּאָראָכאָוו, חאַשין א. אַנד.

61

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

לעמבערג 1/9 1907

מערס גרוס אויס לעמבערג.

י"ל פרץ[1]

62

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

לעמבערג 1/9 1907

גרוס אויס לעמבערג.

י"ל פרץ[2]

63

## צו שלום עליכם

(פון א קאָפּיע)

[דער בריוו איז געשריבן אָנהויב 1908, ווען שלום עליכם איז אויף זיין אדורכרייזע געווען אייניקע טעג אין ווארשע. — קנאַפּע 20 יאָר האָבן פּרץ און ש"ע געפירט א ברוגז און זיך קיין בריוו נישט געשריבן. — זע מיין ארטיקל „פּרץ און שלום-עליכם"]

שלום עליכם „שלום עליכם" —

אַז בערקאָוויץ קען שרייבן, האָב איך שוין לאַנג געוואוסט. אַז איהר זייט אין וואַרשוי — אדרבא ואדרבא! וואו מען קען זיך זעהן?

1) צום בריוול האָבן צוגעשריבן קורצע גריסן אייניקע לעמבערגער תושבים.

2) אויפן קאַרטל האָבן צוגעשריבן זייערע פאַמיליע-נעמען משה ריכטער, פישל היטקאָווער, שמואל יעקב אימבער און גרשום באדער. — עס איז אַן אַנזיכט-קאַרטל פון דעם ערשטן יידישן קלוב אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. ארום א טיש זיצן ד"ר שטרייכער, ד"ר גאַבעל, אדאָלף שטאַנד און ד"ר מאהלער. —

ווייסט איהר דאָך, אַז עס איז פערהאַן אַ טעלעפאָן; בעשטעלט, וועט מען פלוידערן. און אַז מען וועט פלוידערן, וועט מען רעדען פון די מאָנאַטשריפטען[1]) אויך.

אייער ל. פ.

## 64

## צו לאזאר קאהאן

(פונם אָרוגינאל)

[דאָס בריוול און די איבעריקע בריוולעך צו ל. קאהאן אין לאָדזש האָבן א שייכות צו די פאָרלעזונגען, וועלכע ל. קאהאן האָט איינ-געאָרדנט פאַר פרצן אין לאָדזש]

27 יוני 1908

גוט. ווען געהט אַרויס דער צוג 3 3/4 אָדער 2 3/4?

פרץ

## 65

## צו לאזאר קאהאַן

(פונם אָריגינאל)

6 יולי 1908

ליעבער, אויבוואָהל האַלב משוגענער, הער קאַהאַן,

ד׳קען קומען שבת. זעהט אַזוי צו מאַכען, ד׳זאָל קענען אַוועק-פאָהרען אָהן איבערנעכטיגען.

30 רובל שיקט מיר אַרויס, ווי עס איז אָבגערעדט געוואָרען, פ אָ ר א ו י ס. דאָס נעמען איז נישט אנגענעהם. —

זייט געזונד און שטאַרק

י״ל פרץ

1) „ליטערארישע מאָנאַטשריפטען", חודש-זשורנאל דערשינען דאן אין ווילנע, אונטער דער רעדאקציע פון א. וויטער, ש. ניגער און ש. גאָרעליק.

66

# צו ב. וולאַדעק

(פון אַ קאָפּיע)

[דאָס ליד איז אָנגעשריבן אויף אַ פּאָסט-קאַרטל צו ב. וולאַדעק אין יולי 1908. — ב. וולאַדעק האָט עס פאַרעפנטלעכט נאָך פּרצעס טויט אין ניו-יאָרקער „צוקונפט“ 1915, ז. 497 מיט אַ צו-שריפט: „אויף וויפל מיר ווייסן, איז אָט דאָס ליד פון פּרצן אײַ ערגעץ נישט געווען געדרוקט“]

אַ ברוינער וואָלקן-שטיק
אונטערן הימל דעם בלאָען
שוועבט און — טראַכט:

ווייסט, ווייניקסטנס, דער
וואָס טרייבט,
וואָס יאָגט מיט דער געהיימער פליגל-באַוועגונג,
וואוהין ער טרייבט?

יאָגט ער אונטער די זון,
וויל ער כ׳זאָל צעפליסן
אין אַ רעגן-שפּריי,
טרענקען די דורשטיגע ערד
אַרויסרופן גרויט און — בלומען?

אָדער אין שלאַגס רעגן צעגיסן,
און אויפן גרויסן יום-טוב
גרויסן פרילינג-טאָג,
שייערן, שווענקען און רייניקן
די זינדיקע ערד?
אָדער ווערט אין מיר אַ דונער געבוירן?
אויף וועמען? אויף וואָס?

— — — — — — — — — —

אַזוי שוועבט אונטערן הימל דעם בלאָען
אַ ברוינער וואָלקן-שטיק און טראַכט...

67

# צו ד״ר נתן בירנבוים

(פונם אָריגינאַל)

[צווישן פּרצעס איבערגעבליבענע פּאַפּירן אינם דינעזאָן-אַרכיוו געפינט זיך פאָלגנדיקער בריוו, געשריבן דורך פּרצן גופא. דער איניציאַטאָר פון דער טשערנאָוויצער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ ד״ר נ. בירנבוים האָט פאַנאַנדערגעשיקט צו אַ ריי אָנגעזעענע יידישע פּערזענלעכקייטן אַ פּראָיעקט פון אַן אויפרוף וועגן דער שפּראַך-קאָנפערענץ. אַזאַ מין אויפרוף איז אויך צוגעשיקט געוואָרן פּרצן און דינעזאָנען מיט דער בקשה, זיי זאָלן אים אונטערשרייבן. מעגלעך, אַז אָט דער בריוו איז איבערגעשריבן געוואָרן דורך י. דינעזאָן און אָפּגעשיקט צום ד״ר נ. בירנבוים, ווי ער איז. זע מיין אַרטיקל „פּרץ און די טשערנאָוויצער יידישע שפּראַך-קאָנפערענץ״. — דער בריוו איז געשריבן אין 1908]

זעהר געעהרטער הערר ד״ר!

עס איז אונס, הער דאָקטאָר, זעהר שווער געוועזן צו ענפערן. מיר זענען, נאַטירליך, זעהר פּעראינטערעסירט אין קאָנפערענץ, אָבער אונטערשרייבען אייער אויפרוף האָבען מיר אויף קיינפאַל נישט געקאָנט. מיר האָבען אייך נישט געוואָלט שטערען, מיר וואָלטען אויך געקומען אויף דער קאָנפערענץ אָבער אַלץ נישט אונטערשרייבען. צום אַלעם ערשטען געפעלט אונס נישט די, זייט אונס, מוחל, „אַמעריקאַנישע״ הקדמה... מיר, ליידער, גלייבען אין גרויסע פּאָרטשריט נישט. וואָס עקזיסטיערט? ביי אונז — צוויי געלע בלעטער; דער פריינד איז פערקויפט אונד ווערט אַ ציוניסטיש פּאַרטיי בלאַט... מען דאַרף אַ קאָנפערענץ — צו פּאָדערן די ענטוויקלונג, דעם פּאָרטשריט...

און די אַמעריקאַנישע „מליצות״ — פּאָעטען שרייבען ליעדער, נאַטירלעך, מאַכען זיי קיין שטיוועל... אידישע צייטונגען פערשפּרייטען פּאָליטיק, „דערגרייכען אַ מדרגה״, „פּיעסען״, „צוציהען כל המיני קרענק און מומים״. דאָס איז פאַר אונס קיין יודיש נישט, דאָס איז, אין דער ערשטער ליניע, גראָב. און וועניגסטען די אויפרופער דאַרפען האָבען אַ סטיעל...

„נישט לאָזען אַרומלויפען פראַנק און פרײ, אָבּהיטען ווי אַ טײער קינד א. ד. ג.״ איז פאַר איין אויפרוף צו ק י נ ד י ש...

מיר קענען און ווילען אונטערשרייבען אַ נאַטירלעכען, אײערו-פעאישען אויפרוף, איין איינפאַכען...

אום צו פעדערען די ענטוויקלונג פון דער יודישער שפּראַך ווערט (דאָרט און דאָרט, אין דער און דער צייט) צוזאַמענגערופען אַ קאָנפערענץ.

עס ווערען געשטעלט צו בעהאַנדלונג די פראַגען

1) וועגען אָרטאָגראַפיע –

2) גראַמאַטיק

3) בענוצען פרעמדע ווערטער

4) אַ ווערטער בוך

5) ביבעל איבערזעצונג

6) די פרעסע

7) די ליטעראַטור

8) דראַמאַטורגיע און סצענע

9) די בעדייטונג פון דער שפּראַך אַלס נאַציאָנאַלע אָדער פאָלקס-טימלעכע שפּראַך און איהר בעציהונג צו העברעאיש.

10) די מאָראַלישע צווישען פעלקערליכע ליטעראַרישע אייגענטהום-פערזיכערונג״.

אויב איהר בעשטעהט אויף דער פאָרם שרייבט אייך אונ אונז אונטער.

68

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[די יידישע שפּראַך-קאָנפערענץ האָט זיך געעפנט דעם 30-טן אוי-גוסט 1908. פרץ האָט ארויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו דער קאָנ-פערענץ. דער בריוו איז געשריבן צו י. דינעזאָן אין די ערשטע טעג פון זיין קומען קיין טשערנאָוויץ]

ליעבער דינעסאָן,

הכלל איך בין אין – ציערנאָוויץ.

אַש׳ן האָב׳מיר פערלוירען אויפ׳ן וועג: אין לעמבערג האָט׳ם

צוגענומען אַ ד״ר רייך, אַ רעדאַקטאָר פון Wschód און ׳אַ חתן פון אַ כּלה, וואָס וואָהנט אויפ׳ן דאָרף, און אויפ׳ן דאָרף בעקומט מען רייטפערד א. ד. ג.

פון ציערנאָוויץ שרייבען, פון דער קאָנפערענץ – אונמיגליך... בעקאַנט געוואָרען מיט „אחר״ – ד״ר בירנבוים, מיט אַ ביסל יונגע לייט, – קיין ריכטיגען בעגריף אָבער פון דער קינפטיגער קאָנפערענץ האָב איך נישט. און איך וואָלט דיר נור אַ אַנזיכטקאַרטע געשיקט, ווען נישט, וואָס דער יונגער עולם בעט דורכאויס איך זאָל דיך בעטען, דו זאָלסט תיכף ומיד אָבער טאַקע באַלד אַרויס[שיקען] 2—3 עקזעמפּלאַרען פון דער „גאָלדענער קייט״ און מיינע „דראַמען״. זיי ווילען עפּיס אויפ- פיהרען בשעת איין אָבענד און האָבען, לא עליכם, נישט. עס ווייזט זיך, אַז גאַליציען וויל שוין לעבען און האָט קיין בוכהענדלער נישט. דערפון אָבער שפּעטער. דערווייל טהו דעם עולם צוליעב, שיק זיי די ביכער. מיין אַדרעס: ציערנאָוויץ, בוקאָווינאַ, עסטרייך, האָטעל בריסטאָל. א פּראַכטפאָל האָטעל, דאָס „נייעסטע״. העלענע פאַקט אויס אין שאַפע אַריין. –

וואָס נאָך? גאָר נישט. זיי געזונד

דיין פּרץ

69

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[נאָך דער קאָנפערענץ האָט פּרץ צוזאַמען מיט ש. אַש, ה. ד. נאָמ- בערג און א. רייזען אונטערגענומען אַ קינסטלער-טור איבער אַ ריי שטעט פון גאַליציע און בוקאָווינע לטובת דעם צענטראַל-ביוראָ פון דער קאָנפערענץ פאַר דער יידישער שפּראַך. — דער בריוו איז געשריבן פון איינער אַ שטאָט, וווּהין פּרץ איז געקומען האַלטן אַ פאָרלעזונג.]

ליעבער יעקב, „וואַרשויער פערטרויאונגס מאַן פאָן דער שפּראַך-קאָנפערענץ״. (ווייסט דערפון?)[1]

1) יעקב דינעזאָן איז באַשטימט געוואָרן דורך דער שפּראַך-קאָנפערענץ אַלס פאַרטרויונגס-מאַן פון וואַרשע.

מיר האָבען דאָ גאָר נישט דערהאַלטען, נישט דיין בריעף, נישט די „גאָלדענע קייט". רעקלאַמירט אויף דער פּאָסט, רעקלאַמירט אין ביוראָ פון דער שפּראַך־קאָנפערענץ און – גאָר נישט.

אַז נומבערג איז אַ „פערזאָרגער" האָב איך געוואוסט, נור ער זאָל זיך אַזוי פערנאַכלעסיגען האָב איך מיר נישט פאָרגעשטעלט. קיין בלע־טער פון דאָרט בעקומען מיר נישט. און ווען איך שטעל מיר פאָר, וואָס וואָלט געהאָלפען? בשעת קאָנפערענץ האָב איך קיין רגע רוה נישט געהאַט געאַרבעט, פאַר צעהן, און נאָך דער קאָנפערענץ פאָהרט מען אַרום אין דער מדינה[1] מיט די יונגעז לעזען. ווייסט דו דאָך, אַז זיי לעזען, איך אָבער מוז אויך רעדען. איך בין שרעקליך פערנומען. צי עס וועט זיך אַמאָל אָנרופען אויף מיין געזונד, ווייס איך נישט, דערווייל אָבער אַרבייט איך אויף אַלע כלים. איך וועל דיר וועגען דער ק. [קאָנפערענץ] נישט שרייבען, ערשטענס ווייל איך האָב קיין צייט נישט, און צווייטענס ווייל איך וויל דיר פערציילען פה אל פה.

אין וואַרשוי וואָלט איך געוואָלט די ק. [קאָנפערענץ] רעפעריע־רען. אפשר וואָלט ד"ר לעווין פאָרבערייט איין ערלויבניס? דאָ בע־געגענט מען אונז מיט גרויס פּאַראַד. מיט געזאַנג, סערענאַדען, קאַרע־טען און – מיט הארץ. אונזער געגנער באַהאַלטען זיך און – שווייגען...
כ׳קען נישט מעהר. מיצד. זיי געזונד.

דיין י"ל. פּ.

העלענע גריסט. זי וואַשט זיך. מיר פאָהרען באַלד ווייטער. אמת׳ע נע ונד׳ניקעס. –

70

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן פון באָריסלאַוו אויף אַ פאַרביק אַנזיכטס־קאַרטל, אויף וועלכן ס׳זענען אויסגעמאָלט מיליטער־לייט, וועלכע גראָבן אַ גרוב צו פאַרלעשן די שרפה פון אַ שאַכטע.—פּרץ האָט דאַן אין באָריס־לאַוו געהאַלטן אַ פאָרטראָג]

1) ס׳זענען דאַן איינגעאָרדנט געוואָרן פאָרלעזונגען אין דראָהאָביטש, באָריסלאַוו, טאַרנאָפּאָל, סטאַניסלאַוו, סכאָדניצע, סוטשאַווע, קאָמפּאָלונג, גורא הומארא א. א.

[באָריסלאַוו, סעפּטעמבער 1908]

זעהסט, וואו מען האָט מיך פערוואָרפען?

?

## 71

## צו לאַזאַר קאַהאַן

וואַרשע, 18 סעפּטעמבער 1908

גוט, מיסטער קאַהאַן.

יל"פּ

## 72

## צו א. ווייטער

(פונם אָריגינאַל)

[די דריי בריוו פון פּרץ צו א. ווייטער זענען געשריבן סוף 1908 און אָנהויב 1909 אויף בלאַנקען — „רעדאַקציאָן „יודישע וואָכענשריפט", י. ל. פּרץ, וואַרשוי, צעגלאַנא 1". — ווי באַוווּסט, האָט פּ״ץ אָנהויב 1909 אַרויסגעגעבן אין וואַרשע די „יודישע וואָכענשריפט", דערשינען בלויז 4 נומערן. דער ערשטער בריוו איז געשריבן אויף א פּראָספּעקט פון דער „יוד. וואָכענשריפט". אָנגעהויבן פון די ווערטער „ווי איר ווייסט" ביז „האָנאָראַר וועט צאָלן די רעדאַקציע" איז פּ״ן דעם געדרוקטן טעקסט. פּ״ץ האָט צוגעגעבן פאַר דעם פּראָספּעקט און נאָך דעם פּראָספּעקט עטלעכע געשריבענע שורות. — די אָריגינאַלן-בריוו געפינען זיך אין דעם עטנאָגראַפישן אַנסקי-מוזיי אין ווילנע. די פאָטאָגראַפישע קאָפּיעס זענען מיר צוגעשיקט דורך משה שאַליט און ח. לונסקי]

ליעבער ווייטער,

איהר זייט מיר נאָך ווייטער געוואָרען, עס וואָלט אַפילו אַ יושר געווען, מיר צו שרייבען, אַז איהר זייט אַריין אין פריינד[1]. וואָס וואָלט עס אייך געשאַד[ט].

— אָבער וואָס געווען איז געווען —

1) טאָגבלאַט אין פּעטערבורג. —

ווי איהר ווייסט שוין פון די צייטונגס-אַנאָנסען, האָב איך איבערגענומען די רעדאַקציע פון דער „יודישע וואָכענשריפט", וואָס וועט אַרויסגעהן פון 7-טען יאַנואַר (אַלטער סטיל) אין וואַרשוי.

די רעדאַקציע און אַדמיניסטראַציע זענען פאָלשטענדיג געטהיילט און אָהן שום בעציהונג צווישן איינער מיט דער צווייטער.

קענענדיג מיין ביזאַהעריגע אַרבייט, דאַרפט איהר וועגען דער ריכטונג פון וואָכענשריפט קיין ערקלערונג נישט. איך דאַרף נאָר זאָגען, אַז די הויפט-געוויכט וועט געלעגט ווערען אויף ליטעראַטור און קונסט.

אָנפאַנגס וועלן אַרויסגעהן נור איינבויגענדיגע נומערן. אויב עס וועט ג"ט געהן, וועט קומען צו צוויי און צו דריי, און צו אילוסטראַציאָנען.

די זאַכען מוזען דערווייל זיין זעהר קליינע, ווייל המשכים זענען נישט פראַקטיש.

איבערזעצונגען פון קלאַסיש גוטע זאַכען אויס אַנדערע שפּראַכען (אויסער רוסיש און פויליש, וואָס אַ גרויסער % לעזט אינ'ם אָריגינאַל) זענען זעהר געווינשען, ווי אויך אַרטיקלען און פעליעטאָנען.

האָנאָראַר וועט צאָהלען די רעדאַקציע אַ בעסערן אַלס דער פריינד, און תיכף ומיד, שיקט מיר זאַכען פון 50, 100, — העכסטענס 150 שורות. כ'בעט אייך, שיקט, ווי אַמשנעלסטען, ווי אַממעהרסטען.

גיט מיר אויך אויף גוטע „פירמען" פון פעטערסבורג. איך לעב אַזוי פעראיינזאַמט, אַז איך האָב קיין איינציגע אַדרעסע נישט.

שמועסט אייך דורך פערזענליך וועגען דעם מיט באַקאַנטע.

אָבער איין זאַך זאָלט איהר זיי זאָגען, קיין מיטעל מעסיגע זאַכען, וועל איך נישט דרוקען. גוטע איבערזעצונגען פון אויסלענדישע קלאַסישע קליינע זאַכען — רעכט גערן, — ווי געזאָגט מאַקסימום — 150 שורות די זאַך.

גאָר פּאַסענדיגע קען געהן אין 2—3 המשכים, אויב יעדער המשך וועט זיין אינטערעסאַנט אן אונ פיר זיך.

זייט געזונד און שטאַרק

אייער

י. ל. פּ ר ץ

73

# צו א. ווייטער

(פונם אָריגינאַל)

װאַרשוי, דען 6/20 יאַנואַר [1909]

ליעבער ווייטער.

צי איך האָב פון אייך אַ בריעף ערהאַלטען און נישט געענפערט, געדענק איך נישט. מעגליך איז עס. מן הסתם האָב איך אייך נישט געהאַט, וואָס צו ענפערן. און פיללייכט בין איך אין דער היים נישט געוועזען און דערנאָך, צוריקגעקומען, דעם בריעף נישט געפונען. עס איז אָבער שוין צייט, איהר זאָלט אייך מיין שוויגן צום האַרץ נישט נעמען. גלייבט מיר, אַז ווען איך שוויג, מוז איך שווייגען; איז מיר אַזוי שווער, ווי ווען רעדען וואָלט מען פון דער לעבער גערעדט, און דאָס — וועל איך קיינמאָל נישט טהון. און טהו איך עס אַ מאָל, און ווערט איהר געוואָהר דערפון, זאָגט קדיש נאָך מיר... מיין בעציהונג צו אייך און נאָך אייך צו אייערע קאָלעגען, דאַרף אייך זיין קלאָר. און איז עס אייך נישט קלאָר, צווייפעלט איהר, איז נישט מיין שולד; איהר צווייפעלט אין אַלגעמיינעם, און אַ שאָטען־שטראַהל פון אייער אַלגעמיינעם צווייפעל פאַלט אויף דער בעציהונג אויך... שרייבט און שיקט, וואָס איר ווילט און קענט... איהר האָט קיין „פירמען"? איך האָב געשריעבען צו ברוצקוס און ח. ד. הורוויץ וועגן עקאָנאָמישע אַרטיקל, פערבעטען אויך — אנסקי צו בעלעטריסטיק, רעדט מיט זיי איבער. זיי קענען מיך נישט אַזוי גוט, ווי איהר, און איך וויל קיין מיסטפער־שטענדניש נישט האָבען. ערקלערט זיי, וואָס איך וויל; איך ווייס, אַז איהר ווייסט עס...

מיר איז צונד שווערער צו שרייבען, ווי געוויינליך... איך רעד צו אייך, ווי פון אַ שווערען װאָלקען אַרויס. פיהלט איהר איהם נישט. געמוזט דאָך איינמאָל אַרויס צו אייך מיט אַ וואונק...

אייער י. ל. פרץ

נאָך עפּיס, שוין פּערזענליך־געשעפטליך.

איך דרוק איבער אַלע מיינע זאַכען מיט די „שריפטען" צוזאַמען.

עס וועט זיין איבער 120 בויגען[1]; דאַכט זיך נאָך אויסער סצענישע זאַכען. פעהלען מיר אָבער טהייל זאַכען. מאַנכע פון זיי זיינען געדרוקט געוועו אין פריינד (פאָלקסטימליך) „ל י ע ב ע" – אין דאָס לעבען[2]. האָט דינעסאָן וועגען דעם געשריבען צו פראָפּוס[3] און געבעטען, ער זאָל די זאַכען, וואָס ער האָט איהם פערצייכענט, איבערשרייבען. איינּיגע האָבען זיך דערנאָך געפונען, האָט ער איהם געשריעבען וועלכע. אין ביידע בריעף פערזיכערט, אַז די אַרבייט וועט גוט בעלוינט ווערען. פון פראָפּוס איז קיין ענטפער נישטאָ, און די זאַכען זענען נייטיג, זעהר נייטיג. ווערט, בעט איך געוואָהר, וואָס דאָס בעטייט, און וויל עס פראָפּוס נישט טהון, זעהט מיר עס צו פערזאָרגען דורך וועמען עס איז. כ'וועל גוט בעלוינען, נור געשווינד.

אייער י. ל. פּרץ

74

## צו א. ווייטער

(פונם אָריגינאַל)

ליעבער ווייטער.

אַזוי טאָר נישט זיין. איך שרייב דורכאויס יעדען, און בפרט אייך, דעם אמת, איהר טאָרט מיך נישט חושד זיין מיט אַ „מיין". ציניש איז דער ווירקליכסטער אויסדרוק פאַר דער זאַך. נישט דעריבער וואָס עס קומט פאָר די איטאַליערין, לויט ווי איהר, זעהט אויס, האָט מיך פאַרשטאַנען. ציניש איז דאָס, וואָס אַ מענש פערציילט פון זיך אַ מעשה, לויט וועלכער עס קומט בולט אַרויס, אַז ער האָט זיין חבר געמסרט. דעם איינדרוק און ניט קיין אַנדערן מאַכט די ערצעהלונג. ווייניגסטענס פאַלט אויפן ערצעהלער אַ גרויסער, גראָבער חשד... פון זיך ערצעהלט מען פיהל בעהיטזאַמער... איז אַזאַ מענש, ביי וועלכען אַ חבר פערשווינד, ביי'ן אַזוינע אָנגעלעגענהייטען לאָזט מען איבער

1) ס'האַנדעלט זיך דאָ וועגן דער אויסגאַבע פון פרצעס ווערק, וואָס דער אַמעריקאַנער אונטערנאַציאָנאַל-פאַרלאַג האָט פאָרגענומען.

2) מאָנאַטלעכער זשורנאַל — אַרויסגעגעבן אין 1905 דורך דער רעדאַקציע „דער פריינד" אין פעטערבורג.

3) י. י. פראָפּוס — דאַן געאַרבעט אין פעטערבורגער „פריינד". —

דער שוועל ; אַזוינעם גריסט מען גישט, אַזוינעם הערט מען נישט דערצעהלען. אין דער דריטער פערזאָן וועט די זאַך זיין זייער אַ גוטע.

„ווייטער" בעפרייט מיך פון אייער אונגלויבען, פון אייער „הינטער-מיין"; עס טהוט מיר ווירקליך וועה...

איך שיק אייך די זאַך צוריק צום פעררריכטען, אויב איהר וועט איינשטימיג ווערען מיט מיר. אַ'ניט, שיקט עפּיס אַנדערש.

איך פון מיין זייט, בעט נאָך אַמאָל דאָס זעלבע (אנדערע אויך) נור אין דער דריטער פערזאָן... פון אַנסקין קיין בריעף האָב איך נאָך נישט ערהאַלטען.

די „מאָנאַט-שריפטען"[1]) וואָלט איך זייער גערן איבערגענומען. איך פון מיין זייט גיב 1.000 רובל, גיט שטיצע נאָך צוויי, מיט דריי טויזענד גיב איך אַרויס. אָבער נאָך אַ בעדינג : די יוגענד זאָל העל-פען. איך לעיג אייך צו אַלס חאַראַקטעריסטיק איינהאָרנס אַ בריוועל. נאַטירליך — קאָנפידענציאָנעל. —

אייער יל"פ

P. S. עס בעאונרוהיגט מיך איין זאַך, איך קען נישט בעקו-מען קיין רעפערענט פאַר עקאָנאָמיע, נאַטירליך זוך איך צווישען די ראַדיקאַלע. קענט איהר מיר אין דעם נישט העלפען ? פערזענליך אָדער דורך אַנדערע ? פון ניגערן האָב איך קיין וואָרט בעקומען. וואָס בע-טייט עס ? נאָך עפּיס : איך האָב אַ רובריק — „גלאָסען": קליינע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע בעמערקונגען, אידעען און דאָסגליי-כען. העלפט מיט.

## 75

## צו ראָזא יאַקובאָוויטש

(פונם אָריגינאַל)

[די דריי בריוו זענען געשריבן אָנהויב 1909 אויף די בלאַנקען „רעדאקציאָן יודישע וואָכענשריפט". ר. יאַקובאָוויטש האָט געהאַט געשיקט פאַר דער וואָכנשריפט איי‌ניקע זאכן.—די בריוו זענען מיר צוגעשיקט פון ר. יאַקובאָוויטש, איצט אין קאַליש]

1) „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטען", פרייע ביהנע פאַר קונסט און ליטעראַטור, דערשינען 4 העפטן אָנהויב 1908 אין ווילנע אונטער דער רעדאקציע פון א. ווייטער, ש. ניגער און ש. גאָרעליק. —

אייער האַרציגער בריעף האָט מיך זעהר שטאַרק, מוז איך אייך מודה זיין, געריהרט. אויבוואָהל ער איז דורכגעשפּינט מיט אַזוינע שטעכענדיגע ווערטער, ווי גייסטיג לעבען, סטיליסטיקע. קאָנצענטראַציע און דערגלייכען...

לערנט אייך שרייבען צו אַלעם ערשטען — איינפאַך, זעהר איינפאַך.

צווייטענס — אָרטאָגראַפיע. נישט „לעיב", נור „לעב" א. ד. ג.; עס איז זעהר שווער אייך צו לעזען. — שרייבט ריכטיג.

אייער געדיכט איז צוגעשריבען צו'ם בריעף — טהוט עס נישט. אַ געדיכט דאַרף אַמאָל געשיקט ווערען אין דרוק אַריין, אונ אַהין קען מען דעם בריעף נישט שיקען. נישט וואָהר?

אין אייער געדיכט שטעקט עפּיס. וועניגסטענס אַ פּערצווייפלונגס-מאָמענט פון אַ נשמה. דאָס געדיכט איז אָבער נאָך נישט קלאָר— וואָס הייסט „געבען דעם לעבען אַ „נחלה"? אונ איבערהויפּט דאָס אויסמישען העברעאיש מיט'ן יודישען, נישט אין דיאַלאָג, ווען דאָס „בית המדרש" רעד[ט], איז זעהר נישט האַרמאָניש. סאָציאַלעליידן דרוקען זיך אַנדערש אויס.

פילייכט האָט איהר אויסער דעם געדיכט נאָך עפּיס געשיקט? די מאַנוסקריפּטען (ווי עס פּאַסט פּאַר אַ נייער רעדאַקציע) האָבען זיך אויסגעמישט, אונ, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזען, זענען געווען פיעל מאַנוסקריפּטען נישט אונטערגעשריבענע. אויב אַזוי, שיקט איין [אַריין] נאָך אַמאָל. עהנליך צו אייער האַנדשריפט איז א מאַנוסקריפּט „איין אַלטע מויד", איך וועל'ם לעזען, אויב איהר וועט אייך צו איהם בעקענען.

אין אַלגעמיינעם זעהט איהר מיר אויס זעהר דענערוויערט.

[אָפּגעריסן אַ שטיק בריוו — נ. מ.]

מיט אַכטונג

י"ל פּרץ

76

# צו ראָזאַ יאַקובאָוויטש

(פונם אָריגינאַל)

ליעבע מאַדאַם ראָזאַ.

איך האָב איבערגעלעזען „די אַלטע מויד” – אין תוך אַריין זעהר אַ גוטע זאַך, אָבער פיל פעהלערען. געוועהנליך ווערט עס פעררריכט אין רעדאַקציע, האָט איהר אָבער איין אייגענטליכען נערוועזען סטיל, אונ די ערטער, וואו די רעדאַקציע וואָלט-אייך פעררריכט, וואָלטען אויסגעזעהן, ווי לאַטיס. איך שיק אייך דעריבער די זאַך צוריק מיט בעמערקונגען. אין אָריגינאַל זענען די פעהלערהאַפטע שטעלען נומעריערט, אונ לויט די נומערען וועט איהר די פאָלגענדע בעמערקונגען האָבען צו יעדער שטעלע.

1) „די אַלטע מויד” – אַ קאָמישער נאָמען, צו איין ערנסטער זאַך. עס דאַרף זיין: „די פאַבריקמאַכערין”. אונ עס געהט נישט אין עלטער. אַ האַרץ שטאַרבט אַמאָל יונגערהייט. – 2) [נישט לייענבאַר] 3) קיין בעצייכנונג. וואָס איז עס געוועזן? 4) מיט וואָס איז עס שען אונ גליקליך געוועזן? איהר האָט געוויס געוואָלט זאָגען, אַז איהרס יוגענדליכע יאָהרען קומען אייך יעצט פאָר, ווי אַ שענער גליקליכער חלום. קאָן מען אַזוי שרייבען. אַ'ניט – אויפן וואָרט גלויבט מען נישט. אַז דעם עלטערען מענש קומט די יוגענד פאָר שען און גליקליך איז נאַטירליך, דאָס דאַרף קיין אילוסטראַציע נישט. אָבער אַז איהר זאָגט עס פון זיך, מוזט איהר מאָהלען, נישט פערזיכערען. פאַקטען: פאַר וואָס שען אונ גליקליך”. 5) סטיעל פאַר אַ געלעהרט-פסיכאָלאָגישע אָבהאַנדלונג, אין דער צייט פיהלט מען ווירקליך אַזוי, אָבער נישט אין דער פאָרם. אַזוי ווערט עס פערטייטשט. אָבער דער דיכטער האָט צוטהון נור מיט דער פאָרם פון געפיהל, נישט מיט פירושים דערויף. אונ די נעפעלהאַפטע בענקשאַפט פון אַ יונג-מיידעל אויף דער שוועל פון געשלעכטס-ענטוויקלונג דאַרף מאָלעריש, נישט קלוג געשריעבען ווערען. טראַכט די שטעלע איבער, שרייבט זי אויף איינפאַכער נור טיעפער. 6) אַ שלעכטע בעצייכנונג. מיינט איהר זאָרגפעלטיג? 7) די שוועסטער מיט עפילעפסיע איז איין איבריגע זאַך, און וואָס איבריג – שטערט. בפרט עפילעפסיע, וואָס ציהט אָב,

מיט איהר אונגעוועגליכקייט און געהיימקייט דעם לעזער פון דער זאַך, זיין געדאַנק וויל אַוועק אין אַ זייט. נאַטירליך וועט איהר איהם צוריק־שלעפּען צו אייער ערצעהלונג, אָבער דער לעזער דאַרף נישט גע־שלעפּט ווערען. ווענין יונגע קינדער, וואָס דאַרפען ערצויגען, ערנצהרט ווערען? 8) ריכטיג, נור נישט קלאָר, זי זעהט, אַז דאָס הויז פּאַלט אונ פּאַלט אויף איהרע אַקסעל, אונ די זענען שוואַך, זי וועט דאַרפען פּאַר אַלע טראַכטען, פּאַר אַלע טהון — אָבער זי האָט נישט די מעג־ליכקייט צו העלפען, זי האָט נישט די מעגליכקייט צו אַרבייטען, צו פּערדיענען א. ד. ג., אונ קלאָר מוז עס, אונ בילדליך געזאָגט ווע־רען... 9) עקסטראקט איז אויסצוג, איך מיינט די סומא?! אונ איבער־הויפּט די געלעהרטע ווערטער זענען דיסהאַרמאָניש אין אַ געוועגליך בילד. דאָס זעלבע: „פּאָרזיכטיג אונ קאָרעקט", דאָס געהער צו'ן אַ גאַנץ אַנדערן טאָן. אונ אַזוי איז דאָס גאַנצע, ווייטער אין טעקסט אונטערגעשטראכטע — דייטשמעריש... נישט פּאַסענד.

איך וועל ווייטער נישט צייכענען. איהר וועט דאָס ווייטערע, וואָס האָט אויך די זעלבע פעהלער אַליין שוין קאָרעגירען. איך מוז אייך אָבער נאָך אָנווייזען אויף אַ שטעלע, וואָס איז די וויכטיגסטע און די בעסטע אין דעם בילד, און דאָך נישט קלאָר אַרויס, ווייל דאָ גראָד איז צו ענג אין ווערטער. איך מיין דאָס קאָליערט אונטערגע־שטראכטע אויף דער לעצטער זייט.

אַ פּאָר אַלגעמיינע רעגעל.

1) שרייבט נור אויף איין זייט.

2) לאָזט איבער מאַרגינעסען אויף באַמערקונגען.

3) לערנט אייך שרייבען אָרטאָגראַפיש.

4) לערנט אייך בענוצען די שרייבער־צייכען. (צו שווער פיר'א פרוי?)

5) שיט נישט מיט זאַכען אויס'ן אַרבעל... בעאַרבייט זיי...

אום צו פּאָרבעסערען דעם סטיעל, בעשעפטיגט אייך מיט אי־בערזעצונגען פון דייטשע קלאַסישע זאַכען, אונ שיקט זיי מיר איין...

איהר זעהט — אַזוי פיעל פעהלער! אונ דאָך גלויב איך, אַז פון אייך וועט עפּעס אַרויס. עס איז אַ שאָד, וואָס שריפטליך איז שווער צו ערקלערען.

מיט אַכטונג

י. ל. פּרץ

77

## צו ראָזאַ יאַקובאָוויטש

(פונם אָריגינאַל)

ליעבע מאַדאַם ראָזאַ.

אוה, ווי נערוועז איהר זייט. ווייטער אַ בריף, און ווייטער אַ נערוועזער. איך האָב, גאָט בעהיט, גאָר נישט קעגען אייער אָפּט שרייבען, גלויבט מיר, אַז אייערע בריעף קענען זיין זעהר אנגענעהם... אָבער — צו פיעל נערוואזיטעט.

וואָס אַמבעלאנגט דעם געדיכט:

1) לערנט אייך פערז-מאָס...

2) שרייבט מוזיקאַלישער...

3) בילדער נישט בעטראַכטונגען: די צייטען פון דער אַלטער פילאָזאָפישער פּאָעזיע זענען דערוויל פאָראיבער. און אייערע בעטראַכטונגען זענען נישט אַזוי טיעף... איינפאַך — פובליציסטיש.

זייט מיר מוחל, וואָס איך שרייב אייך די פעהלער איינפאַך און פון האַרץ אַרויס. ערשטענס שטעקט עס שוין אין מיין נאַטור; צווייטענס, גלויב איך, אַז אין אייער [געדיכט?] איז עפּיס פערהאַן, און ווער האָט נור עפּיס אין זיך, וויל נור דעם ריינעם אמת...

כ׳בין נייגעריג צו זעהען אייך. קענט איר נישט איינשיקען אייער פאָטאָגראַפיע. —

זייט געזונד און שטאַרק, און שרייבט.

אייער י. ל. פרץ

78

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

[דער בריוו איז געשריבען אָנהויב 1909. — די קאָפּיע פון דעם בריוו איז מיר צוגעשיקט דורך ש. ניגער]

ליבער ניגער.

אייער אַרטיקל[1]) איז אויסגעצייכנט, ער האָט נור איין פעהלער: דער בריף אין עקסטענזאָ[2]) דאַרף זיין אין אַ בעמערקונג. אינם טעקסט – נאָר דער קורצער אינהאַלט. איז אַזוי וועל איך טון, אויב איר וועט ניט פראָטעסטירען, איך רעכען עס שוין אַריין אינ׳ם 5-טען ביכעל.

אייער יל״פ

79

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מיליאַנאָוועק 21/VI 1909

ליעבער דינעסאָן,

דיין בריעף האָב איך ערהאַלטען, די בייגעלעגטע בריעף פון פרעמדע און אויסשניטען פון צייטונגען – געלעזען און, נאַטירליך, דערפון קיין גרויס נחת נישט געהאַט.

איך האָב געוואָלט זיין אין אַמעריקא, אויסצופיהרען מיין אַלטען פראָיעקט, צו שטאַנד צו ברענגען איין אַלגעמיין יודישע אויסגאַבע, נאַטירליך—אַ קינסטלעריש-ליטעראַרישע פאַר דער גאַנצער יודישע וועלט, פעסטצושטעלען דריי הויפט-פונקטען פאַר רעדאַקציע און דרוק: וואַרשוי, לאָנדאָן און ניו-יאָרק מיט צייטוויילע קאָמיסיאָנערען פאַר רומעניען און גאַליציען.

עס איז מיר נישט איינגעפאַלען איבערצוגעבען; זיך אָדער די זאַך די אָדער יענער פאַרטיי, דעם אָדער יענעם ליטעראַרישען קלייזעל: איך שעם זיך נישט מיט כלל-ישראל-אַרבייט ביי מיין גאַנצער סימ־פאַטיע פאַר ראַדיקאַלע קרייזען.

נישט זייענדיק אימשטאַנד צו פאָהרען אויף מיינע הוצאות, האָב איך גערעכענט אויף איינקינפטע פון פאָרלעזונגען.

אַש האָט געוואָלט מיטפאָהרען, מהיכא תיתא. ער האָט זיך אונ־טערגענומען בריעף צו שרייבען, האָב איך דאַגעגען גאָר נישט געהאַט. וועמען ער האָט געשריבען און וועמען נישט, ווייס איך נישט.

---

1) „די געשיכטע פון אַ נאָמען״, געשריבן פאַ־ דער „יודישער וואָכענשריפט״.

2) אַ בריוו צו מענדעלסאָן-באַרטאָלדי, וועגן וועמען עס רעדט זיך אין דעם אַרטיקל.

די ליטעראַריש־אַמעריקאַנישע אָנגעלעגענהייטען זענען מיר נישט בעקאַנט. מאַכען זיך אינטריגען, ווי דו זאָגסט, וועל איך בעסער נישט פאָהרען, אויסער אַז [עס] וועט אויפגעקלערט און אויסגעלייטערט ווערען דער ציעל פון פאָהרען, און עס וועט נישט אַרויסקומען דערפון קיין אונאַנגענעמליכקייטען.

מעהר צו זאָגען האָב איך דיר נישט, און איך בעט דיך, די זאַך אויסצופאָרשען און מיר מודיע זיין, ווי אַמשנעלסטען. —

אין דאָרף איז זעהר גוט; הלואי ווייטער.

דיין י״ל פרץ

## 80

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו צו י. דינעזאָן, איז געשריבן אין דעמזעלבן טאָג און פון דעמזעלבן אינהאַלט, ווי דער פֿריערדיקער בריוו. ווייזט אויס: פרץ איז נישט געווען זיכער, אַז איין בריוו איז דערגאַנגען צו דינעזאָנען און ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ צווייטן בריוו]

מיליאַנאָוועק, 21 יוני 1909

ליעבער דינעסאָן.

דיין בריעף האָב איך ערהאַלטען, די ביילאַגען פון אַמעריקאַנער בריעף און אויסשניטען פון ניו־יאָרקער צייטונגען האָב איך געלעזען, און, פערשטעהט זיך, דערפון קיין גרויס נחת נישט געהאַט.

איך האָב גערעכענט אַראָבצוהאַפען זיך קיין אַמעריקאַ, אויסצופיהרען מיין אַלטען פראָיעקט, פון וועלכען איך האָב אין ציערנאָוויץ אַזוי פיעל גערעדט, נעמליך צו גרינדען איין אַלגעמיין יודישע אויסגאַבע פאַר אַלע יודישע גערנוויליגע און נישטגערנוויליגע געטהאס, די יודישע שרייבער זאָלען אויפהערען צו זיין יודיש פוילישע, יודיש רוסישע, יודיש רומענישע, יודיש גאַליצישע און אַנדערלענדישע שרייבער. און אונפאַרטייאיש זאָל די אויסגאַבע זיין, נור ליטעראַטור און קונסט געווידמעט.

נישט האָבענדיג די מעגליכקייט צו פאָהרען אויף אייגענע

הוצאות, האָב איך גערעכענט אויסצושלאָגען זיך די הוצאות דורך פאָר־לעזונגען. אש האָט בייגעשטימט מיטצופאָהרען, אונטערגענומען זיך בריעף שרייבען, איך האָב בעשטאַנען. די אַמעריקאַנישע אָנגעלעגענ־הייטען זענען מיר נישט בעקאַנט... איבערגעבען די זאַך אַ פּאַרטיי אָדער זיך אַליין אַ ליטעראַריש קרייזעל, איז מיר נישט איינגעפאַלען. אַשן געוויס אויך נישט. מיט מיין גאַנצער סימפּאַטיע צו די ראַדיקאַלע קרייזען, שעם איך מיך נישט מיט כּלל ישראל אונ אַרבייטען וויל איך פאַר כּ ל י ש ר א ל... אונ כּל זמן דאָס וועט נישט ערקלערט ווערען אונ אויסגעלייטערט ווערען פאַר אַלע, עס זאָל דערינען קיין שום ספק נישט זיין, איז גלייכער נישט צו פאָהרען.

זיצענדיג אין דאָרף, איז מיר אונמעגליך אַלץ צו ערפאָרשען; טהו עס דו, אונ שרייב מיר, ווי די זאַך שטעהט.

אַמבעסטען וואָלט געווען, אויב עס וועט האַלטען ביי פאָהרען, דו זאָלסט מיטפאָהרען. פריינד אין אַמעריקא וועלען דיר נישט פעהלען.

אין דאָרף איז זעהר גוט... הלואי ווייטער. —

דיין י״ל פּ ר ץ

*81*

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

[די עטלעכע בריוו צו ש. ניגער זענען געשריבען אין 1909—1910. פּרץ האָט דאַן געגרייט צום דרוק דאָס זאַמלבוך „יודיש״, וואָס איז אַרויס אין וואַרשע 1910. די קאָפּיעס פון די בריוו זענען מיר צוגעשיקט דורך ש. ניגער]

ליעבער ה׳ ניגער,

איך האָב ערשט בעקומען אייער אַדרעס און איך בעט אייך, — איך גיב אַרויס אַ זאַמלבוך פון 20 בויגן — אום דאָס אַרטיקל איבער ביאַליקן. עס וואָלט זעהר וויכטיג געוועזען פאַר׳ן בוך, פאַר׳ן עולם און בכלל פאַר גאָט און לייט. ענטפערט, צי איר וועט עס טהון.

צייט 3—4 וואָכן, וואָס געשווינדער, איז בעסער.

אייער י. ל. פּ ר ץ

82

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

ליעבער ניגער

פרייט מיך זייער. זאָל זיין אַפילו 11/2 בויגען, נאָר–אויף זיכער! וואָרען, פערפיהרט איר מיך, פערפיהרט [איר] דעם כלל ישראל.

אייער פרץ

83

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

ליעבער ה׳ ניגער

אייער אַרטיקל האָב איך ערשט יעצט געקאָנט דורכלעזען. כ׳בין געווען זעהר פערנומען. ציגד האָב איך געמוזט, ווייל דער הערויס-געבער געהט שוין דרוקען. דאָס אַרטיקל אייער איז ווירקליך פראגמענטאַליש. נור – פערפאַלען, איך דרוק עס אַזוי. – פאַרן יודישען לעזער וואָלט פיל בעסער געווען אַ לעבענסבילד פון ביאַליקן; דאָס איז אָבער אייער זאַך.

אַרויסגעהן וועט דאָס זאַמעלבוך ערשט אויף סוכות.

פון מיר איז אַרויסגעאַנגען: 1) פאָלקסטימליכע, 2) אין פּאָליש אויף דער קייט און 3) די גאָלדענע קייט. אויפדערוואָך געהט אַרויס 4) די צייט, וועל איך אייך אַלץ צוזאַמען שיקן. –

אייער י. ל. פרץ

84

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

ליעבער ניגער,

דער אַלמאַנאך דרוקט זיך ערשט און איך קום ערשט צו פאָהרען...

קומענדיג פון אויסלאַנד האָב איך געפונען אייער זאַך פאַרן אלמאנאך אָבגעדרוקט רוסיש אין פעטערבורג און יודיש אין אַמעריקא... גאָט איז מיט אייך און זאָל ער בלייבן ביי אייך, נור פאַרן אלמאנאך שיקט עפּיס אַנדערש. געלד וועט איהר זאָפאָרט בעקומען נאַטירליך נישט זעהר פיעל...

אייער י״ל פרץ

85

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מאַריענבאַד 11/8 1909

הכלל, מען האָט געררופען קיין ניו-יאָרק, געצויגען האָט קיין פּאַלעסטינא, געזאָלט האָב איך פאָהרען איבערן ים און זיך — אַזוי האָט ד״ר מינץ געוואָלט — אין מאַריענבאַד און דאָך — נישט אין מאַריענבאַד — איך וואהן אונטער מאַריענבאַד — די אַדרעסע, נאַטירליך אויף גוטע בשורות: מאריענבאַד, שלאָס (!!!) וואלדפרידען. געוועזן שוין ביים דאָקטאָר, טרינק שוין וואַסער, נעם בעדער און זיי געזונד. ד׳וועל דיר אין קורצען שרייבען. זיי עפּעס מודיע אונ, געהט אַרויס עפּעס נייס, שיק מיר איין.

דיין יל״פ

העלענע האָט נישט קיין צייט.—זי וועט דיר שרייבען איין אַנדערט מאָל. —

86

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מאַריענבאַד 15/8 1909

I. L. Perec

[ס׳זענען דאָ נאָך אַ ריי אונטערשריפטן פון קור-געסט]

87

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מאַריענבאַד 23/8 1909

ליעבער ר׳ יעקב,

איך האָב פערלוירען אַ מאַסע פלייש און רעכען אין דער דריטער וואָך נאָך אַ ביסל צו פערליערן. וואו אַהין איך וועל ווייטער פאָהרען, ווייס איך נישט. אַז איך וועל וויסען, וועל איך דיר מודיע זיין. שיק הירשקאַנען[1] 25 רובל און אַ הערצליכען גרוס פאַר איהם און פאַר ווייטערן. ווי איז דאָס באַנד דראַמען[2]? גריס לידסקין. דיין בריעף וועגען דער פריינטשאַפט מיט לוציאַנען[3] האָט מיך דערפריידט.

דיין יל״פ

העלענע[4] וואַשט נאָזטיכליך און גריסט דיך מיט נאַסע הענד. —

88

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מאַריענבאַד 30/8 1909

דינעסאָן,

געוואַלט! עס וועט מיר פעהלען געלד. לערך 100—150 רובל. לכל הפחות 100. מוזט מיר דאָס געלד גרייט האַלטען און אַרויסשיקען

---

1) צבי הירשקאַן. משמעות, אויפן חשבון פון זיין דערציילונג „צחיי וועלטן״, וואָס איז דערנאָך געדרוקט געווען אין זאַמלבוך „יודיש״.

2) אין 1909 איז אין פאַרלאַג „פּראָגרעס״ ארויס א דיקער באַנד „דראַמען״ פון י. ל. פרץ, חוץ ס׳זענען אריין: אמאָל איז געווען א מלך, וואָס אין פידעלע שטעקט, שוועסטער, גאָלדענע קייט, אין פאָליש אויף דער קייט, ביינאַכט אויפן אלטן מאַרק. — די שער-בלעטער זענען פאַרביק, געצייכנט דורך ב. קראַטקאָ. —

3) ברצעס זון. —

4) פרצעס פרוי. —

לויט אַדרעסע; וואָס איך וועל דיר אָנשרייבען. זאנטאָג, ד. ה. מאָרגען אום 12 אוהר מיטאָג געהטס נאַך מאָנאכיום (מינכען).

דיין י"ל פרץ

## 89

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

מעראן 4/9 1909

ליעבער יענקל, געלד ערהאַלטען: דאַנקען אין וואַרשוי. ווי איך קום קיין מעראן? עס ליגט אויפן וועג, וואָס ד"ר מינץ האָט געצייכענט. אָבער אויספיהרען די רוטהע [?] וועל איך נישט. איך וואָלט געברויכט דאַצו נאָך פיעל געלד. איין אַנדערש מאָל. איך זיץ אין מעראַן נאָך אַ פּאָר טעג און געה צוריק איבער וויען, מיט אָבהאַלטען אין אינסברוק און זאלבערג. דעם אַמעריקאַנישען בריעף האָב איך נישט ערהאַלטען. פערפאַלען. שרייב זיי אין מיין נאָמען, אַז איך פיהל מיך זעהר בעעהרט מיט דעם פאָרשלאַג[1], אַז איך שעץ מיך גליקליך דערמיט און איך דאַנק זיי זעהר פאַרן כבוד. צי איז לוציאַן שוין צוריק געקומען פון מאָסקוי? איך פרעג, אויבוואָהל איך קען שוין קיין ענטפער נישט בעקומען. די זעקס איבעריגע ווערטער אין דער דעפּעשע זיי מיר מוחל, אָדער פערשרייב אויף מיין חשבון. איינדריקע אָהן אַ שעור. אין וואַרשע וועל איך זיי דיר אויסשיטען, ווי פון אַ זאַק. —

דיין י"לפ

## 90

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

ביאַליסטאָק, 27 דעצעמבער 1909

[דאָס קאַרטל איז געשריבען אויף אַ באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין ביאַליסטאָק לכבוד פּרצן, מסתמא נאָך זיינער אַ פּאָ־לעזונג: אויף דעם קאַרטל זענען אונטערגעשריבען פריינט און

1) פּרץ האָט דאַן געהאַט אַ פאָרשלאַג צו קומען קיין אַמעריקע.



פּרץ אין יאָר 1910 — ז״ס 165

פארערער פון י. ל. פרץ. צווישן אנדערע: פ. קאפלאן, א״צ לינ-
טופסקי, מ. שיבה און אנד.]

י. ל. פרץ

## 91

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאל)

[געשריבן אויף א קארטל, אויף דער צווייטער זייט — א פאָטאָ-
גראפיש בילד פון י. ל. פרץ. אין דובעלענער קורהויז האָט פרץ
געהאלטן דאן זייער אן אינטערעסאנטן רעפעראט וועגן דער יידי-
שער ליטעראטור]

דובצלן, 30 יולי 1910

אַזוי זעה איך דאָ אויס פאַר דער לעקציע. וואָס דערנאָך וועט
זיין, ווייסט שרה־בת טובים.

י. ל. פ.

## 92

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאל)

דובעלן, 4 אויגוסט 1910

ליעבער ר׳ יענקל

זיי אַזוי גוט און הייס לידסקין[1], ער זאָל דורכאויס אויף דער
שטעל אַרויסשיקען פאַר נאַכנאָמע מיינע 4 בענדער אונ בענדלעך יודיש,
לויט אַדרעסע: (גינדין) Г. Д. Гиндину Рига,–для Розы
Шалитъ וועסט טהון אַ גרויסע מצוה. איך בעט דיך זעהר זאָלסט
אַליין זעהען, מען זאָל אין דיין געגענוואָרט אַוועקשיקען. — שבת
פאָהר איך מיט׳ן ים קיין שטעטין, פון דאָרט קיין קיסינגען.

דיין יל״פ

1) יעקב לידסקי, דער אַרויסגעבער פון פרצעס ווערק, פארלאג „פראָגרעס". —

93

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

קיסינגען, 13 סעפטעמבער 1910

איייניגע בריעף זענען פערלוירען געגאַנגען. מאָרגען, פרייטאָג, פאָהרען מיר אַרויס קיין בערלין. זונטאָג ביינאַכט קומען מיר קיין וואַרשוי.

זיי געזונד
י. ל. פרץ[1]

94

## צו דער פאַרזאַמלונג וועגן „בוך פון פייער"

(פונם אָריגינאַל)

[אין 1910 האָט שלום-עליכם פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו די יידישע שרייבער, זעצער און פאַרלעגער וועגן אַרויסגעבן אַ זאַמל-בוך לטובת די יידן, וואָס האָבן דאַן געליטן פון די גרויסע שרפות אין פאַרשיידענע יידישע שטעט. — אין וואַרשעווער „הזמיר" איז דאַן צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון שרייבער און כלל-טוער וועגן דעם פאָרשלאַג. אויף דער איינלאַדונג צו קומען אויף דער באַראַטונג, האָט י. ל. פרץ צוגעשיקט פאָלגנדיקע דערקלע-רונג. — דער בריוו איז אונז איבערגעגעבן דורך נח פרילוצקי, דער פאָרזיצער פון יענער פאַרזאַמלונג. — דער בריוו איז צוערשט פאַרעפנטלעכט געוועזן אין „ביכער-וועלט" 1923 ז. 286. פרץ האָט וועגן דעמזעלבן ענין אָפּגעדרוקט דאַן אַן אַרטיקל אין „פריינד". זע פּרצעס ווערק „ליטעראַטור און לעבן" ז. 284]

אן דער פערזאַמלונג וועגען „בוך פון פייער".

אין דער פראַגע זענען ביז אַהער געטהוען געוואָרען נישט זעהר פאַסענדיגע זאַכען.

1) צום בריוו האָבן צוגעשריבן נחמה (העלענע) פרץ, אברהם פאָרלישעווסקי א. א.

דער ליעבער שלום-עליכם האָט נישט געדאַרפט אַרויסצוטרעטען מיט איין עפענטליכען אויפרוף, נור פריהער זיך פערשטענדיגען מיט חברים.

די, ביי וועלכע די זאַך האָט בעקומען איין אָפּקלאַנג, האָבען געברויכט די איינלאַדונגען אונטערצושרייבען. דער איינגעלאַדענער דאַרף וויסען, פון וועמען עס בעגעגענט אים דער כבוד, ער דאַרף אויך וויסען מיט וועמען ער וועט דעם כבוד טהיילען, און דעריבער האָט יעדער איינגעלאַדענער געדאַרפט בעקומען אַ ליסטע פון אַלע איינגעלאַדענע.

אונזער ליטעראַטור, בפרט די זשורנאַליסטיק, זענען אָבער נאָך צו יונג און דעריבער — אָהן טראַדיציאָנעלע פאָרמען, וואָרין [וואָס?] ווערען ערגעץ אַנדערש שטרענג געהיטען. און דעריבער, ווען נישט אַ שטערונג, וואָס איז נישט אָבהענגיג פון מיר, וואָלט איך צו דער פערזאַמלונג געקומען.

נישט קענענדיק קומען, ערלויב איך מיר מיטצוטהיילען מיין מיינונג דער פערזאַמלונג צום בעטראַכטען.

1) ווען שלום-עליכם בעראָט זיך פריהער, וואָלט איך (און אַנ-אַנדערע אויך) איהם געראָטען, ער זאָל דעם פאָרשלאַג נישט פער-עפענטליכען. הילף פאַר נשרפים מוז זיין אַ ראַשע, מאָמענטאַלע, זאַמעל-ביכער מוזען געזאַמעלט ווערען לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם, אויב מען וויל דאָס זאַמעלבוך זאָל עטוואָס זיין.

2) דאָ אָבער די זאַך איז שוין געשעהען. פערבינד אונס די סאָלידאַריטעט מיט'ן חבר שלום-עליכם, און די זאַך דאַרף אויסגעפירט ווערען.

3) אָבער, כדי די זאַך זאָל קאָנען אויסגעפיהרט ווערען ווי אַמבעסטען און ווי אַמגעשווינדסטען, וואָלט איך געראָטען, מען זאָל אַרויסגעבען אַ זאַמעלבוך פון אַ ל ט ע, נישט פון נייע ז אַ כ ע ן. נישט יעדערער, וואָס וואָלט גערן עפּעס געטהון פאַר די נשרפים, האָט נייע זאַכען גרייט; נישט אַלע וואָס האָבען גרייטע זאַכען, קענען זיי געבען — עס קען זיין אַ צו גרויסע נדבה, פון אייגענעם מויל אָוועקגעריסען. און די זאַכען, וואָס וועלען געשריבען ווערען עקסטרא צוליעב דעם בוך, אויסגעטראַכט און אויפגעשריבען — די זאַכען וועלען אין 90% נ י ש ט טויגען...

און די „רעדאַקציע"?

ווער וועט זי וועהלען ? ווער וועט וועלען געוועהלט ווערען ? ווער וועט נעמען אויף זיך דאָס אָבוואַרפען אַ נדבה ? — איך וואָלט נישט געוועהלט און די וואַהל נישט אָנגענומען. פאַר זיך רעדיגיערען, לויט זיין פאַרשטאַנד און געשמאַק, האָט יעדערער דאָס רעכט. על חשבון הנשרפים — שווערליך. —

און האָט עמיץ קיין נייע זאַך נישט, טאָר ער דעם נשרף נישט העלפען ?

4) איך רעכען דריבער פאַר נייטיג:

א) אַ קאָמיטעט פון איינינע ליטעראַטען זאָל אויסשטעלען אַ ליסטע פון שריפטשטעלער יודישע ווי העברעאישע, ווי אויך (שוין מיט דער הילף פון קינסטלער) אַ קינסטלער-ליסטע.

ב) די ליסטע זאָל איבערגעגעבען ווערען אַ קאָמיטעט פון פערמעגליך פעראַנטוואָרטליכע כלל-טהוער.

ג) די כלל-טהוער זאָלען איינלאַדען די אַלע פון דער ליסטע, זיי זאָלען אָנווייזען, וועלכע פון זייערע זאַכען זיי ערלויבען איבער צו דרוקען פאַר די נשרפים, אָדער וועלכעס קונסטווערק צו רעפּראָדוציערען.

אין דעם פאַל האָט מען דאָס מאַטעריאַל בּאַלד, כמעט אויף דער שטעל, און עס וועט נישט זיין קיין „קנאה, שנאה בסעודה"...

מיט אַכטונג
י. ל. פּרץ

[צוש־יפט פון יעקב דינעזאָן.

אזוי ווי איך האָב ליידער גראָד קיין מעגלעכקייט היינט אויף דער פערזאמלונג צו קומען און בין גענצליך דערזעלבער מיינונג פון פרץ

אונטערצייכען איך י. דינעזאָהן]

95

## צו מענדעלע מוכר־ספרים

(פונם אָריגינאַל)

[סוף 1910 איז אין ווארשע געגרינדעט געוואָרן א טעאַטער-געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל צו שאפן אן ערנסטן יידיש טעאַטע־ אין רוסלאַנד. פּרץ האָט פיל צייט און ענערגיע

אוועקגעגעבן אַם דער טעאַטער־געזעלשאַפט. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען, געפאָרן לסוף קיין פּעטערבורג מכח דער געזעלשאַפט. אין שליחות פון דעם קאָמיטעט איז אַ צייט אַרומגעפאָרן א. ווייטער איבער אייניקע גרעסערע שטעט, געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע און פאַרקויפט אַקציעס. — זע וועגן דעם געניער אין מײַן אַרטיקל „פּרץ און דאָס יידישע טעאַטער". — דער בריוו געפינט זיך אין מענדעלע־מוזיי אין אָדעס, — ער איז אָפּגעפאָטאָגראַפירט אין מינסקער „צייטשריפט" ב. I, ז. 71]

[11 דעצעמבער 1910]

ליעבער, ליעבער מענדעלע!

עס איז געבליבען, אַז עס מוז געבויט ווערען אַ ניי יודיש טעאַטער. צום [צו] דעם צוועק מוז מען זיך ווענדען צו דער געזעלשאַפט נאָך הילף. טויזענדער און טויזענדער יודישע נפשות געהען טעגליך (בעסער געזאָגט: אבענדליך) אין יודישען טעאַטר און הערען בישט קיין וואָרט יודיש, ווען די זאַכען זענען ערטרעגליך, אָדער נור יודיש, ווען עס ווערט געשפּילט דער ערגסטער שונד. „יודיש" און „שונד" זענען אין טעאַטר פאַרבינדען געוואָרען, ווי אַמאָל „יודיש" און „שמ"ר". —

אַ חברה שריפטשטעלער און כלל טהוער אין וואַרשוי (צווישען אַנדערע [נישט לייענבאַר – נ. מ.] אויסער מיר – דינעזאָן, סאָקאָלאָוו, ד"ר דווידזאָן, ד"ר לעווין וכו') האָט גענומען אויף זיך אַרויסצוטרעטען מיט איין אויפרוף וועגן דעם ענין. און אין נאָמען פון דער חברה, קום איך אייך בעטען, זעהר און זעהר בעטען, איהר זאָלט צו אונס צושטעהען און לאָזען אונטערצייכענען אייער נאָמען אויך. אייער נאָמען איז, דאָס ווייסט איהר אַליין, דער לויכטיגסטער, דער שטאַרקסטער... אייער נאָמען טאָר נישט פעהלען. הויבט זיך אפשר אָן אַ ניי בלעטעל פון דער יודישער קולטור אָדער קונסט־געשיכטע, טאָ זאָל זיך דאָס בלעטעל אָהן אייער נאָמען נישט אָנהייבען.

בעטען מיר אייך דעריבער נאָך אַמאָל און זעהר האַרציג בעטען מיר אייך, איהר זאָלט תיכף ומיד אונס אריינשיקען אייער ערלויבניש אונטערצושרייבען אייער נאָמען אונטער דעם דערמאָנטען אויפרוף.

און זייט מיר געזונד און שטאַרק נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָהרען.

אין נאָמען פון אַלע

אייער י. ל. פּרץ

96

# צו ד"ר יצחק געליבטער

(פונם אָריגינאַל)

[ד"ר יצחק געליבטער איז פּרצעס יוגנט-חבר. זיי האָבן אינאיינעם געלערנט אין זאַמאָשטשער בית-המדרש און דערנאָך ארוים לתרבות רעה. פּרץ דערציילט אין „מיינע זכרונות" פיל וועגן יצחק געליבטער און זיין פאָטער פייוול (זע ז. 41 און ווייטער). — יצחק געליבטער האָט פאָרגעלייגט פּרצן צו מאַכן אינאיינעם א נסיעה קיין פּאַלעסטינע.— דער בריוו איז געשריבן קיין זאַמאָשטש אויף א פאָטאָגראַפיש בילד, אויף וועלכן ס'זענען אראָפּגענומען פּרץ, העלענע פּרץ, דינעזאָן און פּ"ך הירשביין]

[וואַרשע, 10 יולי 1911]

ליעבער געליבטער, האָסט געמאַכט זעהר איין אינטערעסאַנטען פאָרשלאַג, איז אָבער ליידער יעצט נישט די צייט דאַצו. אין פּאַלעסטינא איז יעצט די צייט פון גרויסע היצען און געפעהרליכע פליגעל. פאָהרען קען מען נור אויף פּסח. אָבער אויך דאַן איז מיר כמעט אונמעגליך צו פאָהרען. ערשטענס איז עס נישט קיין אורלויב-צייט, צווייטענס איז פאַר מיר פיער-פינף וואָכען פאַר פּאַלעסטינא צו ווייניג. אפשר וועט זיך אַמאָל אונזער שטאַל[1] רייניגען, און אַ קינפטיגער דאָזאָר וועט פערשטעהען, אַז מיין רייזע איז עפּיס ווערט נישט נאָר פאַר מיר אַליין... אָדער איין אַנדער נס וועט געשעהן – אַ קשיא אויף זיין ליעבען נאָמען?

דערווייל פאָהר אַליין,

לענגער פויל זיין און נישט ענטפערן, האָב איך נישט געקאָנט, ווייל איך פאָהר די טעג אַרויס. דאַכט זיך, קיין טאראספּ. –

זיי געזונד
י"ל פּרץ

1) געמיינט די וואַרשעווער גמינע.

97

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

26 יולי 1911 בערלין

ר׳ יעקב,

ד׳זיך שוין אַ טאָג אין בערלין, געזעהן יעקב אדלערן[1], איין עס הארץ. שפּעטער וועל איך דיר שרייבען, צי עס וועט עפּעס זיין דער־פון. שיק באַלד אַרויס לויט אונטערשטער אַדרעסע מיינע בוך דראַמען און מיין פאָטאָגראַפיע. ד׳בין הונגעריג.

זיי געזונד
ל. פרץ

98

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

29 יולי 1911 בערלין

איך בין נאָך אין בערלין. איך האָב געמאַכט אַ געשעפט מיט אַדלערן. בעקאַנט געוואָרען מיט פרידמאַן. דער וועט דיר שרייבען אויספיהרלעך און וועט דיר פאַר מיר פאָרשלעגע מאַכן. מיר געפעלט ער? — מאָרגען אָבענד קיין דרעזדען.

יל״פ

99

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

31 יולי 1911

איך בין ביים באָדען זעה, פאָהר קיין ציריך. אַבענדס אין סאַן מאָריס. פון דאָרט ערשט וועל איך שרייבן.

דיין יל״פ

1) באוווסטער יידישער ארטיסט און טעאטער־דירעקטאָר פון אמעריקע. —

100

## צו ד"ר גרשון לעװין

(פונם אָריגינאַל)

31 יולי 1911

אַלס אַנדערש, װי געטראַכט,
אין בערלין געשעפט געמאַכט, —
אַ נישט געשריבענע דראַמע פערקױפט.
און די צײט לױפט,
ערשט איצט בײ באַדען זעע
(ענטציקטע דײטשער רופען: יוכהפּע!)
און מיר זענען מיעד, אַי װעה,
װי מיעד, קײן פיס. קײן האַנד,
אַ חרפּה, אַ שאַנד
אַפילו דרעזדען נישט געזעהן.

101

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

31 יולי 1911 ציריך

גרוס אױס צוריק. — ערשט מאָרגן סאַן מאָריס.

102

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

1 אױגוסט 1911 ראַגאַץ

גרוס פון ראַגאַץ

י. ל. פּרץ

103

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

2 אויגוסט 1911 ס. מאָריץ

אויפן אָרט. מיטגענומען יאַנעקין[1]. מיר זוכען אַ וואָהנונג.

י. ל. פ.[2]

104

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

4 אויגוסט 1911, סט. מאָריץ

סאַן מאָריץ. מייערײַ, זויער מילך, יאַנעק. וואָס נאָך פעהלט?

יל"פ

105

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

4 אויגוסט 1911 בערנינאַ

אַ גרוס פון זעען און גלעטשער. —

יל"פ

106

## צו ד"ר גרשון לעווין

4 אויגוסט 1911, בערנינאַ-האספיץ

שפּיץ נאָך שפּיץ: —
האספּיץ נאָך סאַן מאָריץ — —

1) פּרצעס אייניקל, דער זון פון לוציאן. —

2) צושריפט צו די אַלע בריוולעך פון העלענאַ פּרץ, י. י. טרונק, יאַנעק, העלא (פּרצעס שנור).

ד׳מאַך נישט צו קיין אויג — בייטאָג.
עס בלוטיגט די נאָז, ווען איך שלאָג
זיך אָן מיט איהר אָן אַ שטיין —
לופט — פיין, בעדער — פיין,
און יאַנעק איז דאָ איבער די וואָך,
וואָס פעהלט מיר דען, וואָס דאַרף איר נאָך?

י. ל. פ.

107

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

5 אויגוסט 1911

איך האָב נאָך אַלץ קיין צייט צו שרייבען: עס פעהלט נאָך אַלץ קיין געלד נישט

י. ל. פ.

108

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

5 אויגוסט 1911, מארטערזאַטש

אַ גראָטע פון אייז —
אין דרויסען — הייס.
אינוויינינ קאַלט —
כ׳וואָלט געריימט מעהר, —
דער צוג קומט באַלד!

י. ל. פ.

109

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[פֿון א דאַטע]

ענדליך, ר׳ יעקב, בין איך אויס לאַנדשטרייכער און בין געוואָרען אַ געוועגליכער קור-גאַסט אין ס״ט מאָריץ. קיין טאַראַסס פאָהרען מיר נישט, מיר בלייבען דאָ! אויסגעצייכענטע בעדער. מינץ האָט מורא געהאַט פאַר מיר פאַר דער הויך — עס איז איין אומזיסטע שרעק געוועזען. איך שפּיער מיך הערליך. שלאָף אויסגעצייכענט.

געזעהען זאַכען שיינע פּיעל — נור פריהער געשעפט.

געטראָפען אַדלערן אין בערלין. איין עם הארץ דאורייתא און אַ קולאק. און אַ ליגנער און — וואָס אין דער קאָרט! מיין דאגה. איך האָב מיך פערפּליכטעט צו געבען איהם אַ פּיעסע פון פּיער אַקטען. ער פאַר יעדע פאָרשטעלונג 25 רובל. האַנד-געלד 800 רובל. האָט ער דערויף געגעבען 250 און 250 דאַרף ער צושיקען וועהרענד צוויי וואָכען אויף אַדרעס ל. פּרץ... אויב ער וועט שיקען, וועט ליוציאַן אָבנעמען דאָס געלט. וויאַזוי מען וועט זיך פערזיכע[רע]ן מיט די 25 רובל פער פאָרשטעלונג — דערפון וועל מיר רעדען אין וואַרשוי.

מיט ס״ט מאָריץ האָב׳מיר געמאַכט אַ גוט און אַ שלעכט געשעפט. גוט דערמיט, וואָס די לופט איז אויסגעצייכענט, די בעדער פיין — די געגענד אַ גן עדן התחתון. שלעכט דערמיט, וואָס עס איז אונגעהייער טהייער. אויף אַזוי טהייער האָב׳מיר זיך נישט געריכט, און אַדלערס געלד אויסגעגעבען אויף זאַכען אין בערלין, וועט אונז פעהלען געלד. מיר וועלען מוזען האָבען נאָך 2—3 [הונדערט] רובל. אויב ליוציאַן וועט בעקומען די 250 רובל, זאָל ער אָדער דו זיי אונז באַלד אַרויסשיקען. וועט ער פערשפּעטיגען (מעהר קען ער נישט, ער פגרט נאָך אַ שטיק), זאָל ליוציאַן אויסבאָרגען און שיקען. די פּאָסט קומט דאָ פון וואַרשוי זעהר שפּעט, נאָך 4—5 טאָג. על כן מוזט איהר נאָך איינינע טעג אַרויסשיקען. די אַדרעס:

Bad Ct- Moritz, Wila Edelweis.

די אַדרעס איז אויך נישט אַזוי לייכט געוועזען צו בעקומען. אונטען איז שרעקליך הייס. דערגרייכט ביז 55 גראַד היץ, לויפען אַלע

אַרויף. וואהנען 3—4 מענטשן אין איין צימער. מיר האָבען שיער נישט געמוזט ווייטער פאָהרען. אָבער וואו אַהין ווייטער? אין אַלע דערפער אַרום און אַרום איז פול געפּאַקט. דאָס גליק איז געווען, וואָס טרונק׳ס קאָזע[1]) איז גראָד אַרויסגעפאָהרען אויף עטליכע טעג. האָט מען זיך אַ עצה געגעבען. יעצט וואהנען מיר אין אַ קליין צימעריל. מיר מיט יאַנעקן, וואָס בלייבט ביי אונז נאָך איין 8 טעג. אָבער מען שפּירט עס נישט. די פענסטערליך אָפען.

די אויסזיכט אונגעהייער! זעע און בערג. שטיל. וואָס נאָך? עדעלווייס איז כשר, שטרענג כשר. אַ רב פון עלזאַס, איינער פון די געסט, געהט אַלע מאָל אין קיך אַריין, אַכטונג געבען אויף כשרות. אַ מאַסע פרומע דייטשען. „שיר המעלות״ פאַרן בענטשן ווערט געזונגען מיט די ווייבער צוזאַמען. מען פיהלט זיך ווי אין אַ קירכע... עטליכע „פויליש-רוסישע״ ווערען בטל בששים. די רעשט מינדליך אין וואַרשוי. ווו זענען בריעף, צייטונגען? (ביז היינט האָב איך געלעזען — טרונק האָט בעקומען.)

זייט געזונד
יל״פ

## 110

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

5 אויגוסט 1911, סט. מאָריץ

די באַנדע איז גרעסער געוואָרען. פון גרענאָבל איז געקומען די קאָזע. — פאַר וואָס שרייבסט דו נישט? איך לויף אַרום. מיין אַדרעסע?

Bad S. Moritz Willa Edelweis

איך האָב דיר שוין דאָס געשריבען! פע!

י. ל. פ.

1) פרוי טרונק. —

*111*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

8 אויגוסט 1911, סט. מאָריץ

אַ גרוס פון מאלאָיא.
מען לעבט... געלד פליעסט, ווי וואַסער, נור העלע און די קאָזע זענען אַוועקגעפאָרן צום קאָנגרעס. —

י. ל. פּ.

*112*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

8 אויגוסט 1911, סט-מאָריץ

קרעסטאלטא

אויפ׳ן פעלד אַ שענק, —
אונטען, רעכטס אין דער לענג,
אַ זעע, אַ קאַמעלעאָן, וואָס טוישט
יעדע סעקונדע די פאַרב. לינקס רוישט
דער וואַלד. — עס עטעמט זיך פריי,
אויף אַ באַרג-רוקען מיט שניי
רוהט דער הימעל, אונטערגעשפּאַרט.
פּאָרטזעצונג פאָלגט, אויב דו ווילסט, וואַרט !...

יל״פּ

*113*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

17 אויגוסט 1911, סט-מאריץ

דאָס געלד ערהאַלטען — דאַנק. —

יל״פּ.

114

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

20 אויגוסט 1911, סט. מאָריץ

אַ גרוס פון פּאָנטרעזינא.

י. ל. פּ.

115

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

20 אויגוסט 1911 סט. מאָריץ

נאָך אַ גרוס פון ס"ן מאָריץ. מיר זיצען און פּלוידערען מיט צוויי פרומע ציוניסטען: מאַלער שטרוק און ד"ר ראַפּאָפּאָרט. טהו מיר אַ טובה: שיק זיי אַרויס מיינע נייע בענדער.

אַדרעסען: Herman Struk, Berlin, Birkenalee 33

און D-r. Samuel Rappoport, Lemberg (Galizien) Sykituska 43b

דיין י. ל. פּ.[1]

116

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

28 אויגוסט 1911 פּעקסטאַל

אַ גרוס פון פּעקסטאַל

פאַר וואָס שרייבסטו נישט?

י. ל. פּ.

---

1) צוגעשריבן גריסן תּעלבנע פּרץ, ד"ר שמואל ראַפּאָפּאָרט און הערמאַן שטרוק.

117

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

ליעבער ר׳ יעקב.

ענדליך פון דיר אַ בריעף דערהאַלטען. אַז אדלער האָט מיך גענאַרט, דאָס האָב איך זעהר גוט געוואוסט, אונ אויב איך האָב מיך געלאָזט נאַרען, אונ פאַר קיין נאַר האַלט איך מיך דאָך נישט, איז אַ סימן, אַז עס איז רעכט... נור דאָס וועל איך דיר שוין מינדליך ערקלערען. פערנעמען אַ בריעף פון ס״נ מאָריץ מיט ביזנעס האָב איך קיין חשק נישט, בפרט נאָך אַזאַ מליצה׳דיגען בריעף, וואָס איך האָב פון דיר בעקומען. אַ בריעף, וואָס הייסט מיך, איך זאָל אויף מיר אַליין קוקען פון הינטען אַרויף. אַ מערקווירדיגע בעגעגעניש מיט מיין „משוגענעם בטלן״... נור — עס מאַכט נישט אויס. דער עיקר איז די „חאָפּטע״ מיידליך, וואָס האָבען אַלץ געליינט אונ זענען זיך מפלפל... טאָמיר קענסט דו אויסקלויבען די שענסטע אונ די בעסטע און אַהער שיקען. דאָ, וועניגסטענס אינם כשר׳ן „עדעלווייס״ איז כאַמע מאוסינישען (גוט אויסגעלעגט?)...

דעם פאָרשלאַג פון מיסטער יונג[1] פערשטעה איך נישט. נעמליך: ווען גיט ער דעם אַוואַנס, צינד אָדער נאָכען בעקומען פון מאַנוסקריפּט אונ׳ם אַקצעפּטירען לויט זיין מבינות? אין ערשטען פאַל — אַקצעפּטיער תיכף ומיד. אין צווייטען פאַל, וויל איך פריהער בעפרידיקען אַדלערן...

אויב ד׳האָסט ערהאַלטען פרידמאַנס בריעף, ווייסט דו דאָך אַלץ.

איך האָב דיר שוין לאַנג קיין „אויסזיכטען״ נישט געשיקט, ווייל צינד בין איך קור-מענש, נעם יעדען טאָג אַ קוילען-זויער באַד אונ מאַך גאַנץ קליינע שפּאַצירען. איין זאַך פערדריעסט מיך: די „שיינע״ נאַטור מאַכט מיר פערגניגען, גיט מיר נישט קיין שטאָף. שטאָף גיט מיר דער מענש, אונ דער מענש איז מיר דאָ לחלוטין פרעמד. איין אויפפאַלענדיגע זאַך: פערהאַן דאָ יודישע ענגלענדער, דייטשען, רוסען און פּאָליאַקען, און די קיפּקאַליך האַלטען זיך שווייגענדיג בעזונדער. קענען זיך כמעט נישט פערטראָגען...

1) טעאַטער-דירעקטאָר.

אָבשטויסענדיג זענען די פרומע דייטשען. עם הארצים, מיט די רבנים זייערע צוזאַמען. פּאַרמאַליסטען. טרוקענע בשר ודם׳ס. און דער-ביי, אייגענטליך אַזוי רוהיג, אַזוי ביי זיך זיכער... אַזוי פעסט איבער-צייגט... מען זינגט מיט די ווייבער צוזאַמען „שיר המעלות״, די קריסטליכע בעדינונג זינגט מיט. מען זינגט גאַנץ קירכליך, אויבוואהל געגוג פאַלש און מען שטראהלט פאַר נחת. אַ יונגער מאַן האָט מפטיר, ווינשט מען איהם „גוט געאַרבייט״. און ער ענפערט שטראהלענדיג: אַ פראַגע, ביי דעם און דעם ב״ב געלערנט...

און צו וואָס שרייב איך עס דיר? נור כדי דו זאָלסט וויסען, אַז איך דרעה מיך דאָ אַרום, ווי אַ יתום. אַזוי שפּיער איך מיך זעהר גוט. די בעדער שמעקען מיר אויסגעצייכענט, נור די כשר׳ע קיך, וואָס פערמאָגט נור פלייש און פלייש, און די ענגשאַפּט, און דאָס דייטש-ווייבערישע געררודער אין וועסטיביל – קריכט אויפ׳ן האַלז אַרום. איך וויל נאָך נעמען אַ 10 בעדער – 12 טאָג, און דערנאָך: היידא! ווי ארום, וועל׳מיר זעהען. איין זאַך איז זיכער: סאַן מאָריטץ האָט אין זיך מינימום באָד, קען מען זיצען, קען מען יעדעס יאָהר פאָהרען. אין דער מינוט איז רעגנעריש און ווינדיג. איז דער זעע, וואָס איך האָב אין פענסטער, נישט שען, – ביי שענעם וועטער קען מען אויפ׳ן קוקען גאַנצע שטונדען.

פון לוציאַנען האָב איך נישט בעקומען קיין תמונת אות, איז ער אַזוי בעשעפטיגט אָדער וואָס?

דאָס רעשט פאַפּיער לאָז איך איבער העלענען.

דיין ילפ.

*118*

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

[די אַלע בריוו, וואָס קומען דאָ ווייטער, זענען געשריבן דורך פּרצן צו זיינער אַ באַקאַנטער פון װאַרשע. די דאַמע האָט דאַן געוווינט ביים באַלטישן ים. דערפאַר איז זי אָנגערופן דורך פּרצן „דאַמע ביים מעער״. — די בריוו זענען פאַרעפנטלעכט אין דער-

וואָכנשריפט „דאָס אידישע לעבען" (לאָנדאָן 1923, נ״מ. 2—16[1]) מיט אַ קורצער „איינלייטונג" פון מאָריס מייער. לויט מ. מ״ער זענען די בריוו געשריבן זומער 1912. ס'איז נישט ריכטיק, ווי מיר זעען פון די ערטער, וואָס ווערן דערמאָנט אין די בריוו, זענען די בריוו געשריבן זומער 1911. — די בריוו [ווערן דאָ געגעבן אין דעם סדר, ווי זיי זענען געדרוקט אין דעם „אידישען לעבן"]

## דאַמע ביים מעער,

אייער קאַרטע איז געלעגען און געלעגען, און געלעגען, אויף דער פּאָסט. איהר האָט אַדרעסירט נישט Tz, האָט מען אַלע מיינע אָנפראַגען געענטפערט מיט ניין. איך האָב שוין נישט געוואוסט, וואָס איבער צו קלערן...

ענדליך איז דעם פּאָסטבעאַמטען איינגעפאַלען צו פרעגען, צי איך שרייב נישט מיין פאַמיליען-נאָמען אַמאָל אַנדערש און אַזויערנאָך איז דער בוימעל אַרויף אויפ'ן וואַסער –

דער בוימעל – אַ קורצע קאַרטע (קיין צייט נישט געהאַט!) מיט צוויי פראַגע-צייכען, איין צייכען – אָפען, דער צווייטען איינגעשלאָסען... און – אַ קעלט, ווי אין דער אייז-גראָטע, וואָס איך האָב בעזוכט אויפ'ן וועג... נור די אייז-גראָטע איז געווען אַ קינסטליכע, איז די קעלט פון דער קאַרטע אַ גאַנץ נאַטירליכע. וואָס ניין?

וואָס איהר מאַכט, ווי אייך געהט, וואָס פאַר אַ שטימונגען איהר האָט, וואָס פאַר אַ שטימונגען עס האָט דאָס מעער – דאָס אַלץ איז געבליבען אין נעפּעל...

איין גוט וואָרט איז געווען אין דער קאַרטע. פאַר דער אונטערשריפט. איז עס ווירקליך וואָהר? איר האָט שוין געוויס דאָס וואָרט פערגעסען...

איך בלייב אין סט.-מאָריץ-באָד (אַזוי דאַרף מען אַדרעסירען), אין „עדעלווייס", וואו חתנים טרעפען זיך מיט כלות, און עס כשר... איבעראַל בעזעצט. קיין אָרט אַ שפּילקע צו וואַרפען. און אונגעהייער טהייער. נור אויסגעצייכענטע בעדער. הערליכע לופט. גרויסאַרטיגע אויספלעגע. נור דערפון אַן אַנדערט מאָל. איך בין דענערווירט און וואָלט געשריבען נישט דאָס וואָס מען דאַרף.

אייער י. ל. פ.

[1] די קאָפּיעס פון די בריוו האָב איך באַקומען דורך א. גורשטיין און ש. ביעפּאָמיאַטשי (מאָסקווע),— איך דריק זיי אויס מיין טיפן דאַנק. —

119

# צו דאַמע ביים מעער

(און אַ קאַפּיר)

גענוועזענע „דאַטשניצע", יעצט — דאַמע ביים מעער.

אַזוי איז גוט... איך דאַנק אייך פאַרן הערצליכען בריעף.

אָבער פאַר וואָס ווילט איהר „שטימונגען"?

אַ שטימונגס-לעבען איז אַ בוך, וואָס מען האָט געזעצט פון אַ נישט איבערגעזעהענעם מאַנוסקריפּט און געדרוקט אָהן אַ קאָרעקטור...

איז דאָס א י י ב י ג ע נישט שעהנער פאַרן מאָמענט?

און וואָלטען די מאָמענטען נאָך בליצען געווען; זענען זיי אָבער ש אָ ט ע ן...

זאָל אייך דאָס מעער געבען די קראַפט פאַרן אייביגען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס זאָלט איהר פון מעער פערלאַנגען, נישט, ווי איהר טהוט, פערגעסענהייט. אַ דרייפאַכיג לעבען פיהרט אַ מענש. ער לעבט זיין יעצט אין דער טעטיגקייט, זיין צוקונפט אין דער ה אָ פ נ ו נ ג און לעבט איבער זיין פערגאַנגענהייט אין דער עראינערונג. פון דריי טהיילען בעשטעהט דאָס לעבען. נאָך וואָס ווילט איהר אייך אָרים מאַכען אויף אַ דריטעל?

האָט איהר אין אייער פערגאַנגענהייט (!) קיין איין שטראַהל, קיין איין פונק?

טרייבט נישט איבער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און איז געקומען אייער „יעצט" אַלס „ג ע ג ע נ ז אַ ץ", שרעקט אייך נישט. פאַלט ביי זיך נישט אָב.

לעבען איז עבען דער פּראָצעס, וואָס פיהרט אַרויס סינטעזען פון טעזען און אַנטיטעזען. און איז עפּיס וואָהר, איז אויך, און פונקט אויף אַזוי פיעל, וואָהר זיין אַנטיפּאָד; און איז עטוואָס גוט, איז אויך, און פונקט אויף אַזוי פיעל, גוט — זיין געגענזאַץ. אינ'ם בעגריף פון ג ע ט ל י כ ע ן שטעקט שוין דער טייוועל; אינ'ם גליק — אונגליק; פוןביידע קומט דאָס לעבען, פון טעזע און אַנטיטעזע...

נור נישט אָבפּאַלען ביי זיך אַליין. מוטהיג אַקעגען געהן דעם סינטעז...

נור נישט טרויערען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

הערט,

מען האָט אַמאָל איינעם געפרעגט, וויפיל קלוגע עס זענען פאַר־האַן אין שטאָט. האָט ער געענטפערט:

— זעהר לייכט צו וויסען: נעמט די אַלגעמיינע צאָהל איינוואָה־נער; שלאָגט אָב די צאָהל פון די, וואָס געניצען; דערנאָך פון די, וואָס וויינען; דערנאָך נאָך פון די, וואָס לאַכען... די רעשט, אויב זי וועט אייך בלייבען, וועט זיין די צאָהל פון קלוגע...

און ווילט איהר, מאַדאַם ביים מעער, נישט קלוג זיין, זייט וועניגסטענס — פריילּיך!

זוכט, וועט איהר געפינען מאָטיווען... אין זיך אַליין זוכט, אין אייערע אויגען זוכט...

עה, דאַאַטשניצאַ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ קלוגער בריעף.

מעהר קענט איהר נישט פערלאַנגען.

צווישען די ביימער אין זאַקסישען גאָרטען בעווייזען זיך ראַ־יערען ניט אייגענע... שוואַרצע פעדערן — פרעמדע...

און באַנקירען, און טוך־הענדלער, און בעלי־בתּים פון הייזער, און נאָז־און־אויערען דאָקטוירים שפּאַציערען — מיט די בייכליך, מיט די שטעקאַליך... מען ווערט קלוג...

איך וועל אייך נאָך שרייבען...

אייער י. ל. פּ.

*120*

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער,

פאַר וואָס ניט יודיש?

פון וואַנען דער פערדריסליכער טאָן?

איך האָב אייך פון יעדער שטעלע אַ „אויסזיכט" געשיקט. עטליכע מאָל געבעטען, איהר זאָלט עפּיס שרייבען וועגען זיך אַליין און — די דאַמע אַם מעער שוויגט — שמאָלט...

א׳ז מיר, און ניט דאָס ערשטע מאָל, נאַטירליך, איין א ו נ ר ע כ ט געשעהען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

סאַן מאָריטץ און איבערהויפּט גאַנץ אָבער ענגאַדין איז זעהר מאָלעריש, און דאָך ב ע ש ר י י ב ע ן, טהיילען זיך מיט אייך בריעפליך מיט די איינדריקע איז ניט אַזוי לייכט, ווי איהר מיינט. וועניגסטענס פאַר מיר. · מיך אינטערעסירט מעהר דער מענש, די זעלע. ביי דער טויטער נאַטור, ווי שען זי זאָל נישט זיין, האָב איך געגוס, אָטעם איך פריייער, רוה איך בעסער. אָבער מיין שאַפונגס-עלעמענט איז עס נישט. ווען איך געה אָדער פאָהר דורך בייננאַכט איבער אַ שלאָפענדיג שטעטיל, מיט פערמאַכטע לאָדען פון אין שאָטען איינגעהילטע הייזליך, כאַפּט מיך אָן אַ בענקשאַפט, אַ נאָגענדיגע וועהטיג. אונטער די לאָדען לעבט מיינע גלייכען, ליעבט, האַסט, ליידט, האָט נחת, און דאָס איז פאַר מיר פערשלאָסען... די שענסטע אויסזיכט שאַפט מיר נור פערגניגען... און ניט שטענדיג. פון אונטער די שענסטע וועגען, וואָס וויקלען זיך ארום בארג, הערט זיך אַ געקלאַפּעריי. די שענע הערן און דאַמען הערען עס נישט. דאָס אַרבייטען איטאַליענער אין היילען און האַקען אויס שטיינער, פון וועלכע עס קומען אַרויס פּאַלאַצען, קונסט-ווערק און ד. ג. געה איך אָבער זעלטען מיט׳ן „גלייכען" וועג, און זעה די איטאַליענער, און זיי — הונגערן...!

דער ענגאַדינער איינוואָהנער — אָדערן, אָהן אַ מענשליך אויסזעהן. די פרויען — אַרבייטס-קיה... איבערגעבויגענע קעפּ, פלאַכע בריסטען, טעמפּע אויגען... „ער" און „זי" האַלטען מלחמה, און אַ שווערע מלחמה מיט דער ערד, איבער וועלכער מיר, די טוריסטען, די שפּאַציר-געהער, די קור-לייט טראָגען זיך, ווי אויף פליגעל, פון געניס צו געניס. אין אַ לאַנד פון האָטעלס. אין לוצערן איז פערהאַן איין אוניווערזיטעט פאַר האָטעל-וועזען...

איך וואָהן אין „עדעלווייס". דער נאָמען פּאַסט דעם האָטעל, נאַטירליך, נישט. גאַנץ שמוציג, פאַר דאָס כשר. דורך די היצען אונטען, איז אויבען איבערגעפולט, און עס איז קיין פלאַץ צו געפינען. מיר

וואָלטען געמוזט אָבּפּאָהרען, ווען נישט טרונק, וואָס איז גראָד געוועזען אָהן דער פרוי, און האָט אונז זיין צימער אָבּגעטרעטען. ער האָט זיך אַ צייט אַרומגעוואַלגערט. דאָס צימער איז ענג. נור אַ פענסטער האָט עס צום זעע. און די זעע איז ביינאַכט שעהן. אַרום ברענענדיגע האָטעל-פענסטער. פערגעסט דעראָן און זעהט נור, ווי די בעלייכטונג שלאָגט זיך אָב אין דער זעע. פייערדיגע זיילען. אַ פייערדיג פּרוכת – אַ ריינע פאַבעל. מוז מען אָבער די האָטעלס פערגעסען און דאָס וועט ערשט קומען מיט דער צייט, און מיט דער צייט וועל איך אייך די זעע-פאַבעל פערציילען...

פערהאַן אָבער-אלפינא. גרויס-אַרטיגע וואלד-וויעזען. אַ ווילד צולעגטער טעפּיך. אינטען – צוויי איינגעשלאָסענע זעען... ווי צוויי שפּיגלען... פאַר וועלכע פּעען?

נעכטען אָבענד איז געוואָרען ווינד. רוחות האָבען זיך דורכגעטראָגען איבער די בערג. דאָס רוישען פון די פליגעל וואַרפט אָן אַ שרעק. מיין צימער איז הויך, אין דריטען שטאָק, אַזוי נאָהנט צו די רוחות. ווייטער אַ פאַבעל. עסט מען אָבער נאָך אונטען, אַרבייט מען מיט גאָפּעל און מעסער, אין וועסטיביל רעדען ווייבער דייטש... האָבען זיך די רוחות דערשראָקען, און דאָס פאַבעל-געשפּענסט האָט זיך איבערגעריסען...

זייט נישט בייז. איך קען דעם פּאַפּיער נישט אַזוי פיל פערטרויען. ווען איהר זאָלט וויסען, וואָס איך פיל און טראַכט, וואָלט איהר מיר נישט געצירנט. ווירקליך נישט.

שרייבט וועגען זיך. שרייבט.

ביי אונז איז איצט יאַנעק, לאָזט ער קיין רגע רוה. מיטוואָך פאָהרט ער צוריק צו דער מוטער און מיט איהר קיין וואַרשוי...

עס איז אַ טריבער מאָרגען. דאָס שרייב-צימער איז פערנומען מיט געסט! מען שרייבט אין אַ טונקעלעם וועסטיביל און געסט געהען אויף און אָב, צום און פון פרישטיק... און מען רעדט דייטש, משוגע צו ווערען.

אייער י. ל. פּ.

121

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער,

איהר מאַכט איין אײַנדרוק פון אַ קינד, וואָס האָט, אין אַ צייט פון לענגערן רעגענוועטער, פערגעסען, ווי אַ שענער זומער-טאָג זעהט אויס און קען זיך, אויף קיין פאַל, ניט דערמאָנען די זון.

ווייזט איך נישט דאָס מעער, ווי פערענדערליך די אייביגקייט איז?

פאַר וואָס האַלט איר די שלעכטע שטונדע פאַר אייביג, דעם וואָלקען פאַר אונבעוועגליך פערגליווערט?

עס וועט אייך נאָך זיין, ווי עס ווינשט אייך

איער י. ל. פּ.

122

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

[געשריבן אויף אַ פּאָסט-קאַרטל מיט פּרצס פאָטאָגראַפיע]

ווי איהר זעהט — דער זעלבער.

געענדערט, אָבער אויף דער געפעהרליכסטער אַרט, האָט זיך נור דאָס אַרומיגע. פערהאַן „זאַכען", וואָס דערשטיקען, אויב זיי גיסען זיך נישט אויס אין געשטאַלט פון אַ קונסט ווערק. איילט נישט. בערוהיגט אייך. עס וועט זיך אַלץ ערקלערען און אויפקלערען. מען מוז אַמאָל עמיצען, וואָס איז עס ווערט, פ ע ר ה י ט ע ן געגען זיין ווילען, וואָס איז זאָנסט געזעק.

אייער י. ל. פּ.

123

## צו דאמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

געווען אין טאראספּ — אַ חלום!
האלזען זיך שבט איז [און] מאַי!
צווישען זון און שניי
איין אייביגער שלום!

טאָלען —
צום מאָלען!
שליכטען — אונגעהייער!
אין זילבערנעם כלה-שלייער
בערג — צום ענטציקען!

לייכטע אבאזשורען-בריקען
איבער אָבּגרונד געשאָסען!

ציגען-גלעקליך קלינגען...
דער „אין" יאָגט צופלאָסען,
זילבער-וועלען זינגען,
לאַכען, צירנען און ברומען...

געווען, אַהיים געקומען,
אַ העקסען-שוס בעקומען.
דעם יוד שטעכט דער קרייץ —
אויס שווייץ!

דער דאַטשניצא אַ גרוס
פון — העקסענשוס!

י. ל. פ.

124

# צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאַפּיצ)

פעקסטאל.

אַ גרינער טאָל, אַרומגעשלאָסען מיט הויכע בערג — פון איין זייט — דער ווייסער גלעטשער, פון וועלכען דאָס לוסטיגע טייכעל רינט, קלינגענדיג, און שניידט דורך דאָס טאָל אין דער לענג.

איבערן איינגעשלאָסענעם טהאָל — הענגט אַ שטילער בלאָהער הימעל; בלאָה ווי די בלאָהסטע כלה-אויגען, און אויך אַזוי שטיל גע-ריהרט און אַזוי אונשולדיג...

איבער דעם הימעל מוז זיין אַ גוטער, אַ גוטהערציגער גאָט, וואָס קען קיינמאָל נישט צירנען, וואָס קען נישט דונערען און בליצען, און שטורמען...

און די געזעלשאַפט, וואָס לאָזט זיך צום גלעטשער זענען אויך אַזוינע גוטע...

אַ רומעניש רייך פּאָר מיט אַ יונג קינד, אַ מיידעל, פול יודישען חן, נור אָהן אַ וואָרט יודיש. רעדט דייטש און רומעניש. דער פּאָ-טער, איינער פון דער קליינער צאָהל יודען „מיט רעכט" אין רומעניען, האָט זיך שוין דערמאָנט, אַז ער האָט יודיש געקאָנט... רעדט שוין אַמאָל מיט אַ גמרא-ווערטיל, וואָס דאָס ווייב, איין ערשט געקומענע פון קאַרלסבאַד, קען קוים פערדייען... נור זי האָט ליעב און פערגע-טערט איהר גרויסען, שטאַרקען, פול-בערעכטיגטען מאַן, פערקרימט זי זיך שטיל און האָנאָריערט מיך אויך; איהר מאַן רעדט מיט מיר, מיט'ן יוד... זי ווייסט נור וואָס כשר, אָבער נישט, וואָס יודיש איז. כשר עסט זי, אַ כשרע קיך פיהרט זי. אפשר שאָדט עס צום מאָגען? קען זיין, נור אַז דער יודישער דין וויל אַזוי! מען דאַרף, מען מוז זיין רעליגיעז. איהר מוטער איז געשטאָרבען שמייכלענדיג אין די גרעסטע יסורים — זי האָט געהאַט רעליגיע...

איך ליב דאָס טעכטעריל מיט'ן יודישען חן; זי נעמט עס אָן פאַר ליעב. זי ווייסט, איך בין אַ דיכטער. וואונדערבאַר איז עס; פון יודישע מעשיות, יודישע מעשה'לעך, יודישע וויצען... האָט זי געהערט. יודישע פּאָעזיע, פּאָעזיע אין דער „שפראַך"?!... דאָס וואָרט „שפראַך"

בענוצט זי אויך מיר צוליעב, דעם „דיכטער" צוליעב. זי האָט, איי-גענטליך, נישט געגלויבט, נור זי האָט געהערט פון שטרוק. און שטרוק איז פרום, רעדט פיין דייטש, איז „דייטשער מאַלער", מען רעדט פון איהם אין בערלין... און אַ שיינע באָרד ער האָט! און וואָס פאַר אַ אויגען...

און זי מעסט מיך מיט איהרע מאַמיש אויסגעבלאַקירטע אויגען און מוסטערט: אָהן אַ באָרד, גאַנץ אַנדערע אויגען און דאָך אַ „דיכ-טער"... אַ יודישער!

זי קען זיך נישט איינהאַלטען:

– איהר שרייבט מיט גראַמען אויך?

— — — — — — — — — — — — — — — —

אונטערגעקומען אַנדערע, פון רוסלאַנד, צוויי ברידער מיט צוויי ווייבער מיט קינדער, איינער געקומען אויף נאַכקור, דער צווייטער וואהנט שוין דאָ אַ צייט, צו ראַטעווען אַ יונגעל, וואָס האָט אַ קרענק-ליכען האַלז... מיט זיי – אַ דאַמע, אַ ברילליאַנטען בעהאנגענע, פון בריסק. זי קען מיך, האָט קאָרעספאָנדירט וועגען אַ פּאָרלעזונג אויף אָרימע לייט, נור דער גובערנאַטאָר, דאָ מעג מען פריי רעדען, איז אַ הונד. איינער פון ברידער פעררייכט: Собачья натура, דער צווייטער זעצט איבער: אַ כלב שבכלבים... און עס קומען נאָך און נאָך. און אַלע אַזוי זאַט, אַזוי רייך. מען רעדט און עס קלינגט געלט – – און די געלט-בייטלער מוזען זעהען דעם גלעטשער...

איך ציה מיך צוריק... כ'פיהל מיך, זאָג איך, נישט אין גאַנצען... כ'פיהל מיך צו אָרים פאַר די רייכע לייט, וואָס טהוען מיר און דעם יודישקייט אַ גרויסע טובה מיט דער „אָנערקענונג"... מען ברויך עס! נישט פאַר זיך. זיי דאַרף'ן עס נישט, נור פאַר'ן פאָלק... איך ציה מיך צוריק אין קאַפע-הויז און שרייב צו'ן אייך.

זאָל זיין איין גלעטשער ווייניגער...

וואָס מאַכט איהר?

אייער י. ל. פ.

125

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאַפּיצע)

מאַרטעראַטש גלעטשער.

דאָס מאַכט אַן איינדרוק – קאָלאָסאַל.
אָבער נישט אַלץ [מאַכט] עס פערגעסען...
שטאַרקער וועקט זיך מאַנכער קוואַל...
און שטאַרקער פּרעסען מאַנכע ווערמיגע צווייפעל

י. ל. פּ.

126

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאַפּיצע)

סילוואַ פּלאַנאַ. ד"

בערגער מיט שניי, שנייענדע בערג,
אַלץ דאָס זעלבע ענגאַדין.
שוין געוואָהנט... נור אלפּען – בליהען
דאָס איז ניי... דאָס ציהט...
און אַזוי בליהט. . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . .

י. ל. פּ.

127

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאַפּיצע)

נאַטירליך, זויל סאַן מאָריץ פון דעם אַליין ניט וויסען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער רבונו של עולם האָט אַ טעות געהאַט. קיין סאַן מאָריץ, אין ווילא עדעלווייס, צו די דייטשע רבנים, צו די שיר-המעלות זינגערינס מיט'ן שטיקעכץ אין די הענד און צו דער וואַרשויער-לאָדזער

יונגער דאַמען-קאָלאָניע, האָט ער גערדאַפט שיקען שלום-עליכם׳ן. ער וואָלט רייך געוואָרען — אַ מענאַזשעריע!

י. ל. פ.

128

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

[געשריבען אויף אַ אילוסטרירט פּאָסט-קאַרטעל, אויף וועלכען ס׳איז אַ לאַנדשאַפט פון כורערוואַסער פאַל]

דאָ בין איך געוועזען צווישען טאָג און נאַכט,
פון עמיצען געטראַכט...

י. ל. פ.

129

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

הערצליכען דאַנק פאַר די קאַרטען. — איך האָב דאָ געזעהען פיעל שענע זאַכען און נאָך מעהר נישט אינטערעסאַנטע מענשען. יעצט האָב איך דאָ צוויי זעהר אינטערעסאַנטע מענשען: ד״ר ראַפּפּאָ-פּאָרט (אַ געלעהרטער) און דער ערשט געקומענער שטרוק. דאָס, צו-זאַמען מיט אייערע עטליכע גוטע ווערטער, ווירקט...

זייט געזונד, שרייבט מעהר. באָדט אייך אין ים. שווימט און לערנט אייך, ווי זיך צו בעגעהן מיט פּאַליעס...

גאַנץ אייער
י. ל. פ.

130

## צו דאַמע בים מעער

(פון א קאָפּיע)

זאָל אייביג זיין,
ווי דער ריינסטער הימעל ריין,
און דער עבאָן-ריים
דיין קעניגליכער שטערן. —

און זענען בעשערט טרערען
פאַר דיין ברעם,
זאָלען עס זיין טרערען פון פרייד!

זאָל דיין אויג נישט זעהען קיין לייד.
זאָל דיין אויג קיין שלעכטען קלאַנג ניט הערען!
און פון דעם, וואָס איז געמיין,
זאָל דיין האַנד בעריהרט נישט ווערען!

פליעסען זאָל דיין לעבענס-צייט
ווי אַ צויבער-טרוים, —
ווי אַ זילבער-שיפעל זאַכט
איבער'ן פערל שוים
פון דעם שטילסטען זעע,
אין דער שענסטער נאַכט...

י. ל. פּ.

131

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

ליעבע דאַמע אַם מעער,

היינט האָב איך דעם ערשטען שבת-טאָג פאַר די אויגען; עס רעגענט! אַלץ איז איינגעהילט אין נעפּיל, אַלץ פאַרוויינט, אַ שבת אַ טרויעריגער, אַ תשעה-באב'ער.

איך האָב אייך, דאַכט זיך, שוין געשריבען, אַז „עדעלווייז" איז אַ פאַלשער האָטעל-נאָמען. דער פאַנסיאָן איז נישט עדעל, נישט ווייס, נור כשר... איך האָב אייך געשריבען, אַז איך האָב קיין צימער נישט, נור אַ פענסטער. איין ענג-בוידעם־שטיבעל, נור אַ פענסטער אויף'ן זעע אַרויס.

נעכטען פאַר טאָג — קיין צייכען פון קיין זעע. אין'ם קליינעם טאָהל, אַרומגעשלאָסען מיט שוואַרצליכע בערג, ציטערט אַ ווייסער וואָלקען ווי איין אונגעהויערע ווייסע מאָליוסקע. נור אָט האָט זי פון הימעל אַ פייל געטראָפען — אַ טונקעלע וואונד. פון דער וואונד, וואָס פערשפרייט און פערגרעסערט זיך סעקונדען-ווייז, שווימט אַרויס די בלאָהע, בלאָהע זעע און שמייכעלט צום בלאָהעם הימעל. דער ווייסער וואָלקען ציהט זיך צו די באָרטיען, ווערט ווי איינגעזאַפּט אינ'ם זאַמד, דער זעע שטראַהלט און באַלד לאָזט זיך איבער'ן שטראַהלענדיגען זעע אַ קליין זעגעל-שיפעל, דזשיאָזעפּאָ (אַ גוט בעקאַנטער איטאַליענער שיפעל-פיהרער) אַרבייט שנעל, גראַציעז, פיהרט איבער אַ פּאָר פון ס"ן מאָריץ צום וואַלד-הויז צו דער מייערייַ, פיליכט צו דער באַהן. דאָס פּאָר זעה איך פון הינטען, נור יונג מוז עס זיין, שטראַהלענדיג ווי דער מאָרגען, וואָרען דזשיאָזעפּאָ, וואָס זיצט זיי אַקעגען, לאָזט פון זיי קיין אויג ניט אַראָב און זיין פנים שטראַהלט... און אַ מבין איז ער, דזשיאָזעפּאָ.

נאָך מיטאָג האָב איך אייך אַרויסגעשיקט אַן „אויסזיכט" פון פּאָנטרעזינא, וואו איך האָב איין אויספלוג געמאַכט. צווישען און איבער צוויי גראָהע בערג-ווענד — אַ ווייסער שטראַהלענדער גלעטשער. אויף'ן וועג צוריק, ביים אונטערגאַנג פון דער זון האָב איך נאָך עפּיס געזעהען. איבער אַ גאָלדיג פאַרביגער. וויזע שווימט, זי דורכ־שניידענדיג, האַסטיג-קרעפטיג אַ שמאָלער, שווערער אַלטזילבערנער גלעטשער-פלוס. פון דער צווייטער זייט פלוס בעוואַכט פון איינצעלנע, פעריתומטע, קראַנקע לערכען מיט וואָלענע, צוזאַמענגעוואַקסענע קאָל־טען-בלעטער. „איך בין געזונד", — מורמעלט שטאָלץ דאָס וואַסער, — „איהר שטאַרבט!" און העכער — אַ גאַנצער לערכען-וואַלד, — אַ הקדש... זיי שטאַרבען אויס די לערכען... און איבער איהם אַ גלאַטער, זאַמ־דיגער ריזען־באַרג, וואָס גאָלדיגט זיך געגען דער אונטערגעהענדער זון. ער שפּעט איהם נאָך: „איך בין אויך רויט, אויך גאָלדען"! די זון איז

אַראָב, און אַ בלאַסע לבנה איז אַרויסגעקומען, פערחלומט- שאָטענהאַפט... און קוקט זיך אום, באַזעהט איהר מלכות...

שען, אָבער טרויעריג. שרעקליך טרויעריג — קיין איינציגער פויגעל, קיין איינציגער טריל. דאָס אויער בעקומט נור דאָס פייפען פון דער עלעקטרישער בערנינאַ-באהן. דאָס אַראָב-ראַסלען פון די שטיינדליך, פון אונטער די בערג-שטיינער פיס, אַמאָל — דאָס ווייטע רוישען פון גלעטשיער-וואַסער, אָדער — גאָר נישט. אין דער הויך — רוי, שטרענג... אונטען דייטשען, איטאַליענער, פראַנצויזען, וואָס לויפען מיט גענעגעלטע שטיוועל, איינזאַפען וואָס מעהר שענקייט און בע-קומען וואָס מעהר אַפעטיט...

היינט וועט שוין גאָר נישט זיין...

עס רעגענט...

וואָלטען דאָ וועניגסטענס בלומען געווען.

קענט איהר די אלפענדיגע, האַרטע, שטעכענדיגע אימאָרטאַלע?... „עדעלווייס" האָב איך ליעב געהאַט אַמאָל, היינט נישט... געדענקט איהר די מעשה מיט דוד המלך, וואָס איז דאָרשטיג געווען און זיינע דריי גבורים, וואָס האָבען דורכגעשפּאָלטען דעם שונא'ס אַרמיי און איהם פריש-וואַסער געבּרענגט? דוד האָט דאָס וואַסער, וואָס איז געקומען פון לעבנסגעפאַהר, אויסגעגאָסען...

איהר זאָלט זעהען, וואו די „קינדער" — יונגלעך און מיידליך, 5—7 יעהריגע, — רייסען די בלימלעך, און די וועגען, מיט וועלכע זיי קומען אַראָב אויף די שטראָסען, צו לאָקערן אויף די „שפּאַציערער" און אויסצובעטלען אַ פּאָר סאנטים פאַר די בלימלעך...

בעהאַלט אייך דעם שטרויס, וואָס איך האָב אייך געשיקט, אויב ער געפעלט אייך. נור נישט אַלס אָנדענקען פון מיר. ווען מיר זאָלען ריכטיגע אויגען האָבען, וואָלטען מיר די בלימלעך געזעהען רויט, קינדער-בלוט-רויט...

דער ווירט (אַ יוד מיט אַ קראָפּ, וואָס איז אַזוי אָפט צו טרעפען צווישען די בערג) קומט צו, פערלעגט דעם קאָפּ אַזוי, ווי ווייט מעג-ליך דעם קראָפּ צו פערבאָרגען, און, ווילענדיג מיר זאָגען עפּעס גוטס און פיינס צום גוט מאָרגען (איך שרייב אונטען, עס איז צו פריה פאַר געסט!), מאַכט ער: אַ הערליך וועטער פאַר קאָרטען-שפּיעלער...

זייט געזונד, י. ל. פ.

132

## צו דאַמע ביים מער

(פון א קאָפּיע)

עס רעגענט. וואָלט ווינד, וואָלט געוויטער געווען; עס רעגענט—דער הימעל וויינט, ווי אַן אַלטע אונבּעהאָלפענע תּחנה-יודענע. אין פינסטערן „עדעלווייס" ווערסטיביל דרעהען זיך אַרום פערחושכטע פּנימער... מען הערט נור: מאוס... לאַנגווייליג. אָדער: 20, 40 – דאָס ווערט 66 געשפּיעלט. איך ווינש אייך אַ בּעסער וועטער.

י. ל. פּ.

133

## צו דאַמע ביים מער

(פון א קאָפּיע)

און דאָך געפעלט מיר ס"ן מאָריץ היינט בּעסער. ער איז מעהר מ י י ן; אַלע האָבּען איהם פערלאָזט, אַלע פערשעלטען זיינע נאַסע וועגען, פערוואָלקענדען בּערג, טריפענדיגען הימעל, שלעכטע קאַפּען און זיינען זיך נוקם אָן רעסטאָראַטער – נור איך איינער האָבּ איהם אַצינד ווירקליך ליעבּ, ליעבּ אין זיין טרויער, אין זיין טריעבּען וואָלקענשלייער...

י. ל. פּ.

134

## צו דאַמע ביים מער

(פון א קאָפּיע)

אַ זון נאָך אַן איינגעשפּאַרטען רעגען. די שאָטענזייט פון די בּערג איז סאַמעטען, זאַפטיג-גרין, טיעף, ערנסט. די בּעהעלטע – שמייכלעריש, זיגעריש. דאַגעגען דער הויכער בּאַרג רויכערט זיך. אַ מזבּח מיט קרבּנות פאַר אַ בּייזען גאָט, אַ טהיר – און פיליכט – מענשען-פרעסער!

עמיץ קלאַפּט מיר אין אַקסעל: „קומט שפּאַצירען!״— פּויליש — אַ דאַמע פון לאָדז. זי זעהט נישט, ווי בעשעפטיגט איך בין... בלינד.

י. ל. פ.

*135*

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

ליעבע דאַמע אַם מעער,

סט. מאָריץ זעהט אויס, ווי אַ טרויער-פאַרשלייערטע כלה. און דער טרויער פון אייער בריעף גיסט זיך מיט אַלעם צוזאַמען. פאַר וואָס זייט איהר אַזוי מוטהלאָז? איהר האָט נאָך פאַר זיך אַזוי פיעל לעבען, אַזאַ ווייטען וועג; איך בין זיכער, עס ווארט אייך נאָך אַזוי פיעל פרייד... נור דאָס אַלץ וואָלט איך אייך אַזוי גערן געזאָגט, פון מויל צום אויער. דאָס אויפגעשריבענע וואָרט איז אַזוי קאַלט... און ווען אַ וואָרט שען איז, איז עס קריסטאָל.

עס ווערט באַנג פון אייער בריעף. און איינזאַם, וואָס גרעסער דער עולם איז, איז מען אַזוי אויך. איהר דערמאָנט יאַנעקן, העלען, טרונק: יאַנעק איז שוין אַ וואָך נישט דאָ, די אַנדערע — שוין דריי. עס הרעהען [זיך] פאַר די אויגען פיעל פאַרביגע פּופען אָדער גראָהע דייטשקיס. עס איז מיר אַלץ אַזוי פרעמד. און די מענשען עסען נישט, נור פרעסען, טרינקען נישט, נור זויפען, שפּאַציערען נישט, נור ווילען אויסטרינקען די לופט, די זעען; די בערג איינזאַפּען. און נישט אויס ליעבשאַפט — עס קאָסט געלד!

דאָס מעער איז שען, שרייבט איהר, פיעל פאַרביג; איך האָב ערשט קיין לוסט צום מעער. איך וואָלט זיך ערגיץ געוואָלט בעהאַלטען, נור איין מענש זאָל וויסען די אַדרעסע.

אויב איך האָב עמיצען בעליידיגט, איז עס אייער שולד. שפּאַסט נישט וועגען דעם, וואָס איז עמיצען הייליג... אָבער — נעמט מיין ענטפער אויך אַלס שפּאַס, אויב איהר קענט; איך קען נישט. דאָס איינציגע קען איך נישט. און דאָך קען איך פיעל, פיעל ליידען, זעהר פיעל אויסהאַלטען, זאָגט סט. מאָריצער דאַמען-געזעלשאַפט...

דאָ איז אויך היינט אַ „ציוניסטיש יודישער” אָבענד. אַזוי זאָגט דער אַפיש. די רעדעל-פיהרער: ד"ר באָדענהיימער, הילדעסהיימער און אַנדערע היימערס. איך „נעם אנטהייל” אַלס נ י ש ט - צ י ו נ י ס ט, בפירוש אַלס אַזעלכער. איך וועל מעשיות פערציילען... די דייטשען וועלען נישט פערשטעהען די שפּראַך, די פויליש-יודישע געזעלשאַפט — דעם אינהאַלט; איך וועל פערציילען ע מ י צ ע ן, וואָס וועט נישט הערען. זיינס איהר אָבענד ביים ים? אַלע וואַסערן פאַלן אין ים אַריין. פיליכט וועט אייך אַ פאַליע ברענגען אַ קלאַנג פון אַ יודישער פּאַ-בעל, דערקענט!

איך פאָהר נאָך אַ פּאָר טעג אַהיים. נישט דירעקט, און ווייס נישט וואו אַרום, און קען אייך קיין אַדרעס נישט אויפגעבען. כ'וועל זיין אַביסל נע ונד, אָהן אַ וואָרט פון אייך. שרייבט נישט, אָבער פערגעסט נישט.

אייער י. ל. פּ.

*136*

## צו דאַמע ביים מעער

(פון אַ קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער,

איך האָב אַוועקגעלעגט צו אייך אַ טרויעריגען בריעף — עס איז נישט גוט געוועזן אויף'ן האַרץ — און צינד האָב איך חרטה, וואָס איך האָב צו א י י ע ר ע נאָך מ י י נ ע צוגעגעבען. — דאָס קעסטיל אָבער נעמט און גיט נישט צוריק. פערצייהט. איך וועל עס מעהר נישט טהון. —

זיים און מאַכט פריילּיך!

י. ל. פּ.

137

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער,

איך זעה אייך בעשיינפערליך. איהד טרעט פון מיר נישט אָב...
אייערע אויגען קוקען אויף מיר אַזוי פריינדליך, אַזוי גוט־האַרציג...
איז עס ווירקליך וואָהר?
שרייבט!

י. ל. פ.

138

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

דאַמע אַם מעער!

אַ מענש דענקט און זיין ליעבער גאָמען לענקט.
איך האָב אייך געוואָלט שרייבען, אויב נישט יעדע שטונדע,
וועניגסטענס, יעדען טאָג, —שיקט ער מיר אַ גערשטען נאָך אַ גערשטען...
וואָס מאַכט דער באַלטיק?

אייער י. ל. פ.

139

## צו דאַמע ביים מעער

(פון א קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער!

מאָנטאָג מיטאָגצייט פאָהרען מיר אַריין קיין סאַן מאָריץ (שפּע־
טער — טאראספּ) איבער וויען...

איז מעגליך, איך זאָל אין סאַן מאָריץ אייערס אַ פּאָר ווערטער בעקומען — זיי זאָלען מיך אָבוואַרטען? יאָ?

איהר זייט אַמאָל אַזוי גוט, אַזוי גוט, ווי אייערע בריעף...

אויס די אויגען, טיעפער אין האַרץ.

י. ל. פּ.

*140*

## צו לאַזאַר קאָהאַן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף א וויזיט־קארטל „I. L. Perec", אָן א דאטע.—עס באציט זיך משמעות צו יאָר 1911]

עס איז געוועזן אַ מיספּערשטענדניס. די פּאָרלעזונג וועגען „טעאַטער" איז פריהער נאָך פערשפּראָכען געוואָרען דער „האַרפע". מוז עס אַלזאָ אונבעדינגט זיין בשותפות מיט דער האַרפע. פאַר דאָס וועט איהר בשותפות בעקומען נאָך אַ פּאָרלעזונג.

י. ל. פּרץ

[נאָך פּרצעס צושריפט איז צוגעשריבן „א. קאפעל",— ד"ר א. מוקדוני]

*141*

## צו לאַזאַר קאָהאַן

(פונם אָריגינאַל)

בסוד [וואַרשע, 8 נאָוועמבער 1911]

ליעבער ה' כהן,

איך בין זעהר געענגט אין געלד. אויב איהר קענט מאַכען אַ גרויסע פּאָרלעזונג, איך זאָל האָבען פון איהר, וועניגסטענס, 150 רובל, וועל איך קומען. צייטען בייטען זיך. איך וויל האָפען — נישט אויף לאַנג.

מיט אַכטונג

י. ל. פּרץ

142

## צו לאזאר קאהאן

(פונם אָריגינאַל)

[װארשע, 15 נאָװעמבער 1911]

ליבער ה׳ קאַהאַן,

דער ברענענדיגער געלד-מאַנגעל איז פאַרביי. אויס נצרך; דאָס הייסט — אויס אויסערגעוועגליכער... אַלזאָ ברויך מען קיין עקסטרא וואגאנצען. איך קען איבעראַכטאָג פרייטאָג צו אייך קומען. — זייט מודיע, אויב עס לוינט אייך. —

מיט אַכטונג
י. ל. פרץ

143

## צו לאזאַר קאהאן

(פונם אָריגינאַל)

[װארשע, 20 נאָװעמבער 1911]

ד׳קען אייך לעזען, וואָס איהר ווילט. — גרייט מיר נור פאָראויס אַ נומער און שרייבט, וואו אַהין צו פערפאָהרען. גוט וואָלט געווען, קייגער אויסער אייך זאָל נישט וויסען, וואו. איך בין יעצט זעהר מיט מיר אַליין בעשעפטיגט. נור דאָס זאָל ביי אייך בלייבען.

מיט אַכטונג י. ל. פ.

144

## צו י. צינבערג

(פון א קאָפּיע)

[דער בריוו איז געשריבן דעם 3-טן דעצעמבער 1911, צו י. צינ-בערג, וואָס האָט דאַן רעדאַקטירט די ליטעראַטור-אָפּטיילונג אין דער יידיש-רוסישער ענציקלאָפּעדיע. י. צינבערג האָט זיך דאַן געווענדט צו פּרצן מיט דער בקשה צוצושיקן די נויטיקע ביאָ-

גראַפישע פּרטים. — די קאָפּיע פון דעם בריוו איז מיר צוגעשיקט
דורך י. צינבערג, לענינגראַד]

זעהר געעהרטער ד"ר.

איך טהו אייך צוליעב:

1) אין די קינדער־יאָהרען האָבען אויף מיר געווירקט ש"ס ופוסקים, חובת הלבבות, מורה נבוכים, רלב"ג א. ד. ג. — דעם רבינ'ס מעשהליך אין אַ יומא דפגרא. — עטוואָס שפּעטער האָב איך אָנגע־הויבען לערנען העברעאיש: אדם הכהן און די שפּעטערע; איך האָב אָבער נור פערשטאַנען, אָבער נישט געפיהלט. איך בין נתפּעל געוואָ־רען פון דער קונץ, ניט מעהר. דערנאָך — תנ"ך!...

2) כ'בין קיינמאָל קיין חסיד נישט געוועז און קיין משכיל נישט געוואָרען. נאָכען מורה נבוכים און אַנדערע איז געקומען די צייט אויף קבלה־ספרים. אַ גרויס בית־המדרש ביי אונז, גרויסע שענק ספרים, איז מען טאַפּענדיג און זוכענדיג צוגעקומען צו דער שאַנק, וואָס „קבלה" האָט פערנומען, האָט מען געלערענט. אייגענטליך געליינט. איך האָב געוואָלט וויסען ווי אַזוי דער מקובל, שפּעטער דער חסיד, טראַכט און לעבט; ווי פריהער — ווי אַזוי דער פילוסוף. איך האָב ביז היינט קיין רבין פאַר די אויגן נישט געזעהן, אויסער דעם ביאַלער, צו וועלכען איך האָב געהאַט אַ כלל־ישראל געשעפט, קיינמאָל צווישן חסידים נישט געלעבט. פטור בלא כלום אי אפשר — געווירקט מן הסתם, האָבען אי חיים וויטאַל אי נחמן קראָכמאַל, אי דער שפּעטער־דיגער אַפּיקורס, נור איינערליך בין איך געווען און געבליבען יוד, מיט אַ יודישער, מעהר אָדער וועניגער קלאָרער, ביבלישער וועלט אָנשויונג.

3) אָנגעהויבען האָב איך צו שרייבען פּויליש (גאָר נישט גע־דרוקט, פאַרברענט) — אַן אינטערנאַציאָנאַלער מאָמענט געווען — אַוועק געוואָרפען, פרעמד געווען, אָנגעהויבען העברעאיש, געפיהלט — נישט לעבענדיג, אַריבער צו יודיש. דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר 35—40 צוריק. דאָס ערשטע איז געווען אַ העברעאיש געדיכט אין „השחר" (לי אומרים)[1] דער נאָך — אַ בוך צוזאַמען מיט ליכטענפעלד'ן, וואָס

[1] „לי אומרים" איז פרצעס דריטע ליד, וואָס איז געווען געדרוקט אין „השחר" (תרל"ו). דאָס ערשטע געדרוקטע ליד איז „השותפות" — („השחר" תרל"ה — 1875). —

איז מיין שווער געווען, דאַכט זיך: בעלי אסופות, כ׳האָב פערגעסען ווי ס׳בוך האָט געהייסען[1].

4) ערנסט האָבען אויף מיר געווירקט די פראָפעטען, אַ צייט לאַנג בין איך דאָך געווען אונטער דער ווירקונג פון היינע און בערנע — מיינע ערשטע יודישע געדיכטע.

מיט אַכטונג

י. ל. פרץ

## 145

## צו ש. ניגער

(פונם אָריגינאַל)

[דער בריוו, אזוי ווי ער איז,—נישט קיין פארענדיקטער און אָן א דאַטע, איז געלעגן צווישן די פרץ-בריוו אין דינעזאָן-ארכיוו. ווייזט אויס, אז פרץ האָט אים אזוי אינמיטן איבערגעלאָזט און נישט אָפגעשיקט ש. ניגערן. — די ארטיקלען, וואָס פרץ דערמאָנט זיי דאָ, זענען עס ניגערס געניויע אָפהאנדלונג איבער די „פאָלקס-טימליכע געשיכטען", וואָס איז געדרוקט געווען אין „לעבן און וויסנשאפט", דע־שינען אין ווילנע אין די יאָרן 1909—1912]

ליעבער ה׳ ניגער,

איך האָב ערשט דורכגעלעזען אייערע 2 אַרטיקלען איבער מיר. פערשטעהט זיך, אַז פון קאָמפלימענטען איז מען צופרידען. געהט אָבער וועגען צוויי שטעלען, וואָס זענען לחלוטין קיין קאָמפלימענטען נישט. און וואָס אַמבעלאַנגט די צוויי שטעלען, בין איך מיט איינער מסכים, מיט דער צווייטער נישט. גערעכט זייט איר וועגן די דריי צי פיער חופות. איך האָב דאָס מאַטעריאַל (אייגענטליך אָפערן-מאַטעריאַל) נישט בעהערשט, איז אַרויס — בוידעם. פאַר דאָס איז אייער בעמערקונג וועגן שניידערס חלום אין פורים נישט ריכטיג. עס איז אַבסאָלוט נישט אַלאַ שלום-עליכם. עס איז אַ משל! די געשיכטע פון דער אַסי־מילאַציע, קוקט אייך בעסער צו. אָבער, נישט מיין דאגה. אין אַלגע־מיינעם וואָלט איך געוועזן פון וואָס צו רעדען, אָבער פערזענליך.

1) „ספורים בשיר ושירים שונים" מאת אני בעלי אספות וואַרשע, תרל"ז (1877) 158 ז.

146

## צו שלום־עליכם

(פון א קאָפּיע)

15/III 1912 [װאַרשע]

ליבער שלום עליכם,

איך האָב געהערט, אַז איהר ווילט אַרויסגעבען אייערע זאַכען אילוסטרירט און אַז מען פראָפּאָנירט אייך דעם יונגען קראטקע[1]) צו דער אַרבייט. און אַזוי ווי איך וואָלט זעהר געוואָלט זעען אייערע זאַכען אילוסטרירט און האָב דערביי אמונה אינם טאַלענט פון יונגען קראטקע, על כן שרייב איך אייך מיין דעה און מיין עצה, איהר זאָלט מיט קראטקא ענדיגען.

אייער י. ל. פרץ

147

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

21/VII 1913

דאָס האָ'מיר געזעהן פאַר אַ יאָהרען,
(די רייזע די זעלבע געמאַכט...)
יעצט נעם אין דער האַנד אַריין די אויגען:
עס רעגענט אַ פינסטערע נאַכט.
(ביי טאָג איז געווען אַזוי שטיל,
אבענד–געענדערט דאָס וועטער)
ביז לאַנבעק נאָך באַהן, און שפּעטער –
קיין טאַראַספּ מיט אויטאָמאָביל...

י. ל. פרץ

צייטונגען!!!

---

1) ב. קראטקא — יידישער קינסטלער, געצייכנט אויך די שער-בלעטלעך פאַר איינציקע פרצעס ווערק. —

*148*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

טאראספּ 22/VII 1912

ליעבער ר׳ יענקל

ענדליך אָנגעקומען און נאָך גרויסע צרות אַ דירה בעקומען.
וואָס האָסט דו געמאַכט מיטן אַמעריקאַנער?
אונזער אַדרעסע:
Tarasp Shuls vit a Vorte

דײַן י. ל. פּ.

*149*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

שולס 29/VII 1912

דאָ, אונטער די דרײַ בײמער, וואָס זענען אַזוי שען אויף דער קאַרטע און — גאָר ניש׳ מיט גאָר ניש׳ אין דער נאַטור, זיצ׳ מיר, נאָך זויער-מילך מיט ברויט, און מען וואַרט, די זון זאָל אַ ביסעל זיך אַראָבלאָזען, מען זאָל קענען צוריק-געהן קיהלער. מען זיצט און מען קלערט, ווען עס וועלען זײַן בריעף מיט צײַטונגען. —

דײַן יל״פּ

*150*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

שולס 29/VII 1912

איך האָב דיר געשריבען, אַז די שענסטע איז געווען די ערשטע דרײַ טעג, ווען מיר האָבען אונטען קײן וואָהנונג נישט בעקומען און געוואָהנט אויבען. שיק איך דיר אַצינד דאָס בילד פון אונזער געוועז-

זענער וואָהנונג, דו זאָלסט זעהען מיט דיינע אייגענע אויגען, אַז איך האָב נישט איבערטריבען. קוק און פריי זיך אָדער הייב אָן צו בענקען. ווי דו ווילסט.

יל״פ

## 151

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

31/VII 1912 שולט

קיין צייטונגען, ר׳ יענקיל, האָב איך נישט בעקומען, נור — דיין נערוועזען בריעף. מקנא, נאַטירליך, בין איך דיך נישט. איך קען אָבער יעצט דעריבער נישט טראַכטען. איך זיץ און האָב קעגען איבער, נידריגער, אונטער מיינע פיס אַ — רעגענבויגען. וואָס האָט זיך געלעגט, ווי אַ פיין-קאָליערט באַנד איבערן רוקען פון אַ באַרג. פראַכט-פאָל. טראַכט נאָך, שטעל דיר פאָר און זיי ענציקט, — אויב דו קענסט.

דיין יל״פ

## 152

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

31/VII 1912 שולט

דאָס איז די שלוכט, וואו מיר האָבען היינט שפּאַציערט אונ וואו עס איז אונז בעפאַלען אַ שלאַגס-רעגען מיט דונער, בליץ אונ דערנאָך האָגעל. קוים מיט׳ן לעבען אַרויס. וואָס מאַכט ליוציאַן? צי האַלט ער דעם חשד, וואָס העלענע האָט אויף דער דיענסט, פאַר בעגרינדעט? עס רעגענט ווייטער. נור צינד זע׳מיר אין צימער.

דיין יל״פ

153

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

פעטאַן 5/VIII 1912

די קאַרטע איז שענער. —

יל"פ

154

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

פעטאַן 5/VIII 1912

ד'האָב נעכטען געזינדיגט: געווען אין וואל-סינעסטרא און פער־קוקט ז'ך און פערגעסען אַ קאַרטע צו שיקען, פאַר דאָס — היינט — אַ שענע קאַרטע פון פעטאַן. איך שרייב אָהן פיס. 2½ שטונדען שטייגען וועג. מיר זענען אַ חברה לצים און מען טרינקט מילך לחיים!

יל"פ

155

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

שולס 7/VIII 1912

די קאַרטע, וואָס דו האָסט מיר געשיקט, האָט געמאַכט פוראָר. אַלע (3—4) בעקאַנטע צווישען זיי ד"ר לאַנדוי אויס וויען, זיי בעטען קאַרטען אַזוינע. פערשטעהסט דאָך, אַז מען מיינט מיך, דאָס הייסט מיין פאָטאָגראַפיע. קען מען נישט עטליכע בעקומען?

י. ל. פרץ

156

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

9 VIII 1912

אַ גרוס אַ הייסען
אין קאַלטען וועטער
פון אַ הייך
פון 1800 מעטער

יל״פ

157

# צו ד״ר גרשון לעווין

9 אויגוסט 1912 שולס

[א קאַרטל פון ב. סטכסקי אין העברעיש: „מצאתי פה את מר י. ל. פרץ ורעיתו. — הגשם שוטף בעוז והנני יושבים בחדרים ושותים חמים הודות למדת הכנסת אורחים של מרת פרץ]

אמת! י. ל. פרץ

איהר זאָלט געווען זיין אין וואַרשוי, וואָלט איך געווען גע-פאָהרען קיין ס״ט מאריץ. אייערע חברים האָבען מיך איבערגעשראָקען. אַ שאָד...

דער אייגענער

158

# צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

10 VIII 1912 סענא

האָט צוויי טעג דורכאַנאַנד געדעגענט אויף אַ מבול — נעכטען (ווילסט די דאַטע וויסען?) נאָכמיטאָג איז פלוצלינג דער רעגען קאַלט געוואָרען און [עס] איז אָנגעפאַלען אַ שניי. אַרום–ווייסע בערג, יודען אַלטע, געבויגענע אין ווייסע קיטלען. אין די בערג, נאָך שניי, איז אימער שיין. זעג׳ מיר שוין היינט אַרויס נאָך סענט. אַזאַ מין שמוציג

דאָרף מיט גוטער קיה-מילך. שיק מיר דיר אַ קאַרטע. און זיי געזונד.
אַ בריעף געהט 3 טעג.

י״ל פ.

*159*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

שולס 13 VIII 1912

היינט — אַ קאַרטע פון שטוב, עס רעגענט און מען קען אין ערגיץ גישט געהען. עס רעגענט אין די בערג, און די בערג רייכערען זיך, ווי מזבחות פאַר׳ן טייוועל. מיר רעכענען אַרויסצופאָהרען איפ״ דער וואָך. אַ דאַנק פאַר די צייטונגען, וואָס זענען אין רעגען-וועטער אַ רעטונג פאַר שגעון. אַ הערליכע אויסזיכט דורך די פענסטער, אָבער אַ נאַסע, אַ פערוויינטע, וואָס לאָזט לאַנג אויף זיך נישט קוקען. וואָס הערט זיך אין וואַרשוי? אַז די זון שיינט און די פיס לויפען איבער די בערג, איז וואַרשוי מעבר לים. אין רעגען-וועטער ווילט זיך וויסען עפּעס פון דאָרט, וואו עס רעגענט אפשר נ י ש ט. דער באַרג, וואָס איז אויפ׳ן קאַרטיל פערשנייט, איז צינד פערגאָסען..

דיין יל״פ

*160*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

15 VIII 1912

נאָך אַמאָל פון אַוורעָנא, אָבער פון נייעם קאַפּעע. — אַ ביסעל זון געהאַט, אַרויסגעלאָפען. — אַ קלענערע געזעלשאַפט.

יל״פ

161

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

שולס 20/VIII 1912

ויסעו — געצויגען האָט פלאַט-פוס עט פּרוי
משולס, אין דער פריה, זייגער עלף געגוי,
געגאַנגען דורך שלוכטען און בערג אַלערליי
ויחנו בסקאַרל פונקט האַלבער דריי. —
עסען בעשטעלט. נור פאַר'ן געניס
שיקט מען אין וואַרשוי ר' יענקלען אַ גרוס
די „צייטונג" בעקומען, און שיק שוין ניש' מעהר,
נאָך אַ פּאָר „אויספלוג" קרייץ און קווער
פאָהרט מען אַהיים, אַלץ האָט זיין סוף,
צינד וויל איך עסען אַ שטיקעלע עוף.

162

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[געשריבן אויף אַ קאַרטל—צוויי מיידלעך אין פרייבורגער טראַכט]

שולס 22/VIII 1912

דאָס וועטער איז שלעכט
קיין אויספלוג געמאַכט.
זאָל דיר זיין רעכט
אין פרייבורגער טראַכט
צוויי מיידליך פיין...
געפעלט דיר צו גיין?

יל"פ

163

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

27/VIII 1912 פלועלא-האזפיטץ

מען פאָהרט אַהיים איבער דאַוואָס, ציריך, בערלין. אין דער היים וועל מיר זיין שבת אָדער זונטאג פריה. יאָ. — שרייבען דאָ קען מען נישט!

יל״פ

164

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

29/VIII 1912 ציריך

אַ גרוס פון אַ ציריכער קנייפע.

י״ל פרץ.

165

## צו יעקב דינעזאן

(פון אַ קאָפּיע)

[דער בריוו איז געשריבן סוף אויגוסט 1912, — ער איז אָפּגע-דרוקט אין ווילנער „די יודישע וועלט“ אין 1915 נאָך פּרצעס טויט]

זיץ איך מיר, ר׳ יעק׳ל, אין האָטעל סיטי אין ציריך, נאָכן פריש טיק, אויף דער צוריק־רייזע פון טאראספּ... זיץ איך מיר און טראַכט נאָך, און קלער, און קלער איבער. פערזענליך האָב איך פון די 5 וואָכען אין דער שווייץ, אין אונטערענגאַדין, צווישען בערג און שניי-בערג, וויעזען און משוגענע וואַסער־פאַלען פיעל פערדינט: אַ ביסל אויס-גערוהט זיך דעם קאָפּ, אַ ביסל שטאַרקער געוואָרען דאָס האַרץ. אַ מאָדנעם איינדרוק מאַכט אָבער דער פאַקט פון 5 וואָכען אַ נ ד ע ר ש לעבען; פון אַ שטיק צייט, וואָס שווימט נישט אַרויס פון געוועזענעם, שווימט נישט אַריין אינ׳ם קומענדיגען: אַ בעזונדערער שטראָם פון שטונדען, טעג און וואָכען, וואָס האָט זיך אַריין און דורכגעריסען, בעוויזען אָבגעבראָכען און פאַרשוואונדען... און די אַ ל ט ע צייט, די

בעשטענדיגע, די יעהרליכע וועט צוריקקומען, ווייטער פליסען. און דו פיהלסט, אַז דאָס בעשטענדיגע איז דאָס ריכטיגע, דאָס ווירקליכע; דאָס בוך, וואָס איך שרייב מיט אָפּט-מיעדע נערוועז און צערינען בלוט, און דאָס 5-וואָכעדיגע, אַריינגעריסענע איז עפּיס אַ מין משונה׳נער חלום, אַ פערוועגדט־פּרעמדער טעקסט, אַ דרוק-פעהלער, אַ מאָדנע קונץ פון הבחור הזעצער...

אַ מענש לעבט מיט אידעען, מיט געפיהלען; מיט מאָמענטען פון ווילען, פון ליעבע און האַס, — פּלוצלונג קומט ער צווישען בערג און דאָס אַלץ פאַלט פון איהם בליץ-שנעל אַראָב. די אויגען — פּער־קוקט אין שניי-פעלדער, אין אויער רוישט דער באַך, שטורמט דער וואַסער-פאַל; עס רייסט זיך אַריין אַ מוזיקאַליש־געשטימט ציעגען-אָדער קוה-גלעקיל. אַמאָל זיצסט דאָ און אונטער דיינע פיס צופאַרבט זיך אַ רעגענבויגען; נישט אין הימל הענגט ער, רבי, ער לעגט זיך איבער׳ן רוקען פון באַרג, ווי אַ קאָליערטע לענטע, צום פּערציערען... דו קוקסט אויף שטילע גרינע בערג, פּלוצלינג שווימען פון לעכער און שפּאַלטען טיולענע, לייכט־לופטיגע בענדער אַרויס, האַלז־בענדער, גאַרט-לען, נעמען אַזוי ליעבליך אַרום און הייבען זיך און צורייכערען זיך און צופליהען זיך. האָסט געהאַט אַ בלאָהעם הימעל, פליהען זיך שוין אַרום, וואַנדערען, בלאָנזען אַרום שטיקער און שטיקלעך וואָלקען, די זון — אַ ברענענדיגע, שווימט זיך איהר וועג, אָט איז זי אין אַ שטיקעל וואָלקען אַריין — עס צוגיסט זיך אין רעגענדיל, עס פאַלט אַראָב גלייך; וואַסערדיגע שנירליך לאָזען זיך אַראָב, אויס וואָלקען-שטיק. דאַן ענדיגט אַזוי אַ צווייטס, אַ דריטס. צווישען איינעם און דעם צווייטען ברענט אַ זון; און אָט, זי ווערט ווייטער פערטרונקען. דער גרינער באַרג ווערט פּיאָלעט סאַמעטען, טיעפער פּיאָלעט, נור אָט שליסען זיי זיך די שטיקער וואָלקען. פּלוצלונג — עס גיסט; אויף אַ מבול! די זון איז שוין לאַנג פערגעסען. די לופט אָבגעקיהלט. — „גוט — זאָגט דער שווייצער — עס וועט פאַלען שניי, דערנאָך וועט זיין זון״. און אין דער פריה, דו חאַפּסט זיך אויף. אַ ווייסע וועלט, דער שניי פערדעקט די בערג כמעט ביז צו פיס... אין דער הייך — אַ גאָלדענע זון אינ׳ם בלאָהסטען הימעל... מיטאָג צייט: פון די וואַלדיגע בערג-רוקען איז דער שניי פערשוואונדען, פון אונטערן וואַלד קוקען אַריבער שנייענע בערג-שפּיצען, ווייסע, אָנגעהייער ווייסע... גרויסאַרטיג-שטיל ווייסע.

זעץ דו אַריין דיין ווילען, דיין ליעבשאַפט, דיין האַס, דיינע פערלאַנגען. עס געהט נישט. מען קוקט, מען איז אַ שטילער, זעהר שטילער, אָהן-ווילענדיגער צושויער... וואָס האָט צוטהון די וואַהל־פראַגע מיט׳ן שוואַרץ-זעע? נשמות פליהען נאַכט אויף נאַכט אַרויף אין הימעל אַריין און פערשרייבען זייער טאָג... מיאוסע זאַכען, ווערט דער מלאך-הממונה בייז, חאַפּט דעם טינטער און גיט אַ וואָרף, גיעסט זיך אַראָב אַ שוואַרץ-זעע צווישען טאַראַספּ און דאַוואָס. שווימט ער אָב פון צוויי קעגענאיבערדיגע זייטען; רעכטס אַראָב — צוריק קיין טאַראַספּ, לינקס אַראָב — ווייטער קיין דאַוואָס. וואָס האָט עס צוטהון מיט׳ן דאָקטאָר בייער? מיר פאָהרען מיט׳ן טראַקט, רעכטס, אינ׳ם באַרג-רוקען, — אויסגעהאַקטע גאַלערעען מיט ליכטער אַרויס... וואָס איז דאָס? ווינטער איז דער טראַקט געפעהרליך, באַרג-אָב לאָזען זיך לאַווינען פון שניי. הערסט עפּיס אַ גערויש פון דער הייך? לויף שנעל אַריין דורך אַ ליכט אין דער גאַלערעע. די לאַווינע לאָזט זיך אַראָב, זי וועט דיך פערשיטען אין דעם שטיינערנעם קבר. זיי דאָרט רוהיג. די לאַווינע וועט זיך אָבזעצען, די טראַקט-אַרבייטער וועלן קומען און דיך אויפגראָבען; וואַרים וועט דיר זיין אונטערן שניי.

און אַ יונגער בערג-מאַן אינ׳ם פּאָסט-וואָגען פערצייהלט:

— ווינטער, איך און נאָך איין עלטערער הערר האָבען פערלאַנגט אַ פּאָסט-שליטען מיט פערד קיין דאַוואָס. מען האָט אונז קוים געגעבען. געפעהרליך געווען. געגעבען אָהן אַ שמייסער, איך, האָב איך פערזיכערט, קען „אָנטרייבען", קען דעם וועג.

ער פערצייהלט נישט מיר. און רעכטס און לינקס ביים טראַקט — הויכע שטאַנגען, וועג-ווייזער, וואָס זאָלען ווינטער שטאַרען איבערן שניי, און נישט לאָזען אַראָב פון טראַקט אין טאָל, אין אָב־גרונד אַריין. די שטאַנגען שאָקלען זיך, גלייך זיי מאַכען מיט די קעפּ, בעדויערענדיג און חוזק-מאַכענדיג פון אַ מענש, וואָס „קען דעם טראַקט", וואָס קען אָנטרייבען און שפּילט זיך מיט לאַווינען... דער שווייצער פערצייהלט ווייטער, איך הער, חאַפּענדיג איינצעלנע ווערטער און שטויס מיך צו די רעשט:

— פלוצלינג — אַ שאָרך פון דער הייך, פון שפּיץ באַרג. איך פערשטעה. איך גיב מיט דער גאַנצער קראַפט אַ ציה די מיטעל-לייץ, דאָס פערד גיט אַ ריס אַרויף דעם קאָפּ, און דער קאָפּ בלייבט שוין איבערן שניי. די לאַווינע איז אַראָב, האָט אונז שוין אַראָבגעשליידערט.

דער שליטען – פערדעקט. איין מיטרייזענדער אין גאַנצען פערדעקט מיט שניי, דער פערדס-קאָפּ שנויבט, חאַפּט לופט... איך בין אין שניי ביז׳ן גאַרטעל״...

נור ער בעמערקט, אַז די אין וואָגן, וועלכע ער האָט פערצייהלט, זענען איינגעדרימעלט, איינגעוויעגט פון שטילען ווינטעל פון טאָל.

– „קוים אַרויסגעצויגען!״ – וואַרפט ער מיר, דעם פרעמדען, צו, און האַקט אָב, און פערדריכערט אַ לאַנגען, דינען עסטרייכער, נאָכ׳ן אַרויסציהען די שטרוי, און פיפּצט און דרימעלט אויך איין. און פּלוצלינג ווערט קאַלט. מיר זענען אַרויף אויפ׳ן פּליעלאַפּאַס, צוויי-טויזענד מיט הונדערטער מעטער אין דער הייך. אַלע עפענען די בלאַסע אויגען, ציהען זיך איין, מאַכען צוריק די אויגען צו. דער יונגער בערג-מאַן דעקט זיך נישט איבער, גיט עטליכע שטאַרקערע פּיפּיק פונ׳ם עסטרייכער, דרימעלט ווייטער איין. ווי אַזוי ער האָט אַרויסגעראַטעוועט זיך, זיין מיטרייזענדען און דאָס פערד מיט׳ן שליטען, ווייס איך נישט: די לאַווינע האָט זיי אַראָבגעוואָרפען פון טראַקט אין טאָל אַריין... דעם שליטען האָבען זיי געמוזט אַרויפטראָגען.

ענדליך – פּליעלא, איין איינזאַם הויז, בעוואָהנט נור זומער. פון אַלע פּאָסט-וועגען שפּרינגט מען אַרויס, מאַנכע קריכען אויך אַרויס–פערשטאַרטע פיס. אין גאַסט הויז אַריין. אַ גערופעריי: טעע, קאַפּע, בוליאָן, גליה-וויין... ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, ראָמאַניש, און אַלע האָבען איין פערלאַנג: עפּיס וואַרימס! אָהן אויסנאַם-געזעצען, דער טיש פאַר אַלע...

געצנוג. עפּיס איין אַנדער וועלט. כ׳בין אָבער שוין אין ציריך. שבת, צי זונטאָג אין דער פריה – אין וואַרשוי. צוריק די אַלטע וועלט... צוויי דריי שניי־טעג איבערן יאָהר; דער רעשט ווינטער – קויטיג. רעגענבויגענס און וואָלקען, ווייט, ווייט אין דער הייך איבערן קאָפּ. רבי, איך גלויב: דער רעגענבויגען הענגט אין הימעל. איך זעה דאָך, יענץ איז אַ חלום געוועןן... וואָס רוישט אין דרויסען? די וואַהל-קאַמפּאַניע, נישט קיין וואַסער-פּאַל, נישט דער זילבערנער משוגע צו-פלאָסענער באַך... מענשען טראָגען שוין קיין גענאָגעלטע שוה,–אָבער שטיוועל דאַרף מען, גרויסע, שטאַרקע, אַריבערצוגעהן איבער דער שמוציגער בלאָטע...

זיי געזונד...

עס איז טרויעריג – דיין יל״פ.

*166*

## צו יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

בערלין 31/VIII 1912

ידידי ר׳ יענקל —

איך בין געװען אױפן װעג — טרעף װאָס? — באַנקיער! פּער־באָרג אַנדערע געלד! צינד פּעהלט מיר. נעם איך בײ ה׳ לעװיט 200 (צװײהונדערט) מאַרק און איך בעט דיך, שיק זײ טעלעגראַפיש לױט אַדרעסע:

W. Lewit, Berlin W. 50

די צװײהונדערט מאַרק

דײן יל״פ

*167*

## צו דער װאַרשעװער גמינע

(פון פּױליש)

[רידאַקציע װענדונג־„זאַפּיסקע״ איז אַן ענטפער פון י. ל. פּ״ץ אױף אַ בריװ־אָנקלאָג פון אַדאָלף פּערעטץ צו דער װאַרשעװער יידישע גמינע־פאַרװאַלטונג. אין זײן בריװ, פון 11־טן נאָװעמבער 1912, האָט א. פּערעטץ געמאַכט אױפמערקזאַם דער גמינע־פאַר־װאַלטונג, פאַרװאָס אירע אָנגעשטעלטע פאַרנעמען זיך מיט פּאָלי־טישער אַגיטאַציע (בעת די װאַלן צו דער „גאָסודאַרסטװענע דומע״). דעם 18־טן נאָװעמבער האָט א. פּערעטץ אַ צװײט מאָל זיך געװענדט אין דער גמינע מיט אַ מענה, פאַרװאָס מ׳נעמט נישט אין אַכט זײן ערשטע װענדונג, און װעלכער ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די גמינע זאָל אין דער אינסטרוקציע, װאָס פאַרפליכטעט די באַאַמטע פון גמינע־פאַרװאַלטונג, אַרײנטראָגן אַ פאַראָרדנונג, לױט װעלכער „עס איז פאַרװערט די נאָמינירטע באַאַמטע צו פירן אַ פּאַרטײאישע אַגיטאַציע״. די גמינע האָט דאַן אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג און באַטראַכט א. פּערעטצעס בריװ. — פּרץ איז געװען אױפגעטראָגן פון א. פּערעטצעס האַנדלונג און זיך געװענדט צו דער גמינע מיט דער פאָלגנדיקער „זאַפּיסקע״ אין פּױליש. — דער בריװ, געשריבן

אין פויליש איינגהענטיק דורך פרצן, געפינט אין דעם ווארשעווער
גמינע-ארכיוו. — מיר ברענגען דאָ א געטרייע איבערזעצונג]

„צו דער פאַרוואַלטונג פון דער גמינע פון סטאַראָזאַקאָנניך

פון דעם מיטאַרבעטער פון פאַרוואַלטונגס-ביוראָ

„ז אַ פ י ס ק אַ"

אין דער צייט פונם וואַל-קאַמף, האָט די פוילישע צייטונג „קוריער פאָראַנני" געשריבן, אַז אין די רייען פונם קעמפנדן יידישן נאַציאָנאַליזם געפינען זיך צוויי באַאַמטע פון דער גמינע-פאַרוואַלטונג, און צי זיי זוכן פאַר זיך שוין אַן אַנדערע באַשעפטיקונג.

„דאָס פארזייטע קערנדל פון בירגערלעכער פרייהייט האָט געטראָפן אויף אַ גוט-צוגעפּאַסטן באָדן — אויף דער גוטער באַנק-ערד (czarnoziem bankierski) פונם ה' אַדאָלף פערעטץ, און עס האָט אַרויסגעגעבן פרוכט אין דער פאָרם פון זיין בריוו, געשריבן אין נאָמען פון נישט-דערמאָנטע פערזאָנען פון דער גמינע-פאַרוואַלטונג, אין וועלכן עס ווערט פאַרלאַנגט אַרויסצוגעבן אַ רעגולאַמין, וואָס פאַרווערט די באַאַמטע פון דער ביוראָ אָנטייל צו נעמען אין פאַרטייאישע פּאָליטישע אַרבעטן.

„ווייל, — מאָטיווירט דער ה' פערעטץ זיין געזעצגעבערישן פאָרשלאַג — זיי וועלן נישט קענען זיין אָביעקטיוו אין דער באַציונג צו די אינטערעסאַנטן, וואָס ווענדן זיך צו זיי.

„די גמינע-פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט קיינמאָל נישט פאַרווערט אירע אָנגעשטעלטע אויסצופירן זייער פּאָליטישע אַרבעט ווי מיטגלידער פון קרייזן, מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָרן פון צייטונגען פון אַ געוויסער ריכטונג.

„די גמינע-פאַרוואַלטונג, וויסנדיק אויסגעצייכנט, אַז ס'איז נישט פאָרגעקומען קיין שום פאַל פון פאַרטייאישער איינזייטיקייט, און זייענדיק אינגאַנצן איבערצייגט, אַז אַזאַ פאַל וועט קיינמאָל נישט פאָרקומען — האָט דאָך זיך באַראָטן איבער דעם אויבנדערמאָנטן פאָרשלאַג: דערביי האָט זי אויף דער זיצונג פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, פאַר דעם אָפּלייגן פון דער זאַך צוליב דעם פעלן פון דריי מיטגלידער פון אַ געוויסער פאַרטיי, מודיע געווען די פאַרזאַמלטע, אַז דאָ גייט אין אונזער ה' פרץ.

„אַזוי איז אַנטשידן געוואָרן דעם ה׳ א. פּערעטצעס כּוונה. ווײַל איך געהער נישט צו קײן שום פּאַרטײ, אַזוי צילט מען שוין אין מײַן פרײהײט אַלס מחבר, און קעגן דעם מוז איך פּראָטעסטירן.

„געמענדיק אין אַכט, אַז מײַן פּאַ״העלטעניש צו דער גמינע־פּאַרוואַלטונג איז אויסשליסלעך נאָר אַ פּאַרהעלטעניש פון אַן אָנגעשטעלטן צו זײַן ברויט־געבער, אַז אַזאַ פּאַרהעלטעניש גיט נישט דעם ברויט־געבער קײן שום רעכט אויף צו באַגרענעצן די רעכט און איבערצײַגונגען פונם אַרבעטער אויסער דעם אָרט און צײַט פון דער אַרבעט, אַז בײַם שליסן דעם אָפּמאַך מיט העכער 20 יאָר צוריק, איז פון אַזאַ מין באַגרענצונג קײן שום רײד נישט געווען, אַז נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך, קען נישט קײן מאָדיפיקאַציע אָדער דערגאַנצונג אָפּהענגיק זײַן בלויז פונם ווילן פון אײן צד.

„האָב איך דערמיט דעם כּבוד צו דערקלערן דער גמינע־פּאַרוואַלטונג, אַז איך האָב נישט בדעה זיך אונטערצוּוואַרפן קײן שום פון אויבן־אָנגעוואָרפענעם רעגולאַמין.

מיט געהעריקער אַכטונג
י. ל. פּרץ

*168*

## צו דוד בערגעלסאָן

(פונם אָריגינאַל)

[די דרײַ בריוולעך, וואָס קומען דאָ, זענען געשיקט אין 1913 צו דוד בערגעלסאָן, וועלכער האָט דאַן רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „די יודישע וועלט״, פאַרלאַג ב. קלעצקין. — פּרץ האָט פאַרעפנטלעכט שפּעטער אין די „יודישע וועלט״ „מײנע זכרונות״, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין המשכים.—די בריוו געפינען זיך אין אַרכיוו פון קלעצקין־פאַרלאַג]

ליעבער בערגעלזאָן,

איך שיק אײַך אײן אבצוג פון אַ זאַך, וואָס געהט אַרײַן אין אַ נײַ בוך, וואָס וועט ערשײַנען ערשט אין אַ פּאָר מאָנאַט. —

אייער צווייטער בריעף איז געווען נישט נויטיק. ד׳בין איינפאַך צו פערנומען און אַ ביסל, פיללייכט דעריבער, פויל.

זייט געזונד
אייער י. ל. פרץ

*169*

## צו דוד בערגעלסאָן

(פונם אָריגינאַל)

איין עולה, וואָס איך בעקום די ערשטע, נישט די צווייטע קאָרעקטע.

און פיללייכט ווילט איהר טהון נאָך איין עולה און נישט ענ־דיקן אינ׳ם בוך דעם פרק?

איי... איי... איי...

*170*

## צו דוד בערגעלסאָן

(פונם אָריגינאַל)

[ווארשע, 1913 מערץ 28]

ליעבער בערגעלזאָן,

איך האָב, ליידער, גאָר נישט, איך רעכען, אַז חה״מ וועט עפּיס ווערען. „וועגען זיך אַליין״ האָב איך נישט אויפצושרייבען, איך שרייב קיין פּאָרלעזונגען נישט אויף.

נישט אָבער צוליב דעם שרייב איך דאָס קאַרטעל.

נור אָט וואָס.

איך לעז אייער ראָמאַן[1]; עס איז סחורה...

ז״יט מיר געזונד און שטאַרק, באַלד נאָך יום-טוב וועל איך אפשר האָבן וואָס צו שיקען, וועט זיין צום 5-טען ביכעל...

קומט איהר נישט קיין וואַרשוי?

אייער יל״פ

---

1) ד. בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען“. —

איך וויל די יודישע וועלט זאָל מען איינבינדען, איז מיר דאָס ערשטע בענדיל פערלוירען געגאַנגען, אונ וואָהנען וואָהן איך ווייט פון פערלאַג. קענט איהר מיך [מיר] עס נישט שיקען?

*171*

## צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

[I/12 1913 וואַרשע

ליעבער, ליעבער שלום-עליכם,

איך בין בטבע אַ פיינד פון בריעף-שרייבען. אָבער דיין צושריפט צו דינעזאָנס בריעף האָט מיך שרעקליך געריהרט. וואָס זאָל איך דיר שרייבען? איך לעז אַלץ, וואָס דו שרייבסט אַפילו וועגן אונזער באַקאַנטען פ... איך לעז און באַוואונדער... און וואָלט זייער געוואָלט דו זאָלסט געזונט ווערן. זיי געזונט!

דיין י. ל. פרץ

*172*

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

[די וויטערדיקע 5 בריוו צו ש. ניגער באַציען זיך צו דער צייט 1913—1914, ווען ש. ניגער האָט רעדאַקטירט „די יודישע וועלט", אין פארלאַג ב. קלעצקין, ווילנע. — די קאָפּיעס פון די בריוו יענען מיר צוגעשיקט דורך ש. ניגער]

ליעבער ה' ניגער

איך האָב אייך אויף אייער בריעף נישט געענפערט, ווייל — ווייל מיר שטעהען אויף פערשיעדענע שטאַנדפונקטען. איהר — פון קאַפעלמייסטער, וואָס זוכט אינסטרומענטן אין קאפעלע אַריין; איך— פון סאָליסט, וואָס לאָזט זיך פון קאפעלע בעגלייטען... אַלזוי — גאָר נישט. איך וועל שיקען, וואָס איך וועל וועלען, און אויב עס וועט

אייך ניט לוינען. וועט איר צוריק שיקען און מיר וועלן ווייטער לעבען בשלום. אַ יאָ?

אָבער ווייסט איר, ווער עס שרייבט, למשל, „באַשטעלען“ און נישט „בעשטעלען“? אַ טויבער, וואָס הערט ניט דעם אונטערשיעד פון קלאַנג און דערביי אַ בלינדער, וואָס זעהט נישט. דאָס ביי „בעשטעלען“ ריהרט מען קוים מיט די ליפען און ביי „באַשטעלען“ ענדערט מען זיי ווי אַ שלייען אויפן פיש-ברעטיל...

דאָס מאַכט אָבער אויך נישט אויס...

אייער „עבודה זרה“ (פון כשרן יודיש געמאַכט), אייער ווילנער בית-המקדשל (קלייזעל) און אייער כהן-גדול פון שפראַך-קענטעניש און אָרטאָגראַפיע...

מען וועט דאָס נאַרישקייט אויך איבערלעבען, מים גאָטס הילף.

י. ל. פ.

*173*

# צו ש. ניגער

(סין א קאָפּיע)

ליעבער ה׳ ניגער,

איינפערשטאַנדען, נאָר מיטן בעדינג, איהר זאָלט מיר תיכף ומיד אָבשיקען אויף דינעזאָנס אַדרעס דעם ליטווישן מלמד[1]. אָבער תיכף ומיד, ווייל איך מוז אים אַוועקשיקען תיכף ומיד.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם רעליעף[2], טהוט ווי איהר ווילט. גריסט זיך, קלעצקינען און אַלע גוטע לייט.

ווענען מוזעאום[3] האָב איך ערשט וואָס געשיקט אין „היינט“ אַריין אַ „ווינקעלע“[4]. צו ער וועט דרוקען, ווייס איך נישט.

אייער י. ל. פרץ

---

1) א דערציילונג, וואָס פרץ האָט צוגעשיקט פאַר דער „יוד. וועלט“.

2) א רעליעף פון י. ל. פרץ, וואָס „די יודישע וועלט“ האָט געוואָלט געבען א רעפּראָדוקציע דערפון.

3) א יידישער מוזיי, וואָס איז דאַן בעפּלאַנט געוואָרן און וואָס ס׳איז אָנבעגאַנגען וועגן אים א פּאָלעמיק אין דער פּרעסע, ווי ער זאָל געגרינדעט ווערן, אין פּעטערבורג אָדער אין א מער יידישער שטאָט.

4) פרץ האָט אין „היינט“ דאַן געהאַט אַ שטענדיקע אָפּטיילונג מיטן נאָמען „מיין ווינקעלע“.

174

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

ליעבער ה׳ ניגער,

איך שיק אייך גלייכצייטיג איינגעשריבען דעם צווייטען אָבשניט „זכרונות״. עס מוזען זיין פיעל גרייזען. איך בין מיעד געוואָרען איבערשרייבענדיג און איר איילט. מוזט איהר מיר דורכאויס שיקען אַ קאָרעקטע. איך וועל זי אייך נישט האַלטען: תיכף צוריקשיקען.

איך האָב אייך צוריק געשיקט די ערשטע קאָרעקטור צום בוך. אַ שען ביסל גרייזען געווען. —

למען השם, פעררינכטן די מאַטריצן. —

אייער י. ל. פ.

אַ הערצליכן גרוס אייך, ליעבער ש. ניגער, וואָס הערט זיך מיטן פנקס[1]?

זייט מיר געזונד און שטאַרק
אייער דינעזאָן

175

## צו ש. ניגער

(פון א קאָפּיע)

געערטע רעדאַקציע.

איך רייס איבער די „זכרונות״ אין אייער זשורנאַל. בעט דורכאויס זאָגאַר דעם פרק נישט צו ענדיגען און מיר אָבצושיקען דאָס מאַנוסקריפּט: דעם האַלבן פרק און דעם צוגעשיקטן גאַנצן. —

איר קענט דרוקן איין ערקלערונג, אַז דאָס איז איבערגעריסן דורך אַ סבה פון אייך נישט אָבהענגיג.

מיט אַכטונג
י. ל. פּרץ

---

1) ש. ניגער האָט דאַן געגרייט דעם „פנקס״, „יאָרבוך פאר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר קריטיק און ביבליאָגראַפיע״. דערשינען אין 1913 אין פערלאַג ב. קלעצקין. —

176

## צו ש. ניגער

(פון א קאפּיטע)

ליעבער ה׳ ניגער,

אייער בריעף האָט מיך געבּרענגט אין פערלעגענהייט; איך ווייס נאָך נישט, וואָס אייך צו ענטפערען.

די מעשה איז פּשוט:

שוין פּאַר וואָכען און חדשים האָב איך אייך געשריבען, אַז אויב איר וועט מיר טהיילען די פּרקים, וועל איך מוזען אויפהערען בּיי אייך צו דרוקען די זכרונות.

איהר האָט, נישט אַכטענדיג דערויף, ווייטער געטהיילט...

הער קלעצקין האָט מיר אין סטאַרעוואָ געזאָגט, אַז די זכרונות מוזען זיך ענדיגען ביז ניי-יאָר און איהר טהיילט נאָך.

וואָס האָב איך צו טראַכטען? טראַכט איך אין מיין פּראָסטקייט די זכרונות זענען פאַרן זשורנאַל קיין עסק נישט, נאָר מען שעמט זיך אָבצוזאָגען... האָב איך אָבגעזאָגט.

שרייבּט איר וועגן צאָרן און שטראָף, ביידע זענען מיר צו ווייט, צו נישט פערשטענדליך. און געוואוסט האָב איך: יד דינעזאָן באמצע, ער האָט מיט די אייגאלעך געפינטעלט. פערשטעה איך: ער שרייבּט אונטער מיינע פּלייצעס...

האָב איך געשוויגען.

פאַרוואָס שרייבּ איך יעצט? איך וויל, —

ערשטענס, איהר זאָלט פערשטעהן, אַז איך גיב די אַרבּייט אין פּרקים, ווייל דאָס איז שוין די פאָרם, אין וועלכער זיי גיסען זיך מיר אויס, און טהיילענדיג, מאַכט איהר מיך איינפאַך מבולבל און איך רעכען, דעם לעזער נאָך מער.

דאַן צווייטענס —

צו קענט איהר נישט ביי דער קאָרעקטור צושיקען דאָס מאַנוס-קריפּט. מען מאַכט ביי אייך אַזוינע גרייזען, אַז איך קען גאָר אויף זיי נישט פאלן; איינפאַך געניאַל! מוז איך איבערשרייבּען מאָך איך לאַטיס; שוין נישט אייך גוס...

און נאָך אַ מאָל:

קיין רגע פון צאָרן, פון שטראָף; דאָס וואָלט געווען נאַריש, און איך בעליידיג מיך, אויב מען האַלט מיך פאַר אַ נאַר. –

אייער יל"פ

גריסט. ווען – פערשטעהט איהר אַליין. אָנהייבען וועט איהר בעווים ביי אייער פרוי?

*177*

## צו „מפיצי השכלה"

(פון א קאָפּיע)

[ס"ף 1913, אין צוזאַמענהאַנג מיטן 50-יאָריקן יובילייז פון „חברת מפיצי השכלה", איז י. ל. פּרץ — באַגלייך מיט נאָך אייניקע שריפטשטעלער — אויסגעקליבן געוואָרן אלס ערן-מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. אלס ענטפער אויף דער מיטטיילונג וועגן דעם, האָט פּרץ צוגעשיקט דעם קאָמיטעט פון „מפיצי השכלה" פאָלגנ-דיקן בריוו. — אין דעם זשורנאַל „וועסטניק יעווריעסקאַגאָ פּראָס-וועשטשעניאַ" (מערץ 1915) איז אָפּגעדרוקט דער בריוו (אלס פאַקסימיליע). — די קאָפּיע איז מיר צוגעשיקט דורך א. גורשטיין, מאָסקווע]

אן דער געזעלשאַפט צו פערשפרייטען

בילדונג צווישען יודען

פעטערסבורג.

נעמט מיין הערצליכסטען דאַנק פאַר דער וואהל, וואָס איהר האָט מיר אָנגעקינדיגט אין אייער בריעף פון דעצעמבער 1913.

איך דאַנק אייך, אונ ווינש: מיר צו קענען ניצליך צו זיין דער געזעלשאַפט אונ איהר – דער נאַציאָן.

מיט גרויס אַכטונג

י"ל פּרץ

י. ל. פּרץ, ווארשוי יעראָזאָלימסקאַ 89

יאַנואַר (אייראָפּ.) 1914

178

## צו שלום־עליכם

(פון א קאָפּיע)

[דאָסדאָזיקע קורץ בריוול איז געשריבן געוואָרן דורך פּ־צן, אין וואַרשע, נאָכן באַקאַנטן אינצידענט מיט שלום-עליכמען. ש״ע איז געקומען קיין וואַרשע לויט דער איינלאַדונג פון דער געזעלשאַפט „הזמיר״, ווו פּרץ איז דאַן געשטאַנען אין דער שפּיץ. אָן דעם וויסן פון „הזמיר״ איז שלום-עליכם אַרויסגעטראָטן פריער, נאָך פאַרן „הזמיר״-אָוונט, אין „חובבי-שפת-עבר״. אויפגעבראַכט פון דער האַנדלונג, האָט דער „הזמיר״-קאָמיטעט באַשלאָסן זיך צוריקציען פון איינאָרדענען דעם אָוונט. ש״ע איז געקומען צו פּרצן אהיים, און געטראָפן דאָס בריוול.—זע אויספירלעכער מיין א־מיקל „פּרץ און שלום-עליכם״]

[ 1914 ] הוהמ״פ ה׳ תר״עד

ליעבער ה׳ שלום עליכם

צו מיין פערדרוס קען איך היינט אין דער היים נישט זיין.

י. ל. פּ.

179

## צו [נישט אָנגערופן דער אדרעסאַט]

(פונם אָריגינאַל)

[דער פאָלגנדיקער בריוו, געשריבן אייגנהאַנטיק דורך פּרצן, איז פאַרבליבן צווישן די פּרץ-בריוו אין דינעזאָן-אַרכיוו. — עס איז אַן ענטפער אויף א בריוו-אָנפראַגע וועגן פּרצעס אַני-מאַמין און ביאָגראַפיע. — דער בריוו איז געשריבן מסתמא סוף 1913 אָדער אין 1914, ווען פּרץ האָט שוין געוווינט אין זיין נייער דירה, אויף יעראָזאָלימסקא 89]

זעהר געעהרטער הער,

אויף אייער ליעב-שמייכעלדיגען בריעף פון 17 ד. מ. בעעהר איך מיך אייך צו ענפערן פאָלגענדעס:

אויב דאָס אויפלעבען פון יודישען פאָלק הייסט ביי אייך „ציוניזם" — מה טוב! געהער איך דאַצו, האָב איך אַ טהייל דערינגען. צום פאָליטישען ציוניזם האָב איך קיין צוטרויען: דאָס גלות פער-לייקען איך נישט. דאָס איז דאָס שלאַכט פעלד, וואו מיר מוזען זיעגען. ביי דער גאַנצער בענקשאַפט צו ארץ ישראל (נישט צום „פאָטערלאַנד" לויט'ן גוישען בעגריף) גלייב איך פעסט אין יודישען וועלט-פאָלק, ווי דער פראָפעט האָט עס געזעהען. איבעראַל די מינ-דערהייט אין צאָהל, די מעהרהייט אין זין פון מאָראַלישער קולטור. נאָכען זיעג, וועט געבויט ווערען דאָס פראָפעטישע, נישט פאָליטישע ציון... כי מציון תצא תורה פאַר אַלע...

ביאָגראַפישע נאָטיצען שרייבט צו, אויף מיין ביטע, מיין קאָלעגע י. דינעזאָן.

מיט אַכטונג
י. ל. פרץ

180

## צו׳ יעקב דינעזאָן

(פונם אָריגינאַל)

[דאָס פאָסט-קאַרטל איז געשריבן דורך פּרצן פון וואַרשע צו י. דינעזאָן, וועלכער איז דאַן געווען אין פּינסק. — פרוי פּרץ איז דאַן געווען אין אויסלאַנד און נישט געקענט זיך אַדורכרייסן דורך די פראָנטן קיין וואַרשע. — אין וואַרשע זענען שוין דאַן געווען די הײמלאָזע, און עס איז געווען אַ דוחק אין עס-פּראָדוקטן]

וואַרשע 30 אָקטאָבער 1914

ליעבער יעקב,

„נור שרייב"! נו, שרייב איך אַ קאַרטעל. פון וואַרשוי זענען פערמאַכטע בריעף נאָך נישט זיכער. און וואָס זאָל איך דיר שרייבען? פון העלענען האָב איך נאָך קיין בריעף. איך האָב שוין דאָס דריטע

מאָל געלד געשיקט... עס איז משוגע צו ווערען.– אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, בלייבען אין פינסק איז אַ ביסל קראַטיש. דו דאַרפסט דורכאויס אַ היים קומען. עס פּאַסט נישט. יאַנעק אַרבייט מעשים, אַלע שטובען איבערגעקעהרט, אַלע פאָרהאַנגען איבערגעהאָנגען; הענגער אויף באַרשטען געמאַכט...

ברענג דורכאויס, אָדער ווען דו בלייבסט שיק פּראָוויאַנט. וואָס דו קענסט. עס האַפּט מיך אָן אַ שרעק וויפיל „ניר חלק"[1] עס בלייבט נאָך. אַהאַ: שרייבען שרייב איך דיר פון גמינא, וואו די טינט פליעסט נישט, צייט פעהלט נישט אונ אַ גערודער פון אין גיהונם. יודען און יודעניס פערצייהלען פון צרות צרורות. א מאָדנע פאָלק – עפּיס איז ביי איהם אַלץ אַזוי נאַטירליך. –

וואָס דער עיקר איך מיין פאר אַ פּראָוויאַנט, פערשטעהסט דו אַליין. קאָמפּראָמיטירען נאָך אַמאָל וויל איך דיך נישט.

דיין
יל"פ

............

1) גלאַט פּאַפּיר. —

I

# פרץ שבעל־פה

פרץ שבעל־פה איז נישט ווייניקער אינטערעסאַנט און גייסט־רייך, ווי פרץ שבכתב. ווי אין זיין שרייבן, אַזוי אויך אין זיין רעדן איז פרץ געווען דערזעלבער גלענצנדיקער וואָרט־מייסטער, דער־זעלבער חריפישער דענקער, דערזעלבער קאָנטראַסטנפולער דיכטער. דאָס שרייבן איז געווען ביי אים דער המשך פון רעדן. נישט נאָר פיל פון זיינע אַרטיקלען, אויך אַ גרויסער טייל פון זיינע מעשיות זענען דורך אים פריער פאַרציילט געווען און דערנאָך געשריבן געוואָרן. דער כאַראַקטער פון פרצעס שאַפן איז געשפּרעכנאַרטיק. פון זיינע אויפגעשריבענע זאַכן קוקט אַרויס דער לעבעדיקער, צאַפּלדיקער דערציילער. און דעריבער טאַקע איז דאָס אָנגעשריבענע ביי פרצן נישט אַלץ. עס איז ווי שטיקער, ווי טיילן פון גאַנצערס, פולערס, וואָס איז נאָך פאַרבליבן ביים לעבעדיקן פרץ. דאָס געשריבענע, וואָס מ'האָט געלייענט ביי פרצן, האָט שטענדיק געוועקט בענקשאַפט, אינ־טערעס, נייגיר צו פרצן גופא, צו דעם קוואַל, פון וואַנעט עס האָט געשטראָמט דאָס פאַרפאַסטע.

אין זיין אינטערעסאַנטן אַרטיקל „וועגן פרצעס יידיש"[1], האָט ש. ניגער געשריבן: „הערט זיך צו צום אָטעם פון יעדן פרצישן זאַץ באַזונדער, וועט איר זען, אַז דאָס איז נישט קיין געשריבענער, נאָר אַ גערעדטער זאַץ. דער טיפּיש־געשריבענער זאַץ האָט אַ לאַנגן אָטעם, פרצעס זאַץ איז קורצאָטעמדיק... פרץ שרייבט אַזוי ווי ער פלעגט רעדן, נישט סתם ווי מען רעדט, — און ער פלעגט תמיד רעדן אָפּגעהאַקט, קורץ און אויפן ווונק. דאָס אַפאָריסטישע אין פרצעס שרייבן שטאַמט פון זיין שטייגער־רעדן, פון דאַנעט נעמט זיך אויך

1) „יודישע וועלט", 1915 פרץ־בוך. —

דאָס אימפּראָוויזאַטאָרישע, דאָס פלוצלינגדיקע און אומגעריכטע אין זיין סטיל. די דיאַלאָגן פרצעס זענען סטיליסטיש — אויך נישט מער ווי שריפטלעכע קאָפּיעס פון פּרצעס מינדלעכע געשפּרעכן... פּרץ איז אין שרייבן נאָענט אַזוי צו זיין רעדן, אַז אפילו דאַן, בעת ער שרייבט, וואָס אַנדערע רעדן, שרייבט ער עס אַזוי, ווי ער אַליין וואָלט עס גערעדט"...

אין משך פון איבער דריי־פיר צענדליק יאָר האָט פּרץ אויך אין זיין רעדן זיך שעפעריש, דיכטעריש אויסגעלעבט, — אינם רעדן מיט זיינע אַרומיקע (און דערפאַר האָט ער זיך אפשר שטענדיק אַזוי גענויטיקט אין צוהערער־חסידים) און אין זיינע פאַרשיידנאַרטיקע עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען, — וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין זיינע זאַמאָשטשער יאָרן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

מיר מאַכן דאָ דעם ערשטן פּרווו אויפצוזאַמלען אייניקע פון פּרצעס רעדעס און אָנצוואַרפן איינצלנע שטריכן צום בילד — פּרץ דער רעדנער.

עס פאָדערט זיך נאָך פיל־פיל אַרבעט, ביז מיר וועלן האָבן פאַר זיך אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן פּרצן שבעל־פּה.

---

II

# אין זאַמאָשטש

נאָך אין זיין היים, אין זאַמאָשטש, איז פרץ באַקאַנט געווען ווי אַ מענטש מיט אַ שאַרפער צונג און מיט גלענצנדיקע איינפאַלן. פרצעס יוגנט-חברים און קרובים אין זאַמאָשטש ווייסן צו דערציילן פון זייער טעמפעראַמענטפולן חבר און קרוב פאַרשיידענע שאַרפזיניקע און טרעפלעכע ווערטער, וואָס ער פלעגט אַזוי בינו-לבינו אַרויסוואַרפן בעת אַ שמועס און קריג. ער פלעגט יענעם דערלאַנגען ביז דער זיבעטער ריפ אַריין. נישט אומזיסט האָט פרץ אויסגעקליבן שפעטער די פראָפעסיע פון אַדוואָקאַטור און נישט לערעריי, — די באַקאַנטע פרנסה פון אַן אַמאָליקן יידישן משכיל, ווען ער האָט נאָך דער חתונה, בעת ער איז געבליבן אָן געלט, געמוזט ווערן אַ זן ומפרנס.

פרצעס ברודער יונה יהושע דערציילט אין זיינע „זכרונות"[1] וועגן „אַ פייערדיקער דרשה", וואָס לייביש האָט אַמאָל שבועות געהאַלטן „אין בית-המדרש ביים ארון-קודש" וועגן דעם, אַז „חזקה איז אַן אָפּגעלעבטע זאַך". ער איז דאַן שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מרא-דאתרא אין אַ ענין מיט אַ חרם, וואָס האָט דאַן אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל און ס'האָט דערלאַנגט אַזש ביז דער מאַכט.

עס איז שוין איצט באַקאַנט אין אַלגעמיין וועגן פרצעס פאַרלעזונגען איבער יידישער געשיכטע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זאַמאָשטש אַרום 1882. די פאָרלעזונגען האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. עס זענען דאַן געגרינדעט געוואָרן אין זאַמאָשטש אַזעלכע מיני אָוונט-

---

1) אין „זאַמאָשטשער שטימע" 1928 נומ. 6. —

קורסן פאַר אָרעמע בעלי-מלאכות און אַרבעטער צו לערנען זיי לייענען, שרייבן און רעכענען. חוץ דעם זענען שבת איינגעאָרדנט געוואָרן פאָרלעזונגען פאַר אַ גרעסערן עולם. פּרצעס פריינט שמואל אשכנזי שרייבט אין זיינע ערינערונגען (זיי געפינען זיך ביי מיר אין כתב-יד):
„די פאָרלעזונגען פלעגן ווערן אַזוי באַזוכט, אַז מען האָט נישט געפונען קיין אָרט. די דירה פלעגט זיין באַלאַגערט אין דרויסן פונם עולם. איבערהויפּט פּרצעס פאָרלעזונגען האָבן געמאַכט אַן איינדרוק אויפן עולם. שוין דעמאָלט האָט מען געזען זיין טאַלענט צו רעדן צום האַרץ פון די צוהערער. און הגם עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָכעניש אין שטאָט, און חסידים האָבן געקערט וועלטן און מיט כלערליי מיטלען געזען מאַכן אַ סוף צו די קורסן און איבערהויפּט צו די שבת-פאָר-לעזונגען, איז דער אינטערעס צו פּרצעס פאָרלעזונגען איבער געשיכטע אַלץ מער געוואַקסן, און אויך חסידים פלעגן לעקן די פינגער. זיי זענען געווען דערשטוינט פון פּרצעס רעדן".

דערזעלבער שמואל אשכנזי האָט מיר דערציילט, אַז נאָך אין 1877 האָט ער געהערט פּרצעס אַ לעקציע אין העברעיש, וואָס האָט געדויערט אַ 2 שעה. פּרץ האָט דערביי גערעדט העברעיש זייער פליסיק.

מיר האָט איבערגעגעבן ה' שלמה שפּירא, וואָס האָט געלערנט אין דער זאַמאָשטשער גימנאַזיע אין די 80-טער יאָרן, אַז אַלס גימנאַזיסט איז אים אויסגעקומען פיל מאָל צו הערן שמועסן פּרצן אין דעם אינזשענערסקי גאָרטן וועגן די נייסטע ביכער פון דער וועלט-ליטעראַטור. פּרץ פלעגט דאַן רעדן מיט די שילער פון דער אָרטיקער גימנאַזיע רוסיש. די שילער האָבן אים זייער געאַכטעט. די שבתדיקע פאָרלעזונגען פּרצעס האָבן זייער אויסגענומען אויך ביי די שילער.

י. ח. זאגאָראָדסקי, וואָס האָט געוווינט אין זאַמאָשטש אַרום 1883, דערציילט[1] וועגן אַ נסיעה, וואָס ער האָט איינמאָל געמאַכט מיט פּרצן אין איינעם פון די נאָענטסטע דערפער, ווו פּרץ האָט באַדאַרפט אַרויסטרעטן אין געריכט אַלס פאַרטיידיקער פון אַ פויער. עס איז געווען אַ ליבער זומער-טאָג, מ'איז געפאָרן אין אַ שיינער געגנט איבער פעלדער און וועלדער. „אָבער איך האָב נישט באַמערקט די אַרומיקע סביבה, וואָרים דער מאַן, וואָס איז געזעסן אַרום מיר, האָט מיך אַוועקגעצויגן אין אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט, וואָס איז פיל

1) לוח „אחיאסף" תרס"ב—1901, ז. 357.

שענער פון דעם, וואָס אַרום מיר". „אַרויספאָרנדיק פון זאַמאָשטש האָט פּרץ אָנגעהויבן צו דערציילן אַ מעשה, און וואָס ווייטער אַלץ מער האָט ער מיך פאַרכישופט און באַצויבערט. איך בין אינגאַנצן פאַרכאַפּט געווען פון דער מעשה, וואָס האָט זיך געוועבט און געפלאָכטן מיט אַ מענגע פאַרבן, מיט פאַרשיידענע העלדן. די מעשה איז דערציילט געוואָרן מיט אַ שטאַרק געפיל און מיט אַ אינערלעכן האַרצקלאַפּן. איך האָב זיך גאָרנישט אַרומגעקוקט, און דער וועג איז שוין געווען פאַרביי, מיר זענען שוין געקומען אין דאָרף... און אַז איך האָב געהערט פּרצן טענהן פאַרן ריכטער, נאָכגעשפּירט די שאַרפקייט און חריפות פון זיינע רייד, די איינפאַלן, די פראָזאַישע לאָגישקייט, האָב איך גאָרנישט געגלויבט, אַז דאָס איז דערזעלבער פאַנטאַסט און טרוימער, וואָס האָט מיך ערשט אַזוי באַצויבערט און אַריינגעבראַכט אין גאָר אַנדערע עולמות".

וועגן זיין ליבע צו פאַרציילן ווונדער-מעשיות גיט איבער ש. ל. ציטראָן[1]: „דריי מאָל אין וואָך פלעגט פּרצן אויסקומען צו פאָרן צוליב זיינע אַדוואָקאַטישע אינטערעסן אין דעם גמינע-געריכט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף אַ ווי־אָרסט דרייסיק פון זאַמאָשטש... איז שוין ביי פּרצן געוואָרן כמעט ווי אַ מנהג צוצופאָרן זומער-צייט איטלעכס מאָל צו דער תּלמוד-תּורה, אויסקלויבן דאָרטן פון די תּלמידים אַ יונגעלע און נעמען אים אין דאָרף אַריין. פאָרנדיק פלעגט זיך פּרץ אונטערהאַלטן מיטן יונגעלע אויפן קינדערשן שטייגער, פאַראינטערעסירן אים מיט דער אַרומיקער נאַטור, אויפמערקזאַם מאַכן אים אויף דאָס און אויף יענץ, דערקלערן אים דאָס און יענץ דערשיינונג... אָפטמאָל פלעגט ער דערציילן אַ גאַנצן ספּור-המעשה מיט אַ ווונדער-שיינער בת-מלכה, וואָס האָט געהאַט לאַנגע גאָלדענע צעפּ מיט טיפע בלויע אויגן און האָט געוווינט אין אַ גלעזערנעם שלאָס אויף אַ שפּיץ-באַרג און האָט געזאָגט שירה מיט די פייגעלעך א.אַ.וו."

---

1) „ווילנער זאַמלבוך" I 237; „דריי ליטעראַרישע דורות" I ז"ז 139—141.

III

# ערשטע יאָרן אין וואַרשע

פרץ קומט קיין וואַרשע, און אינאיינעם מיט זיין שרייבן טרעט ער אַרויס אַלס רעדנער און שאַפט זיך דורכדעם פריינט און פאַרערער.

ש. ל. ציטראָן דערציילט[1] וועגן פרצעס אַ באַגעגעניש (אין 1886) מיט אברהם גאָלדפאַדן ביי ש. פ. ראַבינאָוויטש, דעם אַרויסגעבער פון „כנסת ישראל", אין שטוב. גאָלדפאַדן האָט דאַן דעקלאַמירט זיין פּאָעמע „דער שטיין פון האַרצן". „איך געדענק, אַז פרצן איז נישט אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן דער אינהאַלט פונם געדיכט גופא, ווי גאָלד-פאַדנס קינסטלערישע דעקלאַמאַציע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלגעמיי-נער געשפּרעך וועגן דעם יידישן טעאַטער, און פרץ האָט באַנוצט די געלעגנהייט אויפצוּוואַרפן גאָלדפאַדענען זיין „שמענדריק" מיט די „צוויי קונע לעמלעך" א. אַ. וו.: „אַז איך וואָלט געהאַט א י י ע ר טאַלענט, וואָלט איך געבויט מיינע דראַמעס צי קאָמעדיעס אויף פיל וויכטיקערע און אמתערע זייטן פונם יידישן לעבן"... און פרץ האָט גערעדט אַזוי שיין און מיט אַזויפיל התלהבות, אַז ער האָט באַגייסטערט אפילו דעם טרוקענעם, פלעגמאַטישן שפר"ן".

אין וואַרשע איז פרץ איין צייט (אַרום 1888—1889) געווען אַ טיכטיקער טוער אין דער חברה „שפה ברורה". פרץ פלעגט האַלטן פאָרלעזונגען אין העברעיש וועגן פאַרשיידענע פראַגן. מ. י. פרייד האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט געהערט אַמאָל פרצעס אַ פאָר-לעזונג וועגן דער העברעישער ליטעראַטור און דעם יידישן פאָלק.

---

[1] „די יודישע וועלט" 1915, פרץ-בוך; „דריי ליטעראַרישע דורות" ז. 131.

ווען אָט די העברעישע פאָרלעזונגען דערציילט אויך ד״ר גרשון לעווין[1]: „אַמאָל האָב איך דערהערט, אַז ס׳איז געקומען פון זאַמאָשטש קיין וואַרשע י. ל. פרץ, און האַלט יעדן שבת פאָרלעזונגען אויף העברעיש אין דער שול ביי דער חברה „שפה ברורה״... „אינמיטן שול, אויף דער בימה, איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן, וועלכן מען האָט געקאָנט געבן אַ יאָר 30, מיט אַ בלאָנד בערדל, מיט ענערגיש-ליידנ־שאַפטלעכע ליפן און מיט אַ פּאָר גרויסע שיינע אויגן, פון וועלכע איך האָב מיך פשוט נישט געקאָנט אָפּרייסן. דאָס איז געווען יצחק לייביש פרץ. ער האָט זייער פליסיק גערעדט אַ שיינעם העברעיש, מיט וועלכן ער האָט אונז זייער אימפּאָנירט. די השכלה-טעמע, אויף וועלכער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט זי באַאַרבעט פון אַלע זייטן, די טעמע האָט אויף אונז, סטודענטן, גראָד געמאַכט נישט קיין גרויסן רושם. מיר האָבן אייגנטלעך דערוואַרטעט עפּעס אַנדערש״.

פרץ דרינגט אַריין זייער גיך צווישן דער בעסערער וואַרשעווער יידישער אינטעליגענץ און פאַרנעמט דאָרט גיך דעם אויבן-אָן. אין יענער צייט פלעגט מען זיך צונויפקומען אין די שבת-צו-נאַכטסן ביי ד״ר מינץ. „אויף די פאַרזאַמלונגען — דערציילט ד״ר ג. לעווין[2] — האָט מען באַרירט פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פראַגן, מען האָט דיסקוטירט מכּוח ליטעראַטור און קונסט, מען האָט געזונגען, געשפּילט, זיך גע־ווילצט... גערעדט האָט מען זעלבסטפאַרשטענדלעך פויליש... ווען איך בין אין אָוונט געקומען צום ד״ר מינץ, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן די גאַנצע געזעלשאַפט, וואָס שטענדיק. פּנים חדשות זענען געווען פרץ און יעקב דינעזאָן. אָן דעם הוט, מיט דעם שיינעם רבנישן שטערן, האָט פרץ אין סאַלאָן געמאַכט נאָך אַ בעסערן איינדרוק ווי אין דער שול. איך האָב באַלד באַמערקט, אַז פרץ פאַרנעמט שוין אין דער געזעלשאַפט דעם ערשטן פלאַץ, אַז ער בילדעט שוין די אַקס, אַרום וועלכער ס׳האָט זיך געדרייט דער גאַנצער געשפּרעך. זיין שאַרפזין, זיין בליצאַרטיקער וויץ, זיין שלאָגוואָרט האָט צו אים צוגעצויגן... וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכע פראַגע מען האָט נישט באַרירט, האָט פרץ אַרויסגעוויזן אין איר גרויס בקיאות, זיין מיינונג איז געווען גאַנץ אָריגינעל, ער האָט אַרויסגעזאָגט עפּעס א י י ג נ ס, נישט דאָס, וואָס מ׳קען לעזן ערגעץ אין אַ לערנבוך״.

1) „פרץ — אַ ביסל זכרונות״, ז. 17—18.

2) דאָרט, ז. 19—20.

דאָטזעלבע גיט אויך איבער נחום סאָקאָלאָוו וועגן פרצן אין דער געזעלשאַפט פון דער וואַרשעווער יידישער אינטעליגענץ אין זיינע גלענצנדיקע אַרטיקלען „י. ל. פרץ"[1]: „ס'איז געווען אַ לאַנגע תקופה אין מיין לעבן, אַ תקופה, וואָס וואַרט נאָך אויף איר היסטאָריקער. מיר פלעגן זיך דאַן טרעפן כסדר לכל הפחות איין מאָל אַ וואָך. נאָך די דאָנערשטאָג-באַגעגענישן, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרעסערע גרופע, וואָס האָט געהייסן „אנשי שני בשבת", (מאָנטאָג-מענטשן) — ס'איז אַ מין געזעלשאַפטלעך-ליטעראַרישער קלוב, וואָס פלעג זיך רעגולער צונויפזאַמלען ביי מיר אין שטוב אין לויף פון עטלעכע יאָר, ווו מ'פלעג האַלטן רעפעראַטן, פירן דיסקוסיעס און שמועסן. כמעט קיין איין מאָל האָט פרץ נישט פאַרפעלט צו קומען. דאַן איז שוין קלאָר געווען זיין גייסטיקער פרצוף. אַ קוואַל פון לעבן האָט שטענדיק געשטראָמט פון אים. ער איז תמיד געווען יונג, מונטער, באַגייסטערט און קרעפטיק. נישט שטענדיק האָט זיין ליכט געפירט און באַוויזן דעם ריכטיקן וועג, אָבער תמיד האָט זיין ליכט געשטראַלט, געלויכטן. דאָרט האָבן שוין דאָס רוב אָנשויונגען זיינע געפונען אַ קלאָרן אויסדרוק. דאָרט האָבן מיר געקעמפט און באַזיגט איינעם דעם אַנדערן, געגאַנגען אויף פשרות און ווידער געקעמפט, דאָרט איז שוין די געזעלשאַפט געווען גרעסער, יונגער און פיל-פאַרביקער. ווער פון יענער געזעלשאַפט געדענקט נישט יענע לאַנגע אָוונטן און די רעפעראַטן, שמועסן און דעבאַטן, — און אין זיי — איינע פון די צענטראַלע פיגורן — פרץ?"

---

[1] „הצפירה", 1915, נומ. 142

IV

# צווישן אַרבעטער

אין די 90-טער יאָרן קומט פאָר ביי פרצן אַ שטאַרקער קער פון די אינטעליגענטיש-משׂכּילישע קרייזן צו די ראַדיקאַל-סאָציאַליסטישע גרופּירונגען. דאָס לאָזט זיך שפּירן אין זיין העבּרעישער זאַמלונג „החץ" (אַרויסגעגעבּן אין 1894) און נאָך מער אין די „יום-טוב בלעטלעך", וואָס פּרץ גיט אַרויס אין די יאָרן 1894—1895. וועגן דער ראָלע, וואָס די „יום-טוב בלעטלעך" האָבּן געשפּילט אין די אַרבּעטער-קרייזן, איז שוין באַקאַנט. „די „יום-טוב בלעטלעך" – שרייבּט שכנא עפּשטיין[1] — ווערן דאַן פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן. מען לעזט זיי אין די אַר־בּעטער-קרייזלעך, מען דיסקוטירט זיי אויף די „בּירזשעס"... מען שעצט די „יום-טוב בּלעטלעך" נישט ווייניקער ווי די אומלעגאַלע ביכלעך מיט די שוואַרצע טאָוולען..." און נישט נאָר מיט זיינע לידער, נאָוועלן און אַרטיקלען ווירקט פּרץ. ער הייבּט אָן אינגיכן אויך אַרויסצוטרעטן אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען, לייענט זיינע זאַכן און דערנאָך אויך האַלט ער דאָרט רעפעראַטן. —

אינטערעסאַנטע פּרטים דערציילט וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון אַר־בּעטער מיט פּרצן איינער פון די ערשטע בּונדישע טוער – דער אַלטער באַקאַנטער[2]: „איך וועל, שיינט מיר, קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בּילד פון דער ערשטער אסיפה מיט פּרצן. זי איז פאָרגעקומען אין דער ווילנונג פון פּינסקיס עלטערן אויף פּאַוויע גאַס. אַ מאַן עטלעכע

1) „י. ל. פרץ אלס סאָציאַלער דיכטער", ז. 10 און ווייטער. —

2) „פּרץ און די אַרבּעטער-באַוועגונג" אין דער „אַרבּעטער שטימע" יובּילײ-נומער, 1917, ז. 9. —

און צוואַנציק איז געקומען, כמעט אויסשליסלעך אַרבעטער, און דאָ האָט זיך פּרץ דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געטראָפן מיט דעם נייעם טיפּ יידישן אַרבעטער. און ווי איבערראַשט איז ער געוואָרן, אַז דער אַרבעטער-לעזער, לא די, וואָס ער לעזט און פאַרשטייט אים׳ פּרצן, האָט ער נאָך זיין אייגענע מיינונג איבער זיינע ווערק, אַ קרי-טישן איבערבליק פון עפּעס אַ נייעם „אַרבעטער-שטאַנדפּונקט", און זיינע מיינונגען זאָגט ער אַרויס אין אַ ריינעם, פליסיקן ליטעראַרישן יידיש, צוגעמישט מיט אויסדריקן פון אַ נייער טערמינאָלאָגיע, וואָס איז ביז איצט געווען אומבאַקאַנט אויף דער יידישער גאַס. דערהויפּט האָט אים איבערראַשט איינער ד., אַ טישלער, אַ קינד פון דער סמאָ-טשע גאַס... אַ שענער יונג, האָט ער מיט זיין גאַנצן אויסזען און מיט זיין פליסיקן „אינטעליגענטישן" יידיש און מיט דער זיכערער רעדנסאַרט געמאַכט אויף פּרצן אַ טיפן רושם. דען אַ ר ע ד ע אויף יידיש האָט פּרץ, ווי ער האָט זיך אַליין מודה געווען, בכלל דאַן געהערט ס׳ערשטע מאָל. און ער איז געשטאַנען פאַרגאַפט, און האָט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן. און אַז ס׳איז געקומען צו זיין וואָרט, האָט ער זיך אַביסל פאַרלוירן און האָט זיך אַנטשולדיקט, פאַר-וואָס ער רעדט שלעכט יידיש, ווייל „האַלטן אַ רעדע אויף יידיש", — דאָס האָט ער זיך ביז איצט בכלל נישט פאָרגעשטעלט".

אַז פּרץ האָט ביז איצט זיך כלל נישט פאָרגעשטעלט, אַז מ׳קאָן האַלטן אַ רעדע אויף יידיש — דאָס איז ביים אַלטן באַקאַנטן מסתּמא אַביסל איבערגעטריבן. האָט דאָך פּרץ שוין געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף פאַרשיידענע טעמעס אויך אין יידיש.

שכנא עפּשטיין דערציילט, אַז פּרץ פלעגט אָפּט אַרויסטרעטן פאַרן „בונד" „מיט אומלעגאַלע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען". „פרעגט אים אַן אַרבעטער אַ פראַגע, פילט ער זיך גליקלעך. ער זעט מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי זיין אַרבעט ברענגט גוטע פּרוכט, און זיין טעטיקייט ווערט נאָך אָנגעשטרענגטער, ענטוזיאַסטישער".

„די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג – שרייבט ש. עפּשטיין – וואָס ער האָט בייגעוווינט איז געווען פּרצעס אַ רעפעראַט אין וואַרשע וועגן דער אַנטוויקלונג פון רעליגיע[1]". פּרץ איז אַפילו אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן דריי חדשים אין וואַרשעווער ציטאַדעל פאַר זיין אַרויסטרעטן מיט אַ פאָרלעזונג אין 1899 אויף כלומרשטע „תּנאים".

1) „צוקונפט", ניו-יאָרק, 1915, ז. 541

ער האָט דאַן פאָרגעלייענט די „פרומע קאַץ״, וואָס האָט אויף די אַרבעטער געמאַכט אַ סך גרעסערע ווירקונג, ווי די שטאַרקסטע אַגיטאַציע-רעדע[1]. ס׳איז נישטאָ קיין איין וויכטיקע קולטורעלע אונטערנעמונג, — דערציילט ווייטער ש. עפּשטיין — אויף וועלכער דער „בונד״ זאָל פרצן איינלאַדן און ער זאָל זיך אָפּזאָגן. ווען נאָך די „פרייע טעג״ גרינדעט זיך אין וואַרשע אַ „פאָלקס-אוניווערסיטעט״ און עס עפענען זיך אָוונט־שולן פאַר אַרבעטער, נעמט פרץ אין זיי אַן אַקטיוון אָנטייל״.

---

1) ש. עפּשטיין, „י. ל. פרץ דער סאָציאַליסטישער דיכטער״, ז. 64. —

## V

# עפּנטלעכע פּאָרלעזונגען

וואָס-ווייטער ווערט פּרץ אַלץ-מער אַריינגעצויגן אינם שאַפנדיקן קולטור-לעבן. פּרץ ווערט דער פירער און באַגייסטערער פון אַלע וויכטיקסטע קולטור-אויפטוען הן אין וואַרשע און הן אין אַנדערע שטעט פון פּוילן. קיין איין איינציקע ליטעראַריש־קינסטלערישע אָדער טעאַט-ראַלע געשעעניש קומט נישט פאָר אָן פּרצעס באַגייסטערטער רעדע-ברכה. ס'איז אַ באַזונדערס-וויכטיקע אויפגאַבע פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור-באַוועגונג בכלל און פאַר דער פּרץ-פאָרשונג בפרט צונויפצוקלייבן דעם גאַנצן רייכן מאַטעריאַל וועגן פּרצעס עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען. די פּרעסע האָט, ליידער, זייער-זעלטן רעפערירט פּרצעס פּאָרלעזונגען, און אַזוי־אַרום איז אַ שטיק פּרץ ווי פאַרלוירן פאַר אונז, און אויף שטענדיק. פּרץ האָט געהאַלטן צענדליקער רעדעס אַ יאָר, און יעדע רעדע איז געווען ביי אים אַ נייע שאַפונג, אַ ניי קונסט-ווערק. אין אַ בריוול צו דוד בערגעלסאָן שרייבט פּרץ[1]: „איך שרייב קיין פּאָרלעזונגען נישט אויף".

מיר ברענגען ווייטער אייניקע פּרטים וועגן רעדעס, וואָס פּרץ האָט געהאַלטן אין די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן, און דאָרט ווו עס איז אונז געלונגען, ברענגען מיר אויך קיצורים פון די רעדעס, ווי זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין דער פּרעסע. נישט אַלע ציי-טונגען, הן וואַרשעווער און הן פּראָווינצער, זענען דאָ ביי אונז אונטערן האַנט, און דעריבער איז די רשימה ווייט-ווייט נישט קיין פולע[2].

---

1) זע אויבן זייט 217.

2) די אַלע, וואָס געדענקען וואָסער ס'איז פּרצעס רעדע, אָדער האָבן זי פאַר-צייכנט, ווי אויך די, וואָס ווייסן וועגן נאָך פּרעסע-באַריכטן וועגן פּרצעס פּאָרלעזונגען, ווערן געבעטן מיטיילן מיר וועגן דעם. — נ. מ.

VI

# וועגן טעאַטער

דוד הערמאַן דערציילט, אַז די ערשטע פאָרשטעלונג פון דער דראַמאַטישער סטודיע (אין וואַרשעווער „זומער-טעאַטער“ אין זאַקסישן גאָרטן אין 1907) האָט „פרץ געעפנט מיט אַ באַגייסטערטער רעדע, גערופן צו אונטערשטיצן דאָס יונגע טעאַטער“. אין יולי 1907 בעת דעם באַנקעט לכבוד דעם אַרטיסט אברהם יצחק קאַמינסקי צו זיין יובילייִ האָט פרץ געהאַלטן אַ רעדע, און די „ראָמאַנצייטונג“ (1907, נום. 12) גיט איבער: „י. ל. פרץ מיינט, אַז גאַנץ צופרידן קאָן מען נאָך מיטן יידישן טעאַטער נישט זיין; אַ טעאַטער איז אַ בית-המקדש, ווו קיין פעלערהאַפטע זאַך, אַ בעל-מום טאָר נישט אַריינקומען; אָבער זעענדיק דעם פאָרשריט, וואָס דאָס טעאַטער האָט געמאַכט אין לעצטן יאָר, קאָן מען זיך טרייסטן און האָפן, אַז מיט דער צייט וועט זיך דאָס טעאַטער אַנטוויקלען ביז דער העכסטער מדרגה“. פרץ איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ גאַנצער סעריע רעפעראַטן אין לאָדז וועגן טעאַטער. אין „פריינד“[1]) געפינען מיר אַ קורצן באַריכט אונטער אַזאַ קעפל: „אַ גרויסע פאַרזאַמלונג וועגן יידישן טעאַטער“. דאָרט ווערט דערציילט: „וואַרשע האָט שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען אַזאַ גרויסע פאַרזאַמלונג, ווי די נעכטיקע אין גרויסן זאַל פון דער פילהאַרמאָניע, וואָס די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט האָט איינגעאָרדנט. דער גרויסער זאַל, אין וועלכן עס גייען אַריין ביז 2400 מענטשן, איז געווען איבערפולט. זייגער 2 האָט ה׳ פרץ געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ קורצער רעדע, און האָט געגעבן דאָס וואָרט דעם ערשטן לעקטאָר, ד״ר מוקדוני. דער צווייטער לעקטאָר איז געווען ה׳ ווייטער, דערנאָך ה׳ נאָמבערג. דער לעצטער רעדט ה׳ פרץ. י״ל פרץ איז בכלל מסכים צו דעם, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון זיינע יונגערע קאָלעגן. דער

1) „פריינד“ 1910, נום. 8.

רעדנער פירט דורך אַ פּאַראַלעל צווישן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און דעם יידישן טעאַטער. מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק איז געווען אַ קליין הייפעלע ליטעראַטן, וואָס האָט אין הונגער און נויט געאַרבעט און געשאַפן, ביז זיי האָבן דערצויגן אַ יידיש פּובליקום, אַ פּובליקום, וואָס לעזט זיי מיט באַגייסטערונג. דאָס יידישע טעאַטער שטייט זייער נידעריק, דאָרט ווערט דאָס הייליקסטע געטראָטן מיט די פיס. צו ווען קאָן מען האָבן טענות, — פרעגט דער רעדנער, — צו די ליטעראַטן אפשר? ניין; עס זענען פאַראַן פיל פעלקער, וואָס האָבן קיין אָריגינעלע דראַמעס נישט, זיי שפילן איבערזעצונגען. אפשר זאָל מען האָבן טענות צום אַרטיסט, צו אונזער אומגליקלעכן אַרטיסט, וואָס אַרבעט טאָג און נאַכט? אויך ניין"! דער באַריכט-אָפּגעבער דערציילט: „דער רעדנער (פרץ) וויל דערקלערן ווייטער, פאַרוואָס זענען די אַרטיסטן נישט שולדיק אין דעם, וואָס דאָס טעאַטער אונזערס איז אַזוי געפאַלן, נאָר די צייט איז פאָריבער, דער זאַל פון דער פילהאַרמאָניע איז געווען געדונגען נאָר אויף צוויי שעה, און די פאַרזאַמלונג האָט דעריבער געמוזט איבערגעריסן ווערן. דער פאָרזיצער שליסט די פאַרזאַמלונג מיט דעם צוזאָג, אַז איבער־אַכטאָג שבת וועט זיין די פאָרזעצונג פון דער היינטיקער פאַרזאַמ־לונג. די רעפעראַטן בכלל האָבן געמאַכט אַן אומגעהויערן גרויסן איינדרוק"!

דאָ דאַרף מען דערמאָנען דעם אינצידענט, וואָס פרץ האָט געהאַט אין פעטערבורג, וווּהין ער איז געפאָרן צו שאַפן געלט פאַר דער טעאַטער-געזעלשאַפט. אויפן באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד אים, איז ער אויפגעבראַכט געוואָרן פון דער הפקר-באַציונג צו יידיש,— אויף דעם באַנקעט האָבן אייניקע גערעדט רוסיש. דער באַנקעט איז אויפגעריסן געוואָרן, און דאָס יידישע פעטערבורג האָט נישט דערפילט די האָפנונגען, וואָס די טעאַטער-געזעלשאַפט האָט געלייגט דערויף.

## VII

# אַ פאַרלעזונג אין פעטערבורג

פרץ איז געווען געוואַלדיק עמפינדלעך און זייער קאָפּריז. ער האָט געקאָנט אַרויסווייזן אָפּטמאָל אויף די פאַרלעזונגען אַן אומגעהויערע געדולדיקייט און נאָכגיביקייט צו זיינע צוהערער (איבערהויפּט, ווען ער האָט געהאַט פאַר זיך באַגייסטערטע, טרייע מאַסן-צוהערער). ער האָט אָבער געקאָנט זיין אויך עקשנותדיק און צו-להכעיסדיק, ווען די אוידיטאָריע איז אים נישט געפעלן. —

ש. אַנסקי דערציילט וועגן אַ פאַרלעזונג, וואָס י. ל. פרץ האָט געהאַט אין פעטערבורג פאַר אַן אוידיטאָריע, — על-פּי-רוב אַסימילירטע יידן[1]. ש. אַנסקי האָט, משמעות, געהערט ווייניק פרצעס עפנטלעכע רעדעס. ער כאַראַקטעריזירט פרצן דעם רעדנער לויט יענער פעטערבורגער אַרויסטרעטונג. אָט וואָס ער דערציילט:

„דער זאַל איז געווען,פאַרשטייט זיך, געפּאַקט, נאָר אַ גרויסער טייל פון דעם פובליקום איז באַשטאַנען פון אַזעלכע, וואָס זענען געקומען זען פרצן און נישט הערן אים. געווען נישט ווייניק אַזעלכע, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען אָדער קוים פאַרשטאַנען יידיש.

פרץ האָט מייסטערהאַפט געלייענט זיינע ווערק. נאָר פרץ איז דאָך בכלל געווען נישט פאַר אַ המון, ער איז געווען צו אינטים, צו איידל און אייגנאַרטיק, און זיין מייסטערהאַפט לעזן איז געווען צוגעפאַסט צו אַ קליינעם אינטימען קרייז. פאַר אַ גרויסן פובליקום איז זיין שטים געווען צו שוואַך, די אינטאָנאַציע — נישט גענוג שאַרף. דערצו האָט זיין פוילישער אַקצענט געקלונגען פאַר דעם ליטווישן פובליקום פרעמד, געמאַכט פיל ווערטער אומפאַרשטענדלעך.

די וואָס זענען געזעסן אין די ערשטע 3—4 רייען האָבן נאָך געהערט און פיל ווייניק פאַרשטאַנען, וואָס פרץ האָט געלייענט. אָבער

1) „די יודישע וועלט“, 1915, ז. 19—20.

צו דעם איבעריקן פובליקום האָבן דערגרייכט נאָר איינציקע ווערטער, אָן אַ צוזאַמענבונד. די ערשטע 10 מינוט איז געווען שטיל. נאָכדעם האָט דאָס פובליקום אָנגעהויבן צו באַוועגן זיך, מען האָט גענומען שמועסן שטילערהייט צווישן זיך, ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגיין פון זאַל, פריער איינציקווייז, געלאַסן, דערנאָך אַלץ רעשדי־קער, אַזוי, אַז בשעת פּרץ האָט געענדיקט, איז דער פריצר אָנגעפּאַק־טער זאַל געווען האַלב פוסט, און פון צווייטן חדר האָט זיך געטראָגן אַ רעש פון געשפּרעכן.

בעת דעם אַנטראַקט איז מיר געווען שווער צו באַגעגענען זיך מיט פּרצן. איך האָב זיך געשעמט פאַר דער אויפפירונג פון דעם פּובּ־ליקום און מיר האָט דאָס האַרץ וויי געטאָן, וואָס דער יום־טוב איז פאַרשטערט.

פּרץ האָט מיך פון דערווייטן דערזען, דורכגעשלאָגן זיך דורך דעם עולם און מיט אַ פריילעכן, „שטיפערישן" געלעכטער, מיט דעם טאָן פון אַ זיגער, אַרויסגערעדט:

— אדרבה, ווער נאָך וועט קאָנען אַזוי גיך און גוט צעטרייבן פון אַ זאַל אַזאַ עולם? אַ? דאָס איז דאָך אַ קונסט!

איך האָב געזען, אַז זיין געלעכטער איז נישט קיין געמאַכטער, אַז ער איז באמת געווען צופרידן, וואָס דאָ, אין פּעטערבורג, וועלכן ער האָט פיינט געהאַט, האָט מען אים באַגעגנט, ווי עס פּאַסט פאַר עם־הארצים.

דער אַנטראַקט האָט זיך געענדיקט. פּרץ האָט געדאַרפט ווידער אַרויסטרעטן.

— וואָס זאָל איך לעזן? — האָט ער גענומען פרעגן ביי די עטלעכע „אייגענע מענטשן", וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט.

איינער האָט אַן עצה געגעבן לעזן „דעם שטריימל", דער אַנ־דערער — „באָנציע שוויג", נאָך איינער — „אַ גלגול פון אַ נגון".

פּרץ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: עס געפעלט אים נישט.

געטראַכט אַ ווײַלע, נאָכדעם אָפּגערופן מיך אָן אַ זייט.

— ווו זיצט איר? ווייט פון מיר? זאָגט דער אָנפירערקע, זי זאָל אייך געבן אַן אָרט אין דער ערשטער ריי, איך זאָל אייך זען.

— צו וואָס?

— אַקוראַט אַנטקעגן מיר זיצט אַ פאַרזעניש, וואָס גענעצט די גאַנצע צייט. זי נערווירט מיך.

און ער האָט צוגעגעבן מיט אַ דרייסטן, שטיפערישן שמייכל:
– איר ווייסט, וואָס איך וועל טאָן? איך וועל גאָרנישט נישט לעזן. איר וועט זיצן אַנטקעגן מיר, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה, איך וועל אימפּראָוויזירן.

איך האָב דאָס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס. נאָר פּרץ האָט געהאַלטן וואָרט. אַז ער האָט געדאַרפט אָנהויבן לעזן, האָט ער זיך אַביסל איבערגעבויגן צו מיר און האָט גענומען רויק דערציילן מיר אַ מעשה, גלייך ווי אין זאַל וואָלט מער קיינער נישט זיין ווי מירביידע. די מעשה איז געווען וועגן אַ שטראַל, וואָס האָט זיך מיט בענקעניש פאַרקוקט אויף דער ערד און נישט באַמערקט, ווי מיט דעם פאַרגיין פון דער זון האָט זיך דער הימל געשלאָסן. ער האָט נישט געקאָנט מער אומקערן זיך אויף זיין אָרט. האָט ער געפּרוווט אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד און ווידער נישט געקאָנט, ווייל ער האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון הימל... דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן די מעשה מיט דעם שטראַל. אַ וווּנדער-שיינע אַלעגאָריע. אָבער הערן זי חוץ מיר, האָבן געקענט אפשר נאָך אַ צען מענטשן פון די 300—400, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זאַל.

דאָס פּובליקום האָט אין אָנהויב נישט פאַרשטאַנען, צי פּרץ לעזט אָדער ער שמועסט מיט עמעצן, וואָס זיצט אַקעגן אים. נאָכדעם האָט זיך אין זאַל ווייטער אָנגעהויבן אַ באַוועגונג, שטילע געשפּרעכן, און דאָס פּובליקום איז זיך ביסלעכווייז פאַנאַנדערגעגאַנגען"...

---

VIII

# טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ

לכתחילה איז פּרץ געווען, משמעות, מיט דער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין אויגוסט 1908 אין טשערנאָוויץ, נישט איבעריק באַגייסטערט. איר כאַראַקטער, פאַרנעם, אויס-זיכטן זענען נישט קלאָר געווען פאַר אירע איניציאַטאָרן. ווי נאָר אָבער פּרץ איז געקומען קיין טשערנאָוויץ און איז אַריין אין דעם קאָך פון דער אַרבעט, האָט ער אַרויסבאַוויזן פיל אימפּעט און ליידנשאַפט. ער איז געוואָרן איינער פון די הויפּט-טוער אויף דער קאָנפערענץ, איר לעבעדיקער נערוו. ער איז געווען דער וויצע-פּרעזידענט, ער האָט געהאַלטן די צווייטע פייערלעכע ערעפענונגס-רעדע, ער האָט געליינט אַ רעפעראַט וועגן דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע פון אַלע אָנהענגער פון דער יידישער שפּראַך, גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין די דיס-קוסיעס, און בעת דער קאָנפערענץ און שפּעטער איז פּרץ אַרויסגע-טראָטן אויף אַ ריי אָוונטן אין טשערנאָוויץ און אין פאַרשיידענע שטעט פון גאַליציע און בוקאָווינע. אַדאַנק פּרצן זענען די אָוונטן אין די אַלע שטעט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער מאַניפעסטאַציע פאַר יידיש און יידישער ליטעראַטור.

די קאָנפערענץ איז געעפנט געוואָרן מיט דער רעדע פון ד"ר נ. בירנבוים. ווי דער „היינט" טיילט מיט דאַן פון טשערנאָוויץ, האָט זיין רעדע נישט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק, „ווייל ער רעדט זייער שוואַך יידיש. דערפאַר האָט אָבער געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק די רעדע פון צווייטן רעדנער — י. ל. פּרץ... זיין רעדע רופט אַרויס באַגייסטערונג ביים עולם."[1] „פּרצעס דערשיינען אויף דער טריבונע — דערציילט א. ק.[2] — האָט אַרויסגערופן אַ מוראדיקן אפּלויז

1) „היינט" 1908, 2 סעפּטעמבער.

2) „ד"ר בירנבוימס וואָכנבלאַט" טשערנאָוויץ 1908.

און אַן אומבאַשרייבלעכע שמחה". די רעדע איז איבערגעריסן געוואָרן עטלעכע מאָל דורך באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן.

אין זיינע זכרונות וועגן דער טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ דערציילט מתתיהו מיעזעס[1]: „די ערעפענונגס-רעדע פון פרצן האָבן מיר דעמאָלט אויף דער שפּראַך-קאָנפערענץ מיט שפּאַנונג און גייסטיקן הונגער דערוואַרט. ער האָט אונז נישט אַנטוישט. שטאַרקע, קרעפטיקע ווערטער האָבן מיר אויס זיין מויל פאַרנומען... איינצלנע סצענעס פון דערדאָזיקער רעדע זענען פאַרבליבן אין מיין זכרון. איך דערמאָן מיך, וואָס פאַר אַן עלעקטרישער שטראָם איז דורכגעלאָפן דורך מיינע איברים, און וואָס פאַר אַ בליק איך האָב פּלוצים געטון אין דער נשמה פון פרץ דעם מענטש, ווי ער האָט אין זיין ערעפענונגס-רעדע זיך אויסגעדרוקט: „דער שטאַט איז דער גרעסטער פאַרברעכער"... איך האָב אין די פּאָר ווערטער געהאַט פאַר מיר דעם שפּיגל פון דער וועלט-אָנשויונג פרצעס".

מיר ברענגען דאָ ווייטער די רעדע, ווי זי איז איבערגעגעבן אין „ד"ר בירנבוימס וואָכנבלאַט" (נומ. 2):

„געערטע קאָנפערענץ!

דריי אינערלעכע באַפרייונגס-מאָמענטן האָבן אונזער באַוועגונג געשאַפן.

איך וויל קיין פּראָפעט נישט זיין און נישט זאָגן שוין פאָרויס, אַז מיר לעבן דאָ איבער אַ נייעם היסטאָרישן מאָמענט, אַז מיר עפענען אַ נייעם קוואַל פון פריש, לעבעדיק וואַסער אין גאָטס ווייגאָרטן, אַז פון היינט אָן וועט דאָס אָרט פייכט ווערן און בליען. „עטוואָס" דאָך זענען מיר געוואָרן, און דאָס עטוואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן פון די אָנגערופענע דריי באַפרייונגס-מאָמענטן.

עס הויבט זיך אָן צו באַפרייען דער יידישער „המון", דער אָרעמער יידישער עם-הארץ. ער פאַרלירט זיין צוטרויען אי צום גרויסן למדן, אי צום גרויסן גביר. דעם גרויסן גבירס „צדקה" מאַכט אים נישט זאַט, דעם גרויסן למדנס תורה גיט אים קיין גליק. דער המון הויבט אָן אַליין צו בענקען, צו פילן, וויל לעבן זיין אייגן אָרעם לעבן פאַר זיך. און עס וואַקסט אויף דער חסידיזם. די תורה פאַר אַלע.

און דאָס איז דער ערשטער מאָמענט.

---

1) „פרץ-זכרונות פון יענער יידישער שפּראַך-קאָנפערענץ", „ליט. בלעטער" 1925 נומ. 49—50.

יידיש הויבט זיך אָן מיט אייזיק-מאיר דיק. דאָס חסידישע מעשהלע דאָס איז דער „בראשית", שבתי בעל-שם אין אַנדערע ווונדער-געשיכטן זענען פאָלקס-דיכטונגען, דער ערשטער פאָלקס-דיכטער איז ר' נחמן פון ברעסלאוו מיט זיינע זיבן בעטלער.

עס האָט אויך ערוואַכט און פאַרלאַנגט עפּעס פאַר זיך די יידישע פרוי, דאָס יידישע ווייבל, דאָס יידישע מיידל. און עס באַווייזן זיך „ווייבערשע ביכלעך". פון עברי-טייטש ווערט אַ „מאַמע-לשון"...

און צוויי שפּראַכן האָט נאָך דאָס יידישע פאָלק. אַ שפּראַך פאַר לומדים אין בית-המדרש: תורה-לשון, גמרא-לשון; און דאָס צווייטע פאַרן „המון" און פאַר דער יידישער טאָכטער...

נאָר פון דעם וואָלט נאָך קיין „יידיש", קיין יידישע שפּראַך נישט געוואָרן. דאַן באַווייזט זיך דער יידישער אַרבעטער, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און שאַפט זיך זיין אינסטרומענט פאַרן קאַמף פאַר זיין לעבן, זיין אַרבעטער-קולטור אויף יידיש. דער אַרבעטער באַגנוגנט זיך נישט מיט תחנות און תפילות פון דער ווייבערישער שול, און נישט מיט ווונדער-געשיכטן פון הינטערן אויוון און קלויז, ער וויל און מוז זיך אויסלעבן אויף יידיש. און עס באַווייזט זיך דאָס יידישע בוך אין דער יידישער שפּראַך...

דאָס אַלץ וואָלט אונז דאָך נישט צוזאַמענגערופן; אויב מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלערליי לענדער און שטאַטן צו פּראָקלאַמירן אונזער יידיש אַלס גלייכבאַרעכטיקטע שפּראַך צווישן אַלע שפּראַכן, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען אַ פערטן סאָציאַל-פּאָליטישן וועלט-מאָמענט.

דער שטאַט, וועלכן מען פלעגט אָפּפערן קליינע און שוואַכע פעלקער, ווי פאַרצייטן קינדער דעם מולך, דער שטאַט, וואָס האָט צוליב די אינטערעסן פון די הערשנדע קלאַסן און פעלקער געמוזט אַלץ ניוועלירן, אויסגלייכן: איין אַרמיי, איין שפּראַך, איין שול, איין פּאָליציי און איין פּאָליציילעך רעכט,—דער שטאַט פאַרלירט זיין גלאַנץ.

דער רויך, וואָס פלעגט זיך אַזוי געדיכט און פעט וויקלען אַרום זיין מזבח, ווערט וואָס דינער און צעשטרייטער. דאָס „פאָלק", נישט דער שטאַט איז דאָס מאָדערנע וואָרט! די נאַציאָן, נישט דאָס פאָטערלאַנד! און אייגנאַרטיקע קולטור, נישט גרענעצן מיט יעגער באַוואַכן דאָס אייגנאַרטיקע פעלקער-לעבן...

און שוואַכע, אונטערדריקטע פעלקער ערוואַכן, און קעמפן פאַר

זייער שפּראַך, פאַר זייער אייגנאַרט קעגן דעם שטאַט, און מ"ר, די שוואַכסטע, האָבן זיך אויך אין די רייען געשטעלט!

דער שטאַט זאָל מער נישט פעלשן די פעלקער-קולטור, נישט מער פאַרניכטן אייגנאַרט און אינדיווידואַליטעט. אָט דאָס ווערט גע-רופן און געבלאָזן אין דער מחנה, און מיר שטייען שוין אין אירע רייען אונטער אונזער אייגענער פאָן, אין נאָמען פון אונזערע אייגענע קולטור-אינטערעסן.

מיר ווילן קיינעם נישט דינען, פעלקער-לאָקייען קאָנען קיין קולטור-גיטער נישט באַשאַפן, מיר טוען עס!

און דער בעסטער פּלאַץ פאַר אונזער פאַרזאַמלונג איז געווען בוקאָווינע, נעמלעך איר הויפּט-שטאָט, טשערנאָוויץ. דאָ, ווו עס לעבן צוזאַמען פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און פאַרשיידענע שפּראַכן — איז לייכטער אונזער וואָרט צו פירן. מיר שפּאַצירן פאַרנאַכט אין גאַס און פון פאַרשיידענע פענצטער פליסן אַרויס פאַרשיידענע שפּראַך-טענער, אַלערליי פעלקער-מוזיק, מיר ווילן אונזער פענצטער האָבן! אונזער זעלבשטענדיקן מאָטיוו אין דער פעלקער-סימפאָניע.

מיר ווילן זיך שוין נישט צעברעקלען און אָפּפערן יעדן מולך-שטאַט זיין בראָקן; איין פאָלק יידן. זיין שפּראַך איז — יידיש.

און אין דער שפּראַך ווילן מיר אונזער אוצר זאַמלען, אונזער קולטור באַשאַפן, אונזער נשמה וויטער וועקן, און קולטורעל זיך פאַרייניקן צווישן אַלע לענדער און אין אַלע צייטן.

און נישט נאָר צוזאַמענרעדן זיך און זיך פאַר אַנדערע פּראָקלאַ-מירן זענען מיר געקומען, מיר ווילן צוזאַמען אַ ר ב ע ט ן. און איר וועט האָבן אַלערליי פאָרשלאָגן צו פּרוכטבאַרער אַרבעט, אָבער צוויי פון זיי מוז איך אַלס די וויכטיקסטע דערמאָנען פאָרויס: זאָל יידיש ווערן אַן אַלגעמיין יידישע שפּראַך, אַזוי מוזן אין איר איבערגעטראָגן ווערן אונזערע אַלטע קולטור-גיטער פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט; זאָל אונזער יידיש ווערן צווישן אַלע וועלט-שפּראַכן אַ גלייכבאַרעכ-טיקטע שפּראַך, מוז זי צוגענגלעך ווערן דער וועלט.

מיר ווילן אייך דעריבער פאָרשלאָגן: די איבערזעצונג פון אַלע ווירקלעכע קולטור-גיטער פון אונזער גאָלדן-פרייער פאַרגאַנגענהייט, איבערהויפּט פון דער ביבל. און די טראַנסקריפּציאָן פון אונזערע בעסטע קולטור-גיטער אויף לאַטיינישע לעטערן. מיר ווילן מער קיין אומסימפּאַטיש לינקישע פאַרוועניע, קיין אויפגעקומענע עשירים נישט

זיין! קולטור איז אויך טראַדיציאָן! און מיר ווילן דאָס וואָרט צווישן די פעלקער פירן נישט דורך מעכאַנישע איבערזעצונגען, וואָס טויטן דאָס לעבעדיקע וואָרט.

מיר זענען געקומען ווייניק רעדן און מער אַרבעטן. איבערדעם בעטן מיר אַלע מער צו אַרבעטן (בייפאַל). מיר דאַנקען דעם דר. בירנ־בוים דערפאַר, וואָס ער האָט אונז צונויפגערופן, מיר דאַנקען דעם אַקאַדעמישן פאַריין „יידישע קולטור", וואָס ער האָט זיך געווידמעט דעם אידעאַל און האָט מיט אַלע זיינע כוחות צוגעהאָלפן אונזער קאָנ־פערענץ פאָרצובערייטן. און מיר מוזן אויך היינט געדענקען אָן יענעם גרויסן מאַן, וואָס איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן אין דער מאָ־דערנער, אייגנטלעכער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט אונז געשענקט די ערשטע קלאַסישע ווערק אין יידישער שפּראַך, און וואָס איז ליידער דאָ נישטאָ: אָן מענדעלע מוכר-ספרים! (שטאַרקער מינוטן־לאַנגער בייפאַל) איך דערלויב מיר צו שטעלן דעם אָנטראַג, אַז מען זאָל אים אינם נאָמען פון דער גאַנצער קאָנפערענץ אָפּשיקן אַ באַ־גריסונגס-טעלעגראַם (נאָך שטאַרקערער בייפאַל)".

ווי געזאָגט, זענען בעת דער קאָנפערענץ און נאָך איר איינגע־אָרדנט געוואָרן אין טשערנאָוויץ און אין אַ ריי שטעט אָוונטן, אין וועלכע ס'זענען אַרויסגעטראָטן אייניקע דעלעגאַטן פון דער קאָנפערענץ. אויף אָט די אַלע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען האָט דעם גרעסטן דער־פאָלג געהאַט פּרץ. ער האָט געלייענט זיינע זאַכן און אויך גערעדט וועגן דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. אין דעם גרויסן ליטע־ראַרישן אָוונט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין טשערנאָוויצער שטאָטישן טעאַטער אין דעם טאָג, וואָס די קאָנפערענץ האָט זיך גע־עפנט, האָט פּרץ געלייענט אַן אַקט פון דער „גאָלדענע קייט" און „פיר דורות — פיר צוואות". אויסער דעם אָוונט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אָוונט דורך די יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס ספּעציעל פאַר אַרבעטער. פאַר די אַרבעטער האָט פּרץ געלייענט „באָנציע שווייג", „דאָס שטריימל", — און דער אַרבעטער-עולם האָט אויפגענומען פּרצן מיט גרויס ענטוזיאזם, און יעדע זאַך רוישיק אַפּלאָדירט, ביז אַנטציקונג"[1].

באַגייסטערטע אויפנאַמעס האָט פּרץ געהאַט אין די אַלע איבע־

1) אברהם רייזען — „עפּיזאָדן פון מיין לעבן", „פריהייט", 15 מערץ 1928. — זע מיין אַרטיקל: „פּרץ און די טשערנאָוויצער יידישע שפּראַך-קאָנפערענץ".

ריקע שטעט פון גאַליציע און בוקאָווינע, ווו ער איז אַרויסגעטראָטן לטובת דער צענטראַל-ביורא פון דער קאָנפערענץ פאַר דער יידישער שפּראַך. אין אַ בריוו צו יעקב דינעזאָן שרייבט פרץ; „נאָך דער קאָנ-פערענץ פאָרט מען אַרום אין דער מדינה מיט די יונגען לעזן. ווייסט דו דאָך, אַז זיי לעזן, איך אָבער מוז אויך רעדן". פאָרלעזונגען זענען פאָרגעקומען אין דראָהביטש, באָריסלאַוו, טאַרנאָפּאָל, סטאַניסלאַוו, סכאָדניצע, סוטשאָווע, קימפּאָלונג, גורא הומארעס א. אַ. „ד"ר בירנ-בוימס וואָכנבלאַט" ברענגט קורצע באַריכטן וועגן איינציקע אָוונטן. „אין קאָלאָמיי, לייענען מיר דאָרט, איז פרץ אויך איינגעלאַדן געוואָרן דורך די פּ. פּ. ס. (פּאַרטיי פון פּוילישע סאָציאַליסטן). ער האָט געלייענט ביי זיי איינע פון זיינע סאָציאַלע סקיצן. ה' ד"ר שאָר האָט געהאַלטן אַ דייטשע רעדע, אויף וועלכער פרץ האָט אים געגעבן אַ גוטע תשובה". דעם 16-טן סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אין בוטשאטש אינם טעאַטער-זאַל „דער גרויסער דיכטער-אָוונט". „אַלס ערשטער איז אויפגעטראָטן, מיט גרויס התלהבות און בייפאַל באַגריסט, י. ל. פרץ". פרץ האָט גע-האַלטן אַ פאָרטראָג איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטע-ראַטור. דעם אָוונט אין דראָהביטש האָט פרץ געעפנט „מיט אַ פאָר-טראָג איבער דעם צוועק פון אָוונט". „זיין פאָרמפאָלענדעטע, שיינע און זייער בייפעליק-אויפגענומענע רעדע האָט ער געענדיקט מיט די ווערטער: מיר האָבן צוואַר אונזער אַלטע העברעישע קולטור-שפּראַך, וועלכע האָט פאַר זיך אפשר אַ צוקונפט; זי קען אָבער אוממעגלעך פון היינט אויף מאָרגן ווערן אַ פאָלקס-שפּראַך, און דאָס פאָלק באַדאַרף שוין היינט אַן אייגענע שפּראַך, כדי נישט מיטגעריסן צו ווערן מיט דעם שטראָם פון דער אַסימילאַציע. מיר מוזן זאָרגן פאַר דעם היינט, אויב מיר ווילן דערלעבן דעם מאָרגן".

וועגן איינער אַ פאָרלעזונג אין דער אַסימילירטער שטאָט באָריס-לאַוו דערציילט אברהם רייזען אין זיינע ערינערונגען. לכתחילה האָבן די דאָרטיקע רייכע און אַסימילירטע יידן אויפגענומען די געסט גאַנץ קאַלט. „נאַ צאָ נאַם טען זשאַרגאָן", — האָבן איינציקע געטענהט, איי-דער די פאָרלעזונג האָט זיך אָנגעהויבן. „האָט עס דערפאַרן פרץ... — און ווען דידאָזיקע רייכע דאַמען און הערן זענען שוין געווען אויס-געזעצט אין די ערשטע רייען, און עס האָט אַראָפּגעפינקלט פון זיי זייער צירונג... האָט פרץ אָנגעהויבן זיין רעדע".

„ער האָט אויסגעזען דאַן ווי אַ נביא... פון זיין מויל האָט ער

געוואָרפן פונקען. ער האָט געזידלט, אָדער, איידעלער, געטאדלט, די אינטעליגענטע נאַרישע אַריסטאָקראַטיע פאַר איר באַציונג צו יידיש, זי פאַרגליכן צו פאַרוועלקטע בלעטער אויף אַ בוים, אין דער צייט, ווען דער שטאַם איז פריש און זאַפטיק, און די וואָרצלען זענען טיף... ער האָט, אין בוכשטעבלעכן זין, געשוימט מיט אַפאָריזמען, געדאַנקען און שטראָף-רייד ווי אַן עמוס, ווי אַ מיכה... איך האָב געמיינט, אַז דאָס רייכע פובליקום וועט בייז ווערן, זיך באַליידיקן, אָבער וואו? ווען? איבערראַשט פון דערדאָזיקער פרצעס גלענצנדער רעדע אין פאָרם און אינהאַלט, אין פאַטאָס און שווונג, זענען זיי, נאָכדעם ווי ער איז אַ בייזער, ווי אַ נביא, אַראָפּ פון דער בימה — געוואָרן מילד ווי שאָף"...

---

IX

# וועגן דער יידישער ליטעראַטור

די רעדע, וואָס מיר גיבן דאָ ווייטער, איז געהאַלטן געוואָרן דורך פּרצן אין חודש יולי 1910 אין דובעלנער קורהויז. זי איז גע־דרוקט געוואָרן אין דעם טאָגבלאַט „די יידישע שטימע" (נומ. 1), וואָס איז דערשינען אין ריגע, אונטער דער רעדאַקציע פון בעל־מחשבות.

וועגן דעם מאַניר פון פּרצעס רעדן שרייבט, אגב, אין דער זעלבער „יידישער שטימע" ל. : „...פּרץ האָט געדאַרפט לעזן אַ רעפעראַט וועגן די נייע שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. פּרץ מוז אָבער [לויט זיין טעמפּעראַמענט זיך אַלץ אָפּנייגן פון דער טעמע... אין קאָפּ איז אַ גאַנצער זודיקער קעסל פון מחשבות – איין געדאַנק יאָגט אַריבער דעם צווייטן, איין געדאַנק ווערט אויסגעשלאָסן פון צווייטן. זיין שטייגער איז, אַז פאַרן רעפערירן צייכנט ער אָן אַ פּלאַן. וואָס ווייטער ווערט דער פּלאַן אָבער פאַרגעסן. אין די אויגן, וועלכע קוקן אַראָפּ פון דער בינע, זעט מען, ווי עס ווערן אַלץ נייע פייער־לעך אָנגעצינדן, עס שפּריצן פון זיי בליצן און רופן אַרויס ביים פּוב־ליקום אַ פלאַם פון באַגייסטערונג"...

פון דובעלן האָט, אַגב, פּרץ געשיקט אַ בריוול (30 יולי 1911) צו יעקב דינעזאָן, געשריבן אויף דער צווייטער זייט פון פּרצעס אַ פאָטאָגראַפיש בילד. אין בריוול שטייט געשריבן: „אַזוי זע איך דאָ אויס פאַר דער לעקציע. וואָס דערנאָך וועט זיין, ווייסט שרה בת טובים".

פּרצעס רעדע:

„עס וואָלט פיליכט קאָמיש געווען צו האַלטן אַ רעדע ויעגן אַ ליטעראַטור, וואָס איז אַזוי יונג און אַזוי אָרעם, ווי די יידישע. פאַר אַ רובל הונדערט, אויב נישט ווייניקער, קויפט איר איין אַלע אירע ווערק און שטעלט זיי אַריין אין איין, נישט זייער־גרויסן שראַנק. וועגן אַ ליטעראַטור, וואָס אירע שפּעטער האָבן נאָר איין מצבה אויפן

בית-עלמין (אייזיק מאיר דיק), און דער עלטסטער נאָך אים (מענדעלע) האָט ערשט נישט לאַנג גענומען אַן אָנטייל אין אַ ליטעראַרישן אָוונט אין אָדעס צוזאַמען מיט זיינע יונגסטע אוראייניקלעך. — מען דאַרף זיך אָבער נאָר איינקוקן אום איינצוזען, אַז יונג איז נאָר די שפּראַך; די קולטור אָבער, וואָס האָט זי אַרויסגעטראָגן, איז אַלט און רייך. דאָס פאָלק, דער שעפער פון דער קולטור, — דאָס עלטסטע פאָלק! זענען מיר אַ פאָלק?

פיל איז גערעדט און געשריבן געוואָרן פאַר און קעגן אונזער נאַציאָנאַליטעט. אין דער ווירקלעכקייט אָבער זענען מיר מער ווי אַ פאָלק. מיר זענען ראַסע, פאַמיליע; ריין בלוט זענען מיר! קליינע צומישונגען פון פרעמד בלוט ווערן לייכט אַסימילירט. ערב-רב, פרעמדע ווייבער, בפרט זעלטענע „יפת-תוארס" — האָבן קיין שפּורן אין יידישן בלוט נישט געלאָזן. די שפּראַך, דאָס לאַנד און אַנדערע אַטריבוטן פון אייראָפּעישע נאַציאָנאַליטעטן זענען ביי אונז נישט מאָכגעבנד. מיר בייטן לענדער און שפּראַכן, פליסן זיך אַריין אין פרעמדע עקאָנאָמישע סטרוקטורן און בלייבן אימער די זעלבע, אימער יידיש!

פעלקער פון געמישט בלוט, נישט פאַרייניקטע מיט לאַנד, שפּראַך און עקאָנאָמישע סטרוקטורן — זענען אוממעגלעך; פאַרשיידן בלוט און פאַרשיידענע קולטורן, פאַרשיידענע וועלט-אָנשויונגען, זיי קאָנען נאָר האַלטן און צייטווייליק, מעכאַניש צוזאַמענשמעלצן די אויסערלעכע אַטריבוטן, נעמט זיי צו, צעפאַלט דאָס פאָלק.

ריין בלוט איז רעליגיאָנס-איינהייט, וועלט-אָנשויונג. די יידישע ליטעראַטור איז דעריבער נאָר איין רינג אין דער קייט און דאַרף באַטראַכט ווערן נאָר אַלס מאָמענט פון דער אייביק-יידישער קולטור.

אָבער יידיש גענומען האָט דאָס וואָרט „ליטעראַטור" אַ גאַנץ אַנדערע באַדייטונג. דאָס איז שוין נישט דער ראָמאַן — די נאָוועלע, די סקיצע — דער טוראָגאַט פון לעבן, דאָס פעפער פון לעבן — די פאַרווײלונג. פאַר אונז איז קונסט נישט שפּיל; קיין מיטל אָפּצוטויטן די צייט, אָדער די מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן (מערסטנטייל: זיך אויסצוזינדיקן) אויסער די גרענעצן פון לעבן, אָדער אָן דער זייט פון לעבן. אויף יידיש איז קונסט, ליטעראַטור אַזוינס, וואָס שטייט איבערן לעבן און ציט עס צו זיך, וואָס שאַצט דאָס לעבן פון העכערן, אידעאַלן שטאַנדפּונקט און לויבט און שטראָפט עס.

ביי אונז איז דאָס „וואָרט" הייליק. די וועלט איז באַשאַפן

געוואָרן מיטן וואָרט. „ויהי אור״ — און עס איז געוואָרן ליכט! בעשרה מאמרות נברא העולם, און דין-וחשבון וועלן אָפּגעבן די, וועלכע צעשטערן די וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן מיטן וואָרט... אַ סך הייליקייטן זענען געווען... „ואין לנו שיור רק התורה הזאת״, — קלאָגט זיך דער ייד אין גלות. אָבער, באַקליידט אינם וואָרט, וואַנדערט מיט אים די „שכינה״ — דער הייליקער גייסט איבעראַל און לאָזט אים נישט אונטערגיין. נישט די פיזישע קראַפט — נאַציאָנאַל הייליק איז דאָס וואָרט, און זיין פירער — דער נביא. שמשון הגבור איז קוים אַ טראַגיש-קאָמישע פיגור, בר כוכבא איז ווייניקער ווערט פאַרן נס פון אַ פלעשל בוימל. און אין דער צייט פון דער איבערמאַכט פון גריכן און רוימער, און דעם ווילקיר פון זייער שאָטן, דעם יידישן קעניג — רעגירט דער פירער פון וואָרט — דער פרוש, דאָס סנהדרין און דערנאָך זייערע יורשים, די אויסטייטשער פון וואָרט. און משיח, וואָס דאַרף אויסלייזן די וועלט, איז דער שוואַכסטער, דער שטילסטער, וואָס טוט אַלץ מיטן וואָרט. נישט פאַר אונז איז „קונסט צוליב קונסט״, בשום קיין שפּיל איז דאָס וואָרט. עס איז און מוז זיין אונזער וועלט-אָנשויונג, אונזער רעליגיאָן, אונזער געוויסן...

און דעריבער, ווייל די יידישע ליטעראַטור זיין יידיש, — מוז זי עס זיין נישט נאָר אין דער שפּראַך, אין דער אויסערלעכער פאָרם פון וואָרט, זי מוז ווערן יידיש אין תוך, אין דער נשמה. אין פראָבלעם! זי מוז אויפהערן נאָכצומאַכן אייראָפּע, אויפלעבן און קלינגען מוז דאָס יידישע וואָרט, רענעסאַנס פון דער ביבל אַרויס, רענעסאַנס פון פראָפעטנטום אַרויס! זאָלן מיר בלייבן אייראָפּעישע נאָכמאַכער, באַשאַפער פון פאַרווײַלונגס-ביכער, דאַמען-פאַרווײַלער, — דינען מיר דער זעלבער אַסימילאַציע, קעגן וועלכער מיר שטרייטן, ווייל יידישקייט איז נישט אָפּהענגיק פון לאַנד און שפּראַך, יידישקייט איז רעליגיע, וועלט-אָנשויונג, — ריין בלוט!

אַזוי האָט באַדאַרפט זיין, עס איז אָבער אַזוי נישט געשען.

אויפן אָרט פון זיך אַליין צו אַנטוויקלען, די אייגענע נשמה אויסצושטראַלן, האָט מען זיך גענומען צום נאָכמאַכן. נישט אומזיסט, אויב אַ יידישער שריפטשטעלער ווערט באַקאַנט, זאָגט מען: עס האָט זיך באַוויזן אַ יידישער טשעכאָוו. עס גייט אַ יידישער מאָפּאַסאַן... עס קומען אויך יידישע שעקספּירס, זיי דערגייען נאָר נישט. ענג און נישט לופטיק איז אונזער שטוב געווען, אַ פענסטער אין אייראָפּע אַריין

אויפרייסן האָט מען געמוזט, נייע קולטור־ווערטן ווערן באַשאַפן, עוואָ-לוציאָנערע פּאָרשריטס-מאָמענטן זענען מעגלעך נאָר ביים צוזאַמענטרעפן זיך פון פאַרשיידענע קולטורן, פון פאַרשיידענע אָבער גלייכבאַרעכטיקטע. דעמאָלט קומט צו אַ קעגנזייטיקן איינפלוס. צו אַ קעגנזייטיקער באַ-פרוכטונג און ביידע פראָגרעסירן... ביי אונז איז עס אָבער, ליידער, עטוואָס אַנדערש געשען. און דאָס האָבן מיר די „גרים", די צו אונז צוריקגעקומענע, צו פאַרדאַנקען. אַ שמחה איז געווען, אַ פרייד: אונזער יוגנט קומט צו אונז צוריק, פאַרפרעמדטע, רייכע, פרעמד-דערצויגענע קרעפטן קומען צוריק צו דער אָרעמער „כנסת ישראל" און ווילן איר דינען. דער דינסט איז אָבער גאָר איינגאַנצן אָן שאָדן נישט געווען. פאַרן צוריקקומען איז געווען „מענדעלע". און געהאַט האָט ער פאַר זיך אַ גרויע, טויב-שטומע גאַס, מיט אָדער אָן קאַרטאָפל... אָן איין גרויסן געדאַנק, אָן איין גרויסן חלום, אָן איין פּערזענלעכקייט, און אַזוי האָט ער געמאָלט, ער האָט קיין מענטשן נישט געזען, נאָר שטעט-לעך, מאַרקן, הקדשים, בתי-מדרשים און דג"ל.

דערנאָך האָט אויפגעלעבט די יידישע גאַס, פאָנען אויפגעהויבן, בלוט האָט געפלאָסן, תפיסות זענען פול געוואָרן און גרויסע חלומות זענען געווען...

האָבן זיי זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַטור? האָט דער יידישער קינסטלער זיי דערפילט און זיך אַלס קינסטלערישע פּראָבלע-מען געשטעלט?

ניין... אויסער בראָשורן און טענדענץ-ביכלעך — קיין איין קינסטלעריש ווערק... ביי זיין בעסטן ווילן, פולסטן האַרץ מיט יידישע בענקשאַפט און ברענענדיקסטן מיטלייד צום יידישן פאָלק האָט ד"ר הערצל, דער פון דער פרעמד צוריקגעקומענער, נישט געקאָנט טאָן פאַרן יידן און אין יידישקייט, פאַר דער נאַציאָן, נאָר פאַר די... וואָס ווילן אָבער קענען זיך נישט אַסימילירן! און די לינקע זייט? זי קומט און פּרעדיקט אידעען פון אַ קינפטיקן סאָציאַלשטאַט, אַלס עטוואָס-פרעמדס, נישט יידישס... יידיש — מאַכט זיי נישט קאַלט, נישט וואַ-רעם, די יידישע נאַציאָן איז געשטאַנען אויסער דער גרענעץ פון די ווירקלעכע אינטערעסן! פון דעם אַזוי פאַרפרעמדעטן מאַטעריאַל האָט די יידישע נשמה נישט געקענט וועבן, און דער יידישער קינסט-לער איז אַזוי אין דער, ווי אין יענער באַוועגונג, מיט האַרץ נישט אַריין.

יידישקייט איז נישט לאַנד און נישט שפראַך. אָן יידישקייט און נישט צוליב יידישקייט — איז עס געצן-דינעריי. עבודה-זרהס.

די אייניקונג פון יידן איז הגם נישט אין דער שפראַך, אַבער אויב יידיש איז דאָס איינציקע וואָרט, אויף וועלכן מיר קאָנען וועקן דאָס פאָלק, דאַן מוזן מיר רעדן יידיש, דענסטמאָל וועט זיך דער ענגלישער ייד שוין במילא לערנען זשאַרגאָן.

די שפראַך איז נאָר אַ הילפסמיטל. האָב איך נאָך נישט וואָס צו זאָגן, טאָר איך נישט זאָגן דעם אַנדערן — לערן יידיש. עס מוז אָנהייבן צו וואַקסן דער יידישער דיכטער, דער יידישער געדאַנק, די פאָרם וועט שוין במילא קומען. און דאָס וואַקסט!.. מיר האָבן נאָך נישט קיין אייכן, קיין דעמבעס, אָבער ווען זיי וועלן שוין זיין, וועט קיין שפראַך-פראַגע נישט עקסיסטירן.

איר ווייסט, אַז אין טשערנאָוויץ איז פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון יידישע שרייבער. מ׳האָט דאָרט געשטעלט די פראַגע: וואָס איז זשאַרגאָן — אַ נאַציאָנאַל אָדער אַ פאָלקס-שפראַך? מען האָט געענטפערט: אַ נאַציאָנאַל-שפראַך. נאָכגעבנדיק דער מערהייט האָב איך אויך אונטערגעשריבן די רעזאָלוציע. אָבער דערמיט האָבן מיר אַרויסגעזאָגט נישט דאָס, וואָס עס עקסיסטירט אין אמתן, נאָר דאָס, וואָס מיר ווילן, עס זאָל זיין. אָבער דערמיט טאָרן מיר נישט מיינען, אַז העברעאיש זאָל פאַרגעסן ווערן! וואָלט דאָס געשען, וואָלטן די ווייבער נאָר צאינה וראינה געקענט, אָבער מענער דאָס אויך נישט. מען וואָלט דעמאָלט אָפגעהאַקט געוואָרן פון דער פאַרגאַנגנהייט און מיר וואָלטן אָפגעהאָנגען פון צען-צוועלף דיכטער.

ווילן מיר אָבער, אַז די הערשנדע שפראַך זאָל זיין יידיש! האָבן מיר עס? — ניין...

נאָך מענדעלען איז אַרויס שלום-עליכם. מען זאָגט, אַז ער איז אונזער מאַרק טווען. מאַרק טווען דאַרף זיך געוויס דערמיט נישט באַליידיקן. טווען האָט פאַר זיך די גאַנצע וועלט, אָבער שלום-עליכם האָט נאָר פאַר זיך דעם יידישן קאָמיסיאָנער, דעם גרעסטן זוכם אין דעם קלענסטן שטעטל. שלום-עליכם איז שטאַרק, אָבער די סקיצן זענען אָרעם, ווייל אָרעם איז דאָס יידישע לעבן.

ביי דינעזאָנען אין אַ ראָמאַן דערציילט דער העלד זיין געליבטער וועגן פיזיק, — וויאַזוי אַנטשטייט אַ דונער אין אַ וואָלקן... ווי קומט דאָס? אַזאַ אָרעם געשפרעך צווישן צוויי ליבנדע נפשות?

ס׳איז איינפאַך: דאָס יידישע לעבן האָט בעסערס נישט געגעבן. גנבע־נען זיך אַריין אַנדערע טעמעס. איז עס גאָר גענומען פון פרעמדע פאָרמען. דער „גאָט פון נקמה״ איז דער יידישער גאָט געזען מיט גוישע אויגן. אַנדערע נייע מענטשן קומען צו, אָבער זיי געבן זיך צופיל אונטער פרעמדע פאָרמען, באַנעצן אַלץ מיט פרעמדע פּליסיקייטן. זיי ווילן שרייבן וועגן ליבע, אָבער קיינער האָט נישט געזען, ווי אַ יידישער בחור דערקלערט ליבע אַ מיידל. — — —

---

עס ליגן פאַר אונז צוויי וועגן. איין וועג קיין אייראָפּע, ווו די יידישע פאָרם דאַרף פאַרניכטעט ווערן, דער צווייטער וועג צוריק — צו אונזער אַמאָליקן, צו דער פאַרגאַנגנהייט. אין אַמעריקע איז אַרויס אויף יידיש: ביבל, שיר השירים... וועט אַזאַ בוך קומען צו אונז, אַריינדרינגען אין אונזער לעבן, וועט זיין גערעטעט דאָס יידישע לעבן.

איך קום יעצט צו אַ פּונקט, וועלכער פאַלט מיר באַטירלעך אויס אַמשווערסטן, ווייל איך מוז רעדן וועגן זיך. אין יידישן לעבן געפינען מיר דאָס פאָלקסטימלעכע, דאָס, וואָס דאָס פאָלק דערציילט וועגן זיך אַליין, דאָס חסידישע א. ד. ג. — וועט דער יידישער דיכטער נעמען די אַלע רייכטימער און באַאַרבעטן זיי דורך זיין אייגן גייסט (נישט אייראָפּעיש באַאַרבעטן), וועט דער יידישער מוזיקער אויפזוכן און באַשיינען די מעלאָדיען פון פאָלק, וועט זיין גוט. וועלן מיר באַ-קומען אַן אָנפאַנג פון אַ יידישער ליטעראַטור. אונזער הויז איז גע-בויט פון פרעמדע שטיינער, עס שטייט נאָך אָבער דערווייל לער. עס מוזן אַהין צוריקקומען די אַלטע יידישע פּראָפעטן, די עכט-יידישע אידעען, די יידישע וועלט-אָפּשאַצונג, דעמאָלט וועלן מיר ערשט באַ-קומען אַ טעמפּל. דעמאָלט וועט דאָס פאָלק ווערן פאַרייניקט, ווי צע-וואָרפן עס זאָל נישט זיין. רעדן מיר וועגן שטרעמונגען, מוזן מיר רעדן, ווי אַריינצופירן דעם יידישן שניט אין אונזער פאָרם.

נאָר אין אונזער ביבל, אין חסידיש, אין דער פאָלקסטימלעכ-קייט ליגט אונזער איינציקע שטרעבונג.

יידישקייט איז נישט לאַנד און נישט שפראַך — מיר זענען מער, ווי אַ פאָלק. ריין בלוט זענען מיר!״

---

X

# די אַרויסטרעטונגען אין ווילנע

פעברואַר 1912 איז פּרץ אַראָפּגעקומען קיין ווילנע לויט דער איינלאַדונג פון דער געזעלשאַפט „תורה תמימה", און פאַרבראַכט דאָרט דריי טעג. „דידאָזיקע יום־טובדיקע טעג – שרייבט מ. שאַליט[1] – זענען באַוווּסט אונטערן נאָמען „די פּרץ-טעג אין ווילנע"... „אַזעלכע זוניקע טעג, ווען אונזער גרוי לעבן איז געוואָרן באַשיינט און באַלויכטן, און יעדער און אַלץ האָט מיטגעטאַנצט און מיטגעזונגען, האָט שוין אונזער ליטעראַטור מער נישט איבערגעלעבט אין דער אַלטער ווילנע". פּרץ האָט דאַן געלייענט אַ רעפעראַט אויף דער טעמע „די יידישע ליטעראַטור" אין זאַל „פילהאַרמאָניע". ס'זענען געווען באַגריסונגען, אַדרעסן. ס'זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן באַנקעטן לכבוד פּרצן. פּרץ האָט אויך באַזוכט די פּורים-פאַרוויילונג, וואָס די ווילנער יידישע געזעלשאַפט פאַר קינדער־פאַרזאָרגונג האָט איינגעאָרדנט אין זאַל פון „פילהאַרמאָניע" בייטאָג. אויף דער פאַרוויילונג זענען גרעסטנטייל געווען אָרעמע יידישע קינדער, פאָלקס־קינדער. פּרץ האָט געהאַלטן פאַר די קינדער אַ רעדע, וואָס איז געווען פול מיט ליבע צו אָט די קינדער. ער האָט אויך פאַר זיי פאָרגעלייענט זיין מעשהלע „שרה בת טובים".

„צום גליק – שרייבט מ. שאַליט – זענען פאַרצייכנט פּרצעס מערקווירדיקע, טיפע, גייסטרייכע ווערטער און געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ שפע אין די פאָר טעג."

„עס זענען געווען בליצן און דונערן, וואָס האָבן אויפגערודערט די מוחות. אָפטמאָל פאַראַדאָקסאַל, אָפטמאָל נישט דערענדיקט, אָפטמאָל בלויזע פונקען פון געדאַנק, שפריצן פון גייסט, – איז פּרצעס רעדע, אינגאַנצן גענומען, געווען אַ זעלטן-שיינע דורכדרינגענדיקע, גלענצנדיקע, און די סתירות, וועלכע האָבן דאָ און דאָרט זיך דורכגעוואָרפן אין

[1] „ליטעראַרישע בלעטער", 1925, נומ' 49—50

דער רערע, האָבן אין זייער אייגנאַרטיקער פראַכט פאַרבלענדט מיט זייער שאַרפקייט.״

משה שאַליט ברענגט פרצעס רעדעס אויף דער פאָרלעזונג און אויף דעם באַנקעט, ווי זיי זענען דורך אים, שאַליטן, פאַרצייכנט געוואָרן.

— „...די יידישע ליטעראַטור — האָט געזאָגט פרץ — האָט זיך אַנטוויקלט אויף גאָר אַ באַזונדערן אופן.

בעת די אַלע איבעריקע ליטעראַטורן זענען געגאַנגען פון אויבן אַראָפּ, גייט די יידישע ליטעראַטור פון הינטן אַרויף.

די יידישע ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן פון פאָלק, פון זיינע נידעריקסטע שיכטן, אַלץ גייענדיק העכער און העכער, שטרעבנדיק ביי היינטיקן טאָג צו באַפרידיקן די גייסטיקע באַדערפעניש פון דער אינטעליגענץ.

בעת דער נערוו פון דער אור-אַנטוויקלונג פון די איבעריקע ליטעראַטורן איז געווען — פאַרוויילונג, איז דערדאָזיקער נערוו ביי דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור געווען — נוצלעכקייט.

צוויי פאַרשיידענע וועגן.

וועלכער וועג איז בעסער? נאַטירלעך, קען נישט געשטעלט ווערן די פראַגע. נאָר די מאָראַלישע אָפּשאַצונג איז דאָך וויכטיק. די ליטעראַטור, וואָס גייט פון אויבן אַראָפּ, גייט פון פאַרוויילונג צו נוצלעכקייט, אין דער צייט, ווען אונזער ליטעראַטור איז אויסגעוואַקסן פון די שיכטן, וועלכע האָבן געדאַרפט ברויט און וואַסער, ליכט און וואַרעמקייט, דאָס איינפאַכסטע, מענטשלעכע. דעריבער איז זי די דערהויבנסטע און מענטשלעכסטע, דעריבער, אויב איר הערט אין גאַס דאָס פרעכע ליד, זייט וויסן — דאָס איז נישט יידיש.

דאָס יידישע בוך איז נישט געווען קיין פאַרוויילונג, קיין בוך צום איינשלאָפן, דאָס איז נישט געווען קיין סוראָגאַט. די ליטעראַטור האָט אַנדערע צילן און צוועקן: ערנסטקייט — דאָס דאַרף זיין דער סטימול פון דער יידישער ליטעראַטור. ווי ווייט דאָס געשעט נישט, איז עס נישט יידיש.

אָנהויבנדיק פון פאָלק, האָט די יידישע ליטעראַטור לויט איר עצם נישט געקענט זיין אַנדערש פאַרן פאָלק, ווי די טרעגערן פאַר אים פון נוצלעכקייט, נויטווענדיקייט, גייסטיקן ברויט, איינציקן און אויסשליסלעכן, ווייל זי איז די ערשטע געקומען צו אים אויף זיין שפּראַך, אויף דער שפּראַך פון פאָלק.

אָן פאָלק איז קיין ליטעראַטור נישטאָ.

אין דער געשיכטע פון פעלקער איז נישטאָ קיין פאַנטאַזיע. וואָס ס'האָט געמוזט ווערן, איז געשען. ווער האָט געמוזט אָנערקענען יידיש אַלס שפּראַך? דאָס זענען געווען די עלעמענטן, וואָס האָבן קיין אַנדער שפּראַך נישט געהאַט.

צוויי עלעמענטן האָבן געשפּילט די גרעסטע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך. די יידישע פרוי און דאָס חסידות. פאַר דער יידישער פרוי איז קיינמאָל נישט געווען קיין זשאַרגאָן, פאַר איר איז די שפּראַך תּמיד געווען — יידיש.

די יידישע פרוי איז געווען די הייליקע היטערין פון איר איין־איינציקער שפּראַך. זי האָט אויסגעוויינט אויף דער שפּראַך איר נשמה אין די תּחינות. זי האָט זיך אויף דער שפּראַך באַהעפט מיט דער גייסטיקער וועלט אין צאינה וראינה, זי האָט אויף דער שפּראַך פאַרוויגט איר קינד און געזייט אין זיין נשמה די ערשטע זוימען פון ליבע און איבערגעבנקייט צו זיין פאָלק.

דאָס חסידות, אַלס אמתע פאָלקס־באַוועגונג, האָט אַנדערש נישט געקענט ווי באַזירן אויף דער שפּראַך פון פאָלק.

אין חסידות איז דאָס העברעישע געוואָרן אַן איינפאַכע איבערזעצונג פון יידיש. אַלע יידישע שפּראַך־פאָרמען זענען דאָרט געווען. דער חסידיזם, וואָס איז געווען פאַרן פאָלק, האָט געמוזט אָנערקענען די יידישע שפּראַך, ווייל די יידישע מאַסע האָט שטענדיק גערעדט יידיש, האָט קיין העברעיש נישט געקענט, ווייל זי האָט נישט געלערנט קיין תּורה. זי פלעגט גיין אין קהל־שטיבל, אַ פאַריאָגטע, פאַרהאַוועטע. זי האָט קיין העכערע געדאַנקען נישט געהאַט. אָבער די פינסטערע, הונגעריקע, פאַראַרבעטע מאַסע הויבט אָן צו שפּירן אַ לעבנס־דורשט, אַ דורשט צו פרייערע געדאַנקען, פרייערע געפילן, און ווען זי וועקט זיך אויף, מוז זיך אויפוועקן די יידישע שפּראַך.

דער חסידיזם האָט זיך געהאלטן אויפן פאָלק. און די שפּראַך, אויף וועלכער מען האָט גערעדט צום פאָלק אמתן, האָט געדאַרפט זיין פאַרשטענדלעך אַלעמען, ד. ה. יידיש.

מען דערציילט וועגן קאָצקער רבין, אַז איינמאָל, געברויכנדיק אין זיין רעדע די פראַזע: „וואָס איז אמת?" האָט ער זיך גלייך געכאַפּט און פאַרריכט: „וואָס איז וואָר?" ד. ה. ער האָט נישט

געוואָלט באַנוצן אין זיינע דרשות קיין איין נישט-יידישן וואָרט, ווען אַפילו דאָסדאָזיקע וואָרט איז העברעיש...

די נאַציאָנאַל-פראַגע פון דער שפּראַך איז די ברענענדיקסטע פראַגע אין יידישן לעבן.

האָבן מיר, אָבער, שוין אַ נאַציאָנאַלע יידישע ליטעראַטור?

אין דער יידישער ליטעראַטור פעלן מאַסן, צייט, עפּאָכן. איר פעלט דאָס גאַנצע מיטלאַלטער פון יידישן לעבן. איר פעלן קלאַסן. ס'פעלט דער היסטאָרישער ראָמאַן.

אין פוילן און ליטע זענען באַשאַפן געוואָרן יידישע שריפט-שטעלער: עס וואַקסט אַ נייע יידיש-אַמעריקאַנישע ליטעראַטור. מיר האָבן אָבער נאָך נישט געוואָרפן די בריק פון וואַרשע — ווילנע קיין ניו-יאָרק. ווילן מיר שטיין אויפן שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנעלער לי-טעראַטור, מוזן מיר אַריינגעמען די ביבל, דאַן האָבן מיר אַ קרוין פון שאַפונג.

מיר דאַרפן ברענגען די יידישע ליטעראַטור צו אַזאַ הויך, אַז אַנדערע ליטעראַטורן זאָלן זיך נויטיקן אין איר.

מיר מוזן באַשאַפן דעם סינטעז, די מעטראָפּאָליע. מיר מוזן זען ס'קינפטיקע לעבן.

האָבן מיר אָבער קיין שולן נישט. ווען די שולן זענען נישט יידיש — זענען זיי קעגן יידיש.

אַז מען ווייסט, וואָס עס פעלט, ווייסט מען ווי עס צו דער-גרייכן. דאָ האָט געטראָפן אַן אַנדער אומגליק — מען האָט אונזערע אינטעליגענטן אַרויסגעטריבן פון די הויך-שולן, זענען זיי געקומען צו אונז און פעלשן די יידישע מוזיק, דאָס יידישע טעאַטער, די יידישע קונסט. זיי פעלשן די יידישע שטרעבונגען און שטימונגען. אַלס מענטשן, וואָס האָבן פאָרמען גענומען, סטרוקטורן געשאַפן, אָבער נישט יידן זענען זיי צו אונז געקומען. זיי זענען געקומען צו אונז מיט פרעמדע נשמות אין זייער יידישן גייסטיקן טלית־קטן, און דאָס האָט אונז פאַרדראָסן!

דער גרויסער יידישער קינסטלער, וואָס דאַרף נאָך קומען, וועט דאַרפן זיין אַ גאַנצער ייד, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך די פאַרגאַנגנהייט פון פאָלק מיט אַלע זיינע האָפנונגען אויף דער צוקונפט. די ליטעראַטור וועט דאַרפן אַרומנעמען אַלע שיכטן, אַלע

קלאַסן, אַלע טיילן פון גאַנצן יידישן פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט. זי וועט דאַרפן זיין אַ גאַנצע, איינציקע, אַלץ-אומפאַסנדיקע.

גלויבן איז נויטיק, דער גרויסער גלויבן אין דער לעבנס-פעיקייט פון אונזער פאָלק. אָבער נישט קיין טעאָריעס דאַרפן מיר. נישט קיין פּלאַטפאָרמעס, נישט קיין פּראָגראַמען, אַז מיר יידן זאָלן ווערן ענלעך אויף כל הגויים!

די יידישע ליטעראַטור דאַרף ווערן אַ נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, וואָס איז כולל דאָס גאַנצע לעבן פון גאַנצן פאָלק. און אַזאַ וועט זי ווערן!"...

„מער אינטים — דערציילט וויטער מ. שאַליט — האָט פּרץ גע-רעדט אויף די באַנקעטן.

ענטפערנדיק אויף די באַגריסונגען און רעדעס, האָט פּרץ ווי אַנטוויקלט זיין קרעדאָ.

ווענדנדיק זיך צו א. דרויאַנאָוו, רעדאַקטאָר פון „העולם", וועלכער האָט באַגריסט פּרצן אויף העברעיש, האָט פּרץ געזאָגט:

— „ארץ-ישראל האָב איך ליב מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה, איך חלום צו באַזוכן דאָס לאַנד, זיין דאָרט, אָבער פאַרבלייבן אין ארץ-ישראל — דאָס וויל איך נישט. העברעיש איז אונזערס, די נשמה פון יידיש — איז זיין העברעישער אינהאַלט, אָבער רעדן אויף העברעיש אויף אַ פאַרזאַמלונג, ווו די מערהייט פאַרשטייט מיך נישט, וואָלט איך נישט...

צו אייך, ציוניסטן געהער איך נישט...

און אויך צו די טעריטאָריאַליסטן געהער איך נישט. די יידן איז נויטיק אַ טעריטאָריע, זוכט און געפינט זי, אָבער בויט נישט קיין טעאָריעס, ציט נישט אָפּ דאָס פאָלק פון זיינע לעבעדיקע באַדער-פענישן , רייסט אים נישט אָפּ פון שאַפונג. קוקט נישט אויף דאָס יידישע לעבן דורך אייערע שוואַרצע ברילן... נישט אין דעם נויטיקט זיך דאָס פאָלק...

איך געהער אויך נישט צו די דעמאָקראַטן, צו די פון זיי, וואָס זעען די גאַנצע רעטונג פון פאָלק אין דער דערגרייכונג פון דער פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג.

איך געהער, אפשר, יאָ צו דער יוגנט, צו דער נייער, וואַקסנ-דיקער יידישער יוגנט, וועלכע איז בלב ונפש איבערגעגעבן צום

יידיש-נאַציאָנאַלן לעבן אין זיין ג ײ ס ט י ק ן אינהאַלט, אין אינ-האַלט פון קולטור, גייסט, גלויבן, אידעאַל, שאַפונג !...

און איך געהער אויך, געוויס, גיכער צו די „יידישיסטן״, אָבער דער, וואָס מיינט, אַז מ׳קען זיין אַ יידישער שרייבער, נישט קענענ-דיק העברעיש, דער האָט אַ טעות...״

אויפן צווייטן באַנקעט, צווישן די חב״ים און קאָלעגן, האָט פרץ ווידער גערופן צו ג ל ו י ב ן און שאַפונג — און שטרענג אָנגע-וויזן, אַז אָן גלויבן האָבן מיר, יידישע ש״ייבער, קיין באָדן נישט פאַר שאַפונג, און אונזער גאַנצע אַרבעט האָט קיין זין נישט...״

## XI

# איף א פּאָרוואַל-פאַרזאַמלונג

ס'איז אפשר געווען דאָס ערשטע און איינציקע מאָל, ווען פּרץ איז אַזוי ליידנשאַפטלעך אריינגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטישן קאַמף. עס איז געווען די וואַל-קאָמפּאַניע צו דער פערטער רוסלענדישער גאָסודאַרסטוועננע דומע, אין וועלכער פּרץ האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און אַפילו פיגורירט אַלס וואַלמאַן (וויבאָרשטשיק). אין „היינט" (1912 נומ. 224 פון 1-טן אָקטאָבער) געפינען מיר אַ באַריכט פון פּרצעס אַ רעדע, געהאַלטן אויף אַ פּאָרוואַל-פאַרזאַמלונג אין וואַרשע:

„איך, למשל, — הויבט אָן פּרץ — בין קיין אַסימילאַטאָר נישט, האָב מיין ווינקעלע אין „היינט", און בין קעגן יאַצקאַנען.

יאַצקאַן שרייבט: „די טראַגעדיע פון די וואַרשעווער יידישע וואַלן"; איך זאָג: עס איז אַ טראַגי-קאָמעדיע!...

עס איז טראַגי-קאָמיש, וואָס ביזאַהער ווייניקסטנס, האָבן די יידישע וואַל-קאַמפּאַניע אין וואַרשע געפירט אָדער די, וואָס גלויבן נישט אין יידישן לעבן אין דער פרעמד, וואָס קוקן אויפן יידישן לעבן אין גלות דורך שוואַרצע ברילן, און, פון דער צווייטער זייט, די אַסימילאַציע, וואָס גלויבט נישט אויף איר אייגן רעכט אויף לעבן, — וואָס זוכט דעם טיטל אויף אין אַ בוזעם-טאַש, וואָס האָט גאָרנישט אין זיך. און אַלץ אויסער זיך, ווייניקסטנס, אויסער דעם יידישן פאָלק, וואָס זיי פאַרטרעטן און אפשר איז דער „פּ אַ ר" איבעריק, „ט ר ע ט ן" איז גענוג...

ס'איז דאָ נאָך אַ מנין וואַל-מענער.

דאָס זענען די אַלטע קאָנסערוואַטאָרן, וואָס שלעפּן זיך נאָך דער אַסימילאַציע, און אַז זי הייסט, שפּייט מען אויף דער דומע!

עס קענען זיין יידישע לעבנס-פראַגן אין דומע, פון דער יידי-שער טשערטא ביז ביילים, אָבער, אַז די אַסימילאַציע הייסט, פאַרפאַלן: דער חסידישער צילינדער-הוט שפּייט אויף דער דומע.

די האָבן געפירט; דער ייד, דער פּשוטער ייד, וואָס בויט דאָ אויפן אָרט און וואָס וויל דאָ אויפן אָרט זיין שטעטל באַשטיין, דער האָט געשוויגן, דער איז נישט אָרגאַניזירט און איז אָן זיין ווילן. עס ווערט אַלץ אָפּגעטון מכלומרשט אין זיין נאָמען!

איך אַליין וויל רעדן אין נאָמען פון פּשוטן ייד; פון אַ ייד, וואָס וויל, איבעראַל ווו ער איז, זיין שטעטל באַשטיין: וואָס ווייסט גאַנץ באַשטימט און קלאָר, אַז לעבן איז קאַמף און ער קעמפט פאַר זיין לעבן...

וואָלט ער אָרגאַניזירט געווען, וואָלט צו קיין טראַגי-קאָמעדיע נישט געקומען. באַקומען אַ מערהייט, אין פּאָליטיק איז מערהייט — געזעץ. אין מערהייט דער מיטל אויף רעכט, ווײַלט מען אַ ייד! ס'איז דאָך אַזוי פּשוט, אַזוי איינפאַך. האָבן אָבער דאָס רעדל אַנדערע געפירט, האָט מען דערפירט צו אַ טראַגי-קאָמעדיע.

שטייען זיך אַקעגן צוויי פעלקער: אַ פאָלק פון האָנאָרנע שליאַכטע און מיר, יידן, דאָס אַזוי-גערופענע קרעמער-פאָלק. גייט דאָס קרעמער-פאָלק און זאָגט זיך אָפּ פון אַלעם גוטן און דערלאַנגט אַלס מתּנה לעשיו זיין וואַל-רעכט. נאַריש, אָבער נאָך נישט קרעמעריש, און דער שליאַכטשיץ, וואָס האָט איבער דער גאַנצער צייט געהאַנדלט אין פּע-טערבורג ווי אַ קרעמער, און נישט נאָר אונז, נאָר אויך דעם שטאָלץ פון זיין פאָלק פאַרקויפט, פאַרשאַכערט, — וויל מיט אונז קרעמער נישט האַנדלען און דערלאַנגט אונזער מתּנה מיטן פוס.

נאָר איך בין נישט אַהערגעקומען מאַכן אַ סעצעסיע. וואָס געשען איז געשען. מען האָט זיך אין אונזער נאָמען אָפּגעזאָגט פון אַ יידישן קאַנדידאַט, אונזער אייביקער „גוטער פריינט" שוויענטאָכאָווסקי זאָגט. אַז עס איז פון אונזער זייט פיין און איידל! מאַכן מיר די „גוטע מינע" צום שלעכטן שפּיל און זאָגן זיך אָפּ — פאַרפאַלן!

האָט מען אָבער אונזער מתּנה מיטן פוס דערלאַנגט, און די אַסימילאַציע זאָגט „אַבסטינענציאַ"! טרעט איך אַרויס אויסשליסלעך קעגן דער אַבסטינענציע, קעגן אָפּהאַלטן זיך פון די וואַלן.

וואָס פאַר אַן אויסריידן מען זאָל נישט געבן, איר וועט נישט פאַרדרייען דעם אמת, דעם פּשוטן אמת:

מען וואַרפט אויף אונז אַ פחד! מען שרעקט מיט פּאָגראָמען! און די שרעקיקע ווילן זיך אָפּהאַלטן! אָבער נישט נאָר ביי די וואַלן צו דער דומע ווערט גענוצט דאָס אַלטע געווער; דאָסזעלבע כּלי-זיין האָט מען גענוצט ביי די וואַלן צו אונזער אייגן היימישן קהל! נישט נאָר ווען עס גייט, וויאַזוי עס זאָל אויסזען די „פּוילישע שטוב״ (סטשעכאַ), נאָר אויך אין דער פראַגע, ווער עס זאָל זיין גבאי אין אונזער קהלשער שטוב, ווער עס זאָל אונזערע אָרעמע שפּייזן, אונזערע מתים באַגראָבן, האָט מען געזאָגט: קלויבט אונזערע משרתים, אַז נישט... און דאָס, מיט דער הילף פון באַנקיר-שטימען, האָט געהאָלפן!... מיז דעריבער צום אַלעם ערשטן אָפּגעוואָרפן ווערן די שרעק. שרעק איז אַ שלעכטער יועץ. מען מוז קלאָר מאַכן די פּאָליטיש-סאָציאַלע לאַגע.

וועט מען אונז שלאָגן?

איך ווייס נישט. דער „קוריער-וואַרשאַווסקי״ פאַרזיכערט, אַז ס'פעלן אים די אינסטיקטן צום שלאָגן. די לינקע זאָגן זיי לאָזן נישט שלאָגן. דער רעוויזיאָווי זאָגט: מען וועט נישט שלאָגן!

נאָר אויב שלאָגן, רבותים, שלאָגט מען דעם געבויגענעם, וואָס לאָזט זיך שלאָגן...

די ריטער-צייט און איר מאָראַל, די צייט פון דאָן-קיכאָטס, איז פאַרביי. מען שלאָגט ליגנדע און נאָר ליגנדיקע — אָבער אַנטיסעמיטיזם, דער פיינער, וואָס שמייסט נישט, ער נעמט דעם ביסן צו פון מויל.

און דעריבער זאָגט מען: רייצט נישט! דאָס פּוילישע פאָלק איז אַדרבא ואדרבא. לעבט און לאָזט לעבן! גיט אייך אונטער, האָט איר אַלע פרייהייטן, די גאַנצע פולע גלייכבאַרעכטיקונג. לאָז נאָר דער אַנטיסעמיטיזם שלאָפן, וועקט אים נישט.

איך האָב פיינט דאָס וואָרט „אַנטיסעמיטיזם״. עס איז אַ גראָבער ליגן, נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם. סעמיטן — טערקן און אַראַבער — זענען קענן אונז גלייך מיט די אַריער, גיבן אונז אַזויפיל מאַנדאַטן, ווי זיי!

איך קאָן אויך נישט ליידן דעם שקר פון טובות אויס לויטער גוטהאַרציקייט, כּל-זמן דער אַנטיסעמיטיזם שלאָפט...

לעבן איז נישט לעבן לאָסן!

מען גיט נישט. אין לעבן מוז מען נעמען, אין לעבן מוז מען

פּאַר אַלץ באַצאָלן. מען גיט אַמאָל, נאָר פרעמדס. גיט אַ קעניג „רעכט", „גלייט-בריוו", „גראַמאָטעס" אויפן חשבון פון אַדל, גיט דער אַדל רעכט און גראַמאָטעס אויפן חשבון פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג – וואָלט די ליבעראַלע בורזשואַזיע געגעבן רעכט אויף אַרבעט אין פאַבריק – לײדער, קוים איז אויפגעשטאַנען די פאַבריק, האָט זי שוין, די בורזשואַזיע ווייניק וואָס צו זאָגן! ניין, ליבע צוהערערס, אייגנס גיט מען נישט. אייגנס איז אַ קאָנקורענץ-זאַך!

האָט רעגירט דאָס דאָרף, האָט מען אונז געדאַרפט פאַר דער שטאָט. געלט האָט מען געברויכט, האַנדל און געווערב האָט געפעלט! אַ קליין ביסל פּויליש פאָלק האָט געקאָנט שמייסן, און דער רוב – אונטער די ריטער אַרבעטן אין פעלד מיט אַ הילצערנעם אַקער!

קאָנען ביידע נישט באַשאַפן קיין מיטלשטאַנד, קיין האַנדל און קיין געווערב. האָט מען פרעמדע גערופן. דייטשן, אויך אונז! מיר זענען געקומען, מער קיין היים נישט געהאַט!

היינט שפּרייזט דאָס דאָרף מיטן קליין-אַדל און פויערן אין שטאָט אַריין, מיר דאַקעגן אין דאָרף אַריין קאָנען נישט; דערפאַר האָט שוין דאָס געזעץ געזאָרגט. איז אַן איינזייטיקע קאָנקורענץ! עס ווערט ענג! ווי גוט דער פּאָליאַק זאָל נישט זיין, דעם ביסן פון מויל רייסן מוז ער!

יאָ ווילן, נישט ווילן! די עקאָנאָמיש שוואַכע פון אונז מוזן און וועלן אָפּטרעטן, מוזן עמיגרירן; די עקאָנאָמיש שטאַרקערע, גאָר שטאַרקע האָבן מיר נישט, וועלן זיך מוזן אָרגאַניזירן, פאַרטיידיקן און מיט דער יידישער איינגעשפּאַרטקייט איבערלעבן און זיגן!

דאָס, און מער קיין נייעס איז נישט געשען. רעדט נישט פון אַנטיסעמיטיזם.

האָט זיך געענדערט די באַציונג, איז דאָס פאָלק אַנדערש געוואָרן. די פּוילישע פּרעסע אויף דער גאַנצער ליניע קעגן אונז – איז עס נישט קיין פראַגע פון ליבשאַפט און האַס, פון ליבשאַפט און נקמה!– מען האָט אונז גאַנץ באַשטימט ליבער, ווייניקסטנס ווייניקער פיינט, ווי דעם „זשיד ניעווירני" אַמאָל, אין די עקאָנאָמיש בעסטע צייטן.

געענדערט האָט זיך וואָס:

כל-זמן אַ פּאָליאַק האָט געהייסן צער האָבן, ווייגען אויפן גלות פון ד״ר פּוילישער שכינה, פּראָטעסטירן (אין דער היים שטיל, אין

אויסלאַנד הויך) קעגן אונטערדריקונג, האָט מען אונז זייער גערנוויליק ערלויבט דעם טיטול פּאָליאַק.

יידעלע, קלאָג! שריי-מיט! האָסט אויך אויערן אין אייראָפּע, און וואָס שאַדט עס? זאָג קינות אויף אונזער גלות אויך!

הייסט אָבער אַ פּאָליאַק אַזוינער, וואָס האַנדלט און וואַנדלט און בפרט אַזוינער, וואָס דאַרף זיך פאָרען ביי דער קאַסע פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג, איז „פּויליש” נישט נאָר טרערן און קרעכצן, נאָר אויך מאַכן הוצאה והכנסה אויפן קהלשן חשבון אין שטעטל — ברידערלעך, טרעט אָפּ! איר זענט זרע אברהם, יצחק ויעקב, מאַכט קיין קונצן נישט.

דאָס איז דער קלאָרער אמת, דער אָפענער איין-און-דרייסיק.

און די אַסימילאַציע ווייסט נאָר איר שפּראַך:

— ניע דראַזניטש! שווייגט, נוצט אייער רעכט נישט אויס. לייגט אייך ווי די לעמעלעך, אַ געשמאַקע זאַך. מען וויל געקוילעט ווערן ווי כפרות אין דער שטילער נאַכט.

מען פאַרציילט, אין פּעטערבורג, אין אַ רעסטאָראַן, האָבן זיך געטראָפן אינספּעקטאָרן פון שולן, וואָס זענען געקומען „באַמיען” זיך צו פאַרבעסערן זייער לאַגע מיט גרויסן געהאַלט און „טשינעס”.

זיצט מען, טרינקט מען און מען רעכנט אויס זכיות...

נאַטירלעך: דער טיטול אויף זכיות זענען מיר! דער האָט פעסט אָפּגעהיט די נאָרמע. דער צווייטער האָט זי נאָך פאַרקלענערט, דער דריטער, נאָך מער בריה, אַ צירקולאַר פון מיניסטער באַקומען, צוצונעמען אַ יידן — און נישט גענומען:

וואָן!

שטייט אויף נאָך איינער:

נישט אַזוי כשר האָט ער פאַרדינט אַ „וולאַדימיר”, צו אַן „אַננאַ” אָדער ח״י גדולים הוספה. ער האָט גאָר אין שולע קיין יידן נישט. דאָס האָט מען שוין פאַר אים געטאָן. ער האָט א דערפינדונג געמאַכט: אַ מאַשין צום שמייסן, מען דאַרף נישט צולייגן קיין הענט.

אונזער אַסימילאַציע האָט אַ גרעסערע דערפינדונג געמאַכט: זי האָט זיך אַליין אָפּגעשמיסן.

„מיר זענען פּאַליאַקן! און ווען אַלע פּאָליאַקן זאָלן עס לייקענען — מיר פילן, מיר זענען און — אבסטינענציע: מיר יידן ווילן נישט!”

נאָר פאַרוואָס האָט זי גענאַרט, דעם אמת נישט געזאָגט? מיר לעבן נישט אַזוי נאָענט מיט דער „שליאַכטע", מיר לעבן אונזער אָפּגעזונדערט יידיש לעבן, מיר האָבן געקאָנט אַ טעות האָבן, אָבער זיי? אַזוי נאָענט, אַזוי קנעפּל בקנעפּל, אַזויפיל אין דער משפחה! ביי איין טיש, אָפט אין איין בעט — זיי האָבן דאָך שטענדיק דעם אמת געהערט — פאַרוואָס האָבן זיי געשוויגן, נישט אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז די גאָלדענע צייט פון טובות און ליבשאַפט איז אַוועק? אַז יענע ווילן עסן? פאַרוואָס האָבן זיי נאָך געוואָלט אונז אָנרעדן, אַז שולדיק זענען ציוניסטן, ליטוואַקעס און יאַצקאַן, — אַ׳–ניט — אַ גן-עדן! פאַרוואָס האָבן זיי אונז נישט דערציילט דעם אמת, אַז די שליאַכטעס זענען קרעמער געוואָרן.

מיר קענען מיט מענטשן, וואָס פאַרהוילן דעם אמת, בפרט מיט אַזוינע, וואָס שמייסן זיך אַליין, נישט גיין! אַפילו נישט שווייגן מיט זיי צוזאַמען! מיר דאַרפן ווילן, קעמפן דאַרפן מיר — מיר זענען דאָ און קעמפן דאָ. קוכאַרזשעווסקי שפּאַצירט איבער וואַרשע, מיר — אויך! אַרבעטן, אַרבעטן מיר נישט ווייניקער פאַר אייך.

ער וויל וואַרשע אָפּשטעלן אויף סקאַרגאַ און סטאַשיץ, וואָס זייערע שאָטנס באַגעגענען אים אויפן שפּאַציר. מיר מוזן פאַרקערט, מיר מאַכן וואַרשע באַוועגלעך, טרייבן זי ווייט אַוועק פון די שאָטנס, מיר מאַכן אַפילו די שווערע הייזער באַוועגלעך, סחורה מיד ליד. און געווערב און האַנדל און אינדוסטריע האָבן אונז פיל, זייער פיל צו פאַרדאַנקען...

קוכאַרזשעווסקי טרעפט אויף זיין שפּאַציר פלעצער, ווו דאָס אַלטע האָט געגלאַנצט מיט טויזנט חן, ווו סטאַשיץ האָט אונז געהאַלטן פאַר היישעריקן און סקאַרגאַ פאַר פאַרשאָלטענע. מיר טרעטן אויף דיזעלבע פלעצער, נעמלעך אויף די, פון וועלכע מען האָט אונז געטריבן, און ווו מ׳האָט אונזערע זיידעס און באָבעס געשמיסן, און די „טומולט-פּלעצער", און די ראָגאַטקעס מיטן „טאָג-צעטל". נאָר ווען קוכאַרזשעווסקי וויל די שאָטנס רופן צוריק, טרייבן מיר וואַרשע — אַלץ ווייטער, און אויף נייע וועגן.

און אויב קוכאַרזשעווסקי האָט געהערט ווי אַ ייד פרעגט אויף דער אַלטער שטאָט:

— ווי טייער איז אן אייל ערד?

האָב איך געהערט גויים פרעגן:
— ווו איז דאָ אַ קאַבאַרעט? ווו אַ פריילעך הייזל?

— — — — — — — — — — — — — — — —

„י. ל. פרץ — דערציילט דער באַריכט-אָפּגעבער אין „היינט" — ענדיקט זיין רעדע מיט דעם אויפרוף:
„מיר ווילן ווײַלן!
די פאַרזאַמלטע האָבן דעם רעדנער געמאַכט שטורמישע אָוואַציעס."

## XII

# אַרויסטרעטונגען אין „הזמיר"

די באַדערפעניש אין אַן אודיטאריע וואַקסט ביי פּרצן אַלץ-מער און מער. פּרץ הייבט אָן אַרויסצוטרעטן אין „הזמיר" מיט פאַרשיידנערליי רעפעראַטן, אין „הזמיר" לייענט ער פאָר אָפטמאָל זיינע ניי-אָנגעשריבענע זאַכן. פּרצעס פאָרלעזונגען רופן אַרויס גרויס אינטערעס ביים עולם, עס שאַפט זיך אַ קרייז פון פּרצעס צוהערער-פאַרערער. שפּעטער, אָנהויב 1914, ווען דער „הזמיר" האַלט ביי גוססן, ווערט פּרץ אַריינגעצויגן אין דער פאַרוואַלטונג, ער ווערט אַפילו אויסגעקליבן ווי דער פאָרזיצער פון „הזמיר"-קאָמיטעט. לויט זיין איניציאַטיוו ווערן אין „הזמיר" איינגעאָרדנט ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס קומען פאָר יעדן מאָנטאָג. די אָוונטן האָבן געטראָגן דעם נאָמען, וואָס איז דערנאָך זייער פּאָפּולער געוואָרן — די „קעסטל-אָוונטן". אויפן פּרעזידיום-טיש איז געשטאַנען אַ קעסטל, וווהין דער עולם האָט אַריינגעוואָרפן אַ צעטעלע, אַ פאָרשלאַג איבער וועלכער פילאָזאָפישער, געזעלשאַפטלעכער אָדער ליטעראַרישער טעמע מ׳זאָל רעדן. פאַר פּרצן דעם אימפּראָוויזאַציע-רעדנער זענען אָט די אומגעריכטע דערוועקטע פראַגן באַזונדער רייצנדיק געווען. פּרץ האָט געהאַט די מעגלעכקייט פאַנאַנדערצעפּינקלען מיט אַלע זיינע ליכט-בליצן אין אָט די אָוונטן.

„פּרצעס פאָרלעזונגען — דערציילט ד"ר ג. לעווין[1] — האָב איך קיינמאָל נישט פאַרפעלט. איך פלעג שטענדיק באַוווּנדערן די לייכטקייט, מיט וועלכער ער האָט גערעדט. איז אים אויסגעקומען איבערצוחזרן איינע און דיזעלבע פאָרלעזונג עטלעכע מאָל — איז דאָס שטענדיק

1) ג. לעווין — „פּרץ — אַ ביסל זכרונות" ז. 108 און ווייטער. —




צו פרצעס טעטיקייט אין „הזמיר" — קאַריקאַטורן:

1) געצייכנט פון י. טונקעל, 2) געצייכנט פון ח. גאָלדבערג.

געווען אַ שפּאָגל-נייע פאָרלעזונג: דיזעלבע טעמע, דערזעלבער אינהאַלט, אָבער די פאָרם גאָר אַן אַנדערע. צוויי מאָל דאָסזעלבע האָט פּרץ קיינמאָל נישט גערעדט. צו די פאָרלעזונגען האָט זיך פּרץ אוודאי גאַנץ ווייניק פאָרגעברייט און אָפּטמאָל גאָרנישט. ער פלעגט שטענדיק רעדן אויסנווייניק". אגב, גיט איבער ד"ר ג. לעווין, אַז „פאַר זיינע פאָרלעזונגען אין „הזמיר" האָט פּרץ מערסטנטייל נישט גענומען קיין שום האָנאָראַר", עס פלעג בלייבן אין דער קאַסע פון „הזמיר" שיינע עטלעכע צענדליק רובל, און „אונזער קאַסירער נחמיה פינקעלשטיין האָט די הענט געריבן פון גרויס שמחה", און „אויב ער האָט פון צייט צו צייט יאָ גענומען עטלעכע רובל, האָט ער זיי אַוועקגעגעבן דינעזאָנען פאַר נויטבאַדערפטיקסטע ליטעראַטן".

אין דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע פון יאָר 1913 — 1914 געפינען מיר פאָלגנדיקע ידיעות וועגן די פּרץ-פאָרלעזונגען אין „הזמיר":

אַ ליטעראַרישע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער פּרץ וועט רעפערירן איבער דער שמד-באַוועגונג; אַ פאָרלעזונג פון פּרצן אויף דער טעמע „ליטעראַטור און קריטיק"; אַ גרויסע ליטעראַרישע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער פּרץ וועט רעפערירן איבער „די רעליגיעזע און אַנטירעלי-גיעזע שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור"; אַ פאָרלעזונג פון י. ל. פּרץ, וועלכער וועט לייענען זיינע נאָך־נישט געדרוקטע זאַכן; אַ פאָרטראָג „די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט". וועגן פּרצעס אַרויסטרעטונ-גען אויף די קעסטל-אָוונטן: „וועגן גאָטהייט"; „די יידישע פּרעסע"; „צי קאָן זיין נאַציאָנאַליזם אָן רעליגיע"; „וואָס איז אָפּטימיזם און פּעסימיזם"; „ווי אַזוי מאַכט מען ניחא דאָס לעבן פון דער יוגנט?"; „וואָס פעלט דער יידישער ליטעראַטור?". וועגן פּרצעס פאָרלייענען זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", זיין איבערזעצונג פון „שיר השירים"; פּרצעס רעדעס אויף די אָוונטן לכבוד שלום-עליכם[1]; אחד-העם און דוד פרישמאַן[2]. —

פּרץ איז זייער אָפט אויך אַרויסגעטראָטן אין די דיסקוסיעס איבער פאַרשיידענע רעפעראַטן. אָט דערציילט דער „היינט" 1913 נומ. 6: „אַלס ערשטער פון די אָפּאָנענטן (נאָך בעל-מחשבותעס פאָר-

---

1) די רעדע לכבוד שלום-עליכם איז אָפּגעדרוקט אין אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ XVI, ז. 71—75.

2) די רעדע איבער דוד פרישמאַן איז אָפּגעדרוקט אין מיין אַרטיקל „פּ־ץ און פרישמאַן".

לעזונג װעגן דער יידישער ליטעראַטור) איז אַרויסגעטראָטן י. ל. פּרץ. שיין, װי שטענדיק, נאָר אויך סיסטעמאַטישער און לאָגישער, װי שטענדיק, האָט פּרץ אַרויסגעזאָגט זיין קרעדאָ װעגן קונסט אין אַ לאַנגער, הייסער רעדע. פּרץ גלויבט ערשטנס נישט, אַז אין דער יידישער ליטעראַטור איז אַ קריזיס און אַז קיין נייס װערט נישט געשאַפן די לעצטע צייט. נאָר בכלל איז ער נישט מסכּים מיט ה׳ בעל-מחשבות אין דעם באַגריף װעגן קינסטלער און דיכטער. דער קינסטלער, לויט פּרצעס מיינונג, װעט קיינמאָל נישט געבן דעם אָביעקט, פאַר אים עקזיסטירט נישט די זאַך אַן און פאַר זיך, נאָר אַזוי װי ער אַליין זעט זי. דער יידישער קינסטלער װידער קאָן געבן נאָר דאָס, װאָס איז דורכאויס יידיש. װאָס איז אייביק אין יידנטום. ס׳איז דעריבער פאַלש, װען מען זאָגט, אַז דער סוחר דאַרף פאַרנעמען דעם פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור. פאַר דעם נביא איז דער סוחר אַ גנב, פאַר דעם דיכטער — אַ ליגנער. אמת איז פאַר אים נאָר דאָס, װאָס איז פאַרבונדן מיט זיין „איך״ און מיט דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט״.

---

XIII

# וועגן דער שמד-באַוועגונג

אין „היינט" 1913 (נומ. 89) לייענען מיר פאָלגנדיקן באַריכט וועגן דער פאָרלעזונג פון פּרצן אויף אָט דער טעמע.

„שוין לאַנג — ווערט דערציילט — האָט דער „הזמיר" נישט גע־האַט אַזאַ גרויס פּובליקום אויף אַ פאָרלעזונג און אַזאַ אָנגעשטרענגטע אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס פון די צוהערער, ווי אויף דער פאָר־לעזונג פון י. ל. פּרץ וועגן דער שמד-באַוועגונג ביי יידן.

אין דער ערשטער העלפט פון זיין פאָרלעזונג האָט פּרץ דער־ציילט וועגן די משומדים, וועלכע ער האָט פּערזענלעך געקענט.

אין מיין לעבן — האָט פּרץ אָנגעהויבן — האָב איך קענען גע־לערנט עטלעכע משומדים. צוויי געדענק איך פון מיינע קינדער-יאָרן אין מיין שטעטל זאַמאָשטש. איינער איז געווען אַ סטרוזש, אַ שכּור, אַן איינפאַכער גוי און אַ קאַריקאַטורישער מענטש. ער איז געווען אַ קאַנטאָניסט, נאָר יידיש האָט ער אַ וואָרט נישט געקענט און קיינמאָל וועגן זיין אָפּשטאַמונג נישט גערעדט. און פּלוצלינג איז ער איינמאָל אין צושטאַנד פון שכּרות, אַוועקגעפאַלן אין מיטן גאַס, אויסגעשריען „שמע ישראל" און געשטאָרבן. דער צווייטער איז געווען אַ פעלשער, אַ יונג מיט ביינער, אַ לעבנסלוסטיקער און געזונטער ייד, וועלכן עס האָט עפּעס געצויגן צו „זיי" און ער האָט זיך געשמדט.

שפּעטער האָב איך אין פּעטערבורג זיך באַקענט מיט דעם באַ־וווסטן העברעישן דיכטער שאַפּירא, דאָס איז געווען אַ צעריסענע, צעקאַליעטשעטע נשמה. ער האָט שטענדיק מיטגעפילט די יידישע צרות און יעדן טאָג געזאָגט, אַז אָט מאָרגן איז ער זיך מגייר. נאָר

פון דער צווייטער זייט האָט ער אויך פיל רעות געטאָן יידן. איך האָב אויך געקענט אַ צווייטן משומד, דעם דעמאָלסדיקן יידישן צענזאָר אין פעטערבורג, לאַנדוי, אויך אַ צעריסענע נשמה, וואָס האָט שטענדיק געבענקט נאָך איר רו. זיין הויז איז תמיד געווען אַ בית-מקלט פאַר די אַלע יידן, וואָס האָבן אין פעטערבורג קיין וווינרעכט נישט געהאָט, און ווען איך בין צו אים איינמאָל אַריינגעקומען אין תשעה-באב, האָב איך אים געטראָפן זיצנדיק אויף דער ערד אין די זאָקן, און הייסע טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן.

וואָס אַנבעלאַנגט דער שמד-טעאָריע, גלויבט נישט דער רעפערענט, אַז די באַוועגונג זאָל האָבן עפּעס אַ שטיקל אידעאַלן גרונד. מען שמדט זיך נאָר צוליב קאַריערע, און אַ סימן האָבן מיר, אַז אין די לענדער, ווו עס עקזיסטירט נישט קיין קאַריערע-מאַכעריי, ווי שווייץ, למשל, שמדט מען זיך זייער ווינציק. די גרעסטע צאָל משומדים איז אין רוסלאַנד, ווו יידן ווערן שטאַרק געיאָגט און ווו די יוגנט האָט נישט קיין פרייען צוטריט צום מלוכה-לעבן. די לעצטע צייט האָט זיך אין פוילן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע שמד-באַוועגונג און דאָס איז דערפון, וואָס צווישן די פּאָליאַקן און יידן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַנט. פרעגט מען די אינטעליגענטע משומדים, פאַרוואָס זיי האָבן זיך געשמדט, ענטפערט איינער, אַז ביי יידן איז אים צו ענג געווען און ער איז אַוועק אַהין, ווו מען קאָן פרייער אָפּאָטעמען; אַ צווייטער ענטפערט, אַזוי ווי רעליגיעז איז ער נישט און אין קיין ספּעציעלער יידישער וועלט-אָנשויונג גלויבט ער נישט, גייט ער אַהין, פונוואַנען ער וועט קענען יידן גוטס טון. דאָס אַלץ זענען אָבער נאָר ווערטער, מיט וועלכע מען נאַרט זיך אַליין און מען בויט אויס אַ טעאָריע, כדי צו פאַרענטפערן די אייגענע פערזענלעכע אינטערעסן.

אין דער שמד-באַוועגונג באַשולדיקט פרץ אַלע יידישע פּאַרטייען. דאָס יידישע לעבן האַלט זיך איצט נאָר אויף פּאַרטייאישקייט, אָבער די אַלע פּאַרטייען ווילן נישט וויסן, אַז יידן האָבן אַ וועלטלעכן געדאַנק צו פאַרטיידיקן. יעדע פּאַרטיי קומט מיט איר אייגענער שיטה, איר עקשנות, און דאָס ברענגט דערצו, אַז די יידישע אינטעליגענץ האָט אַ געוויסע באַרעכטיקונג, ווען זי באַקלאָגט זיך, אַז דאָס יידישע לעבן באַפרידיקט זי נישט.

נעמען מיר די חסידים.

עס איז אויסגעוואָקסן אַ יידישע יוגנט, וואָס האָט געהאַט צום

לעבן גרויסע פּרעטענזיעס. אינדערהיים האָט מען זיי גערודפט, געטריבן, און פון דרויסן האָט זיי געצויגן די פרייהייט. איז די יוגנט צוגע־ווינט געוואָרן צום געדאַנק, אַז אַלץ, וואָס איז ערהאַבן, איז קעגן יידישקייט, און עס איז געשאַפן געוואָרן דער געדאַנק: „זיין אַ ייד אינדערהיים און אַ גוי אין דרויסן". מען איז געלאָפן צו אַנדערע לערנען געדאַנקען, זעען שיינקייט און אַזויערנאָך האָט מען זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון יידישקייט. און אויב דער מאַנספאַרשוין האָט נאָך געהאַט עטוואָס, וואָס האָט אים צוגעבונדן צו יידישקייט, איז די יידישע פרוי, אָן תורה און אָן מצוות, שוין אינגאַנצן אַנטלאָפן פון יידן. די חסידים האָבן דערצויגן די יידישע טאָכטער פאַרן פריץ, זי געלערנט די פוילישע שפּראַך, דערצויגן זי אין אַ פרעמדער קולטור, און ווען זי האָט חתונה געהאַט, האָט זי אויך אירע קינדער דערצויגן אויף פּויליש, קעגן יידישקייט.

אָבער אויך די איבעריקע פּאַרטייען האָבן גאָרנישט געטון קעגן דער שמד־באַוועגונג. מיר פאַרגעסן, אַז מיר לעבן מיט אַ שוואַכערן פּולס, ווי די קריסטלעכע וועלט. מיר זענען ערשט פרישע גרעזעלעך, מיר הויבן ערשט אָן שאַפן אַ ליטעראַטור, ווערנד ביי זיי זענען שוין דאָ גרויסע שטורעמדיקע ימים. און מיר לעבן נאָך דערווייל מיט פלאַגיאַט, מיט פרעמדס, מיר האָבן נאָך זיך נישט געפונען, מיר האָבן נאָך קיין אייגענע וועלט נישט געשאַפן און מען האָט אייגנטלעך נישט וואָס צו ענטפערן די משומדים, ווען זיי פרעגן, וואָס עס זאָל זיי צובינדן צום יידנטום. מיר דאַרפן – ענדיקט פרץ מיט זיין אַלטער אידעע – ווערן אַ משיח־פאָלק, מיר דאַרפן אונזער אייגענע וועלט־אַנשויונג שאַפן".

„צו די דיסקוסיעס וועגן דעמדאָזיקן אינטערעסאַנטן רעפעראַט – ווערט צוגעגעבן אין באַריכט – האָבן זיך פאַרשריבן אייניקע באַוווּסטע שריפטשטעלער, און די פאָרטזעצונג פון דעמדאָזיקן אינטערעסאַנטן אָוונט איז באַשטימט אויף היינטיקן שבת־צונאַכטס אין לאָקאַל פון „הזמיר". – אין נומ. 90 פון „היינט" ווערט איבערגעגעבן, אַז „י. ל. פרץ וועט מאָרגן פאָרטזעצן זיין אינטערעסאַנטן רעפעראַט וועגן דער שמד־באַוועגונג". קיין באַריכט וועגן דעם צווייטן העלפט פונם רעפע־ראַט איז, ליידער, נישט געגעבן.

XIV

# די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט

אויף אָט דער טעמע האָט פּרץ געהאַלטן יאַנואַר 1914 צוויי פּאָרלעזונגען אין „הזמיר". מיט דער ערשטער פּאָרלעזונג האָט פּרץ אָנגעהויבן זיין טיכטיקע אַרבעט אין „הזמיר", נאָך דעם, ווי ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון „הזמיר"-קאָמיטעט. „צו הערן דעם באַליבטן לעקטאָר — דערציילט „דאָס לעבן" (נומ. 22) — איז געקומען זייער אַ גרויסער עולם און פיל האָבן געמוזט אַוועקגיין אָן בילעטן". וועגן דער ערשטער פּאָרלעזונג דערציילט אונז דער „היינט", אַז זי „האָט זיך, ווי שטענדיק, אויסגעצייכנט מיט דער זייער-שיינער פאָרם און די ווערטער-בליצן, אין וועלכע זי איז געווען איינגעפּאַסט".

„געבנדיק פריער אַ לענגערע דיכטערישע באַצייכנונג פון דעם באַגריף פּערזענלעכקייט אין אַלגעמיין, האָט פּרץ אין דעם צווייטן טייל פון זיין פּאָרלעזונג גערעדט וועגן דער יידישער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט, דורכפירנדיק די אידעע, אַז דידאָזיקע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט מוז שטענדיק געפינען איר אויסדרוק ביי יענע, וואָס גייען אַוועק אַרבעטן אין פרעמדער קולטור, אַלס קעגנזאַץ די אַסימי-ליאַטאָרן, וועלכע פלעגן, אַרבעטנדיק צווישן פרעמדע פעלקער, זיך באַמיען צו באַקומען זייער גייסטיקע פיזיאָגנאָמיע, פאַרשטיקנדיק דאָס אייגענע נאַציאָנאַלע".

דער באַריכט-אָפּגעבער פון „היינט" קלאָגט זיך, „אַז די פאָר-שטייער פון דער פרעסע איז אוממעגלעך געווען צו פאַרצייכענען די פּאָרלעזונג, ווייל עס איז פּשוט נישט געווען ווו צו זיצן. עס וואָלט געווען זייער געוווּנשן — גיט ער צו — אַז אויף די קינפטיקע פּאָרלעזונגען

זאָל דער „הזמיר" זעען פאַרזאָרגן די פּרעסע-פאָרשטייער מיט אַ שטיקל פּלאַץ, כּדי די אינטערעסאַנטע פאָרלעזונגען זאָלן קאָנען אַרויסגעטראָגן ווערן אויך פאַרן ברייטן יידישן לעזע-פּובליקום".

די צווייטע פאָרלעזונג אויף דער זעלבער טעמע איז פאָרגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום. אין „היינט" 1914 (נומ. 30) לייענען מיר: „ביי אַן איבערגעפּולטן זאַל האָט י. ל. פּרץ זיין צווייטע פאָרלעזונג איבער „דער נאַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט".

„דאָס טעמא — דערציילט דער באַריכט-אָפּגעבער — טיילט ה' פּרץ אויף דריי מאָמענטן: די פּערזאָן בכלל, די פּערזענלעכקייט אַלס העכערער אינטעלעקט און די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט.

פּערזענלעכקייט איז אַ ריין-מענטשלעכער באַגריף און דערשיינט נאָר אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אָבער נישט צופעליק און אומבאַוווסטזיניק, נאָר אַלס רעזולטאַט פון אַ גרויסן היסטאָרישן וועג.

ווען מען זאָל אַ דערוואַקסענעם מענטשן באַווייזן זיין בילד אַלס וויג-קינד, וועט ער זיך נישט דערקענען, אָבער די הויפּט-ליניע, וואָס האָט געלעגט אַ שטעמפּל אויף זיין גאַנץ וועזן, וועט מען געפינען סיי דאָ, סיי דאָרט. און נישט קוקנדיק אויף אַלע ענדערונגען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער מענטש שטרעבט דורכצוברעכן אַ נייע ליניע אין לעבן, וויל אָפּרייסן אַלע פעדעם, וואָס פאַרקניפּן אים מיט זיין לאַנג-פאַרגעסענער קינדהייט, דאָך ווייסט דער מענטש זיין שטאַם, און פילט אַן איינהייט מיט זיין פאַרגאַנגנהייט, און דאָס קומט דאַדורך, ווייל מיר זענען באַשאָנקען מיט אַ זכרון, מיט אַ געדעכעניש, וואָס ליגט טיילווייז אין אונזער באַוווסטזיין, טיילווייז אַריבער דעם שוועל פון אונזער באַוווסטזיין, און דער לעצטער קניפּט אונז אומבאַוווסט צונויף מיט דער פאַרגאַנגנהייט, דער ערשטער — אינסטינקטיוו מיט דער צוקונפט.

און פּערזענלעכקייט איז די, וואָס לעבט איבער איר גאַנצע פאַרגאַנגנהייט, פילט זיך אַלס היסטאָרישער טייל, באַזיצט דאָס אינסטינקטיווע שטרעבן צו דער צוקונפט און איז אַפּפּולסטן אינדיווידועל אויסגעשפּראָכן אין אַלע הינזיכטן.

פּערזענלעכקייט איז אָבער נישט עגאָיזם.

מיט דעם נאָמען פּערזענלעכקייט באַצירן מיר דעם, ווער עס באַזיצט נישט נאָר אַ שטאַרקן ווילן, און אַ פלאַמענדיקן פאַרלאַנג, נאָר אויך אַ מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע הויך און קראַפט. די

פערזענלעכקייט מוז שטענדיק זיין אין קאַמף, נישט עררייכנדיק איר ציל, ווערט אויך איר גרויסקייט נישט געמינערט.

וועגן דער ראָלע פון דער פערזענלעכקייט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, צייגן די שפורן, די ווירקונג פון די היסטאָרישע פערזענ-לעכקייטן אויף דער אַנטוויקלונג פון רעליגיע, קולטור, פּאָליטיק און עקאָנאָמיק.

פאַרטונקלט איז נאָר געוואָרן די ראָלע פון דער נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט.

ערשט ביז נישט לאַנג האָט מען אַלץ פאַרלייקנט די נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט, טענהנדיק, אַז עס עקסיסטירן נאָר קלאַסן און נישט קיין נאַציאָנען. ווערנד נאַציאָנאַליטעט איז דאָס זעלבע, וואָס פער-זענלעכקייט. זי האָט אויך אירע היסטאָרישע וואָרצלען און מאָראַלישע באַגריפן און פאָרשטעלונגען אויף דער צוקונפט. און ווען אַ פאָלק שטראַלט, קעמפט און ליידט פאַר זיינע קינסטלערישע און מאָראַלישע אידעען, קאָן זיך נישט צופאַסן און וויל נישט צעפלאָסן ווערן צווישן אַנדערע פעלקער.

און נישט נאָר עס קעמפט, נאָר פאַלט זאָגאַר אין קאַמף, איז עס אַ סימן פון אַ נאַציאָנאַלער פערזענלעכקייט.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן אַ אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, אַ צו-זאַמענשמעלצונג פון ליטעראַטן, אַרבעטער, זאָגאַר מענטשן, וואָס גע-הערן צו פאַרשיידענע פעלקער און האָבן איינהייטלעכע קולטורעלע און רעליגיעזע אויפגאַבן, און אין דערזעלבער צייט וועט די נאַצי-אָנאַלע פערזענלעכקייט נישט טושירט ווערן, ווייל דאָס אומבאַוווסטע אין זיי שפּינט צונויף די ליניען פון דער פאַרגאַנגנהייט מיט דער פאָרשטעלונג פון דער צוקונפט און צייכנט אויס יעדע גרופּע אַלס טייל פון אַ נאַציאָן. און וויפל מען זאָל נישט שטרעבן צו פאַרליי-קענען זיך זעלבסט, קאָן מען פאָרט גאָרנישט עררייכן, ווייל סיי אינם פערזענלעכן, סיי אינם נאַציאָנאַלן ווירקט די פאַרגאַנגנהייט ביזן טויט.

נאָר מערקווירדיק: קיין איין פאָלק, ווי דאָס יידישע, ווייסט נישט אַזוי גוט זיין אייגענע פאַרגאַנגנהייט, און דאָך איז ביי אונז דאָס שטרעבן צו פאַרלייקענען זיך זעלבסט פיל שטאַרקער, ווי ביי אַלע פעלקער.

עס איז אָבער אַ חלום. אונזער פאַרגאַנגנהייט באַשטימט אונזער

צוקונפט, און מיר זענען די אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע פּערזענ-לעכקייט.

קוקט זיך צו: פעלקער האָבן טעריטאָריעס, מלוכות, שפּראַך, קולטור, און מיר זענען צווישן פעלקער, ווי אַ טראָפּן אינם אוקינוס, האָבן נישט קיין אייגהייטלעכע שפּראַך, קיין קראַפט, ווערן פון אַלע-מען גערדריקט, געשמאָלצן, און לעבן דאָך אַלס פאָלק.

אַלע אייראָפּעישע פעלקער זענען אַנטשטאַנען פון געמישטע שטאַמען, וואָס האָבן ביים שוואַכערן צווינגעריש פאַרשלונגען זיין שפּראַך, זיין קולטור, זיינע אידעען, און נאָך דעם אַלעם — צו זע-נען זיי שעפעריש אין דעם נאַציאָנאַלן זין, ווי מיר פאַרשטייען? ניין! רעליגיע האָבן זיי גענומען ביי אונז, געזעץ — ביי די רוימער, קונסט — ביי די גריכן, און דאָס אַלץ האָבן זיי צוגעפּאַסט צו זייער לאַנד, צו זייער כאַראַקטער, און דאָך האָבן זיך אויסגעבילדעט נישט קיין נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן, נאָר פאָרמען. און מיר האָבן אונזער לאַנד פאַרלוירן, און עקזיסטירן מיט אייגענע געזעצן, מיט אַן אייגע-נער רעליגיע און קולטור, מיט אייגענע מאָראַלישע פאָרשטעלונגען אויף דער צוקונפט, און נישט קוקנדיק אויף אַלע מיטלאַלטערישע און מאָדערנע שייטער-הויפנס, עקזיסטירן מיר דאָך אַלס נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט. און נישט ווייל מיר ווילן אַזוי, ניין! מיר זענען געצוווּנגען דורך אונזער אינערלעכן אינטעלעקט און אין דערזעלבער צייט שטרעבן מיר נישט, ווי דער עגאָיסט, צום מינימאַלן, נאָר צום מאַקסימאַלן.

פאַר אונז איז דאָס נאַציאָנאַלע נישט דער ענד-פּונקט, צו וועלכן מיר גייען, נאָר דער וועג, אויף וועלכן מיר גייען צום ווייטערדיקן. ווערנד דער אידעאַל פון די אייראָפּעישע פעלקער איז באַהערשן און בלייבן אַלס פאָלק אויך אין דער צוקונפט.

מיר אָבער אָנערקענען, אַז די געזעלשאַפט מוז געענדערט ווערן, און נישט באַצווינגעריש, נאָר דורך דעם גרויסן משיח-אידעאַל, דורך דעם נייעם וואָרט, וואָס וועט פּרייוויליק צונויפשמעלצן די גאַנצע וועלט און שאַפן דעם נייעם מענטש, די הויכע פּערזענלעכקייט.

אונזער אידעאַל איז איבער-נאַציאָנאַל, און קומען די יידישע נאַציאָנאַליסטן און שליסן אים איין אין אַ טעריטאָריע, אין אַ באַ-שטימטער שפּראַך, שמידן זיי אין קייטן די יידישע וועלט־אָנשויונג.

אונזער אידעאַל איז נישט פאַרשטאַרט צו ווערן אין באַשטימ־טע פאָרמען, נאָר אויסצוגיסן זיך איבער דער גאַנצער וועלט".

ביי די לעצטע ווערטער — ענדיקט דער באַריכט־אָפּגעבער — ברעכן אויס שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן, און זיי באַגלייטן דעם דיכטער פון דער טריבונע ביז צו דער טיר".

XV

# וועגן גאָטהייט

אין זיין גרעסערן אַרטיקל וועגן פרצן, גיט איבער א. קאַציזנע[1] וועגן דעם ערשטן „קעסטל-אָוונט" אין „הזמיר". ס'פליסן אַריין מצד די צוהערער פאַרשיידענע פראַגן. לסוף ווערט באַשלאָסן זיך אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע וועגן גאָטהייט. א. קאַציזנע דערציילט:

„פרץ נעמט דאָס וואָרט.

ער איז שטרענג־ערנסט. ער וואָרנט זיין אוידיטאָריע, אַז ער האָט פיל געטראַכט וועגן דער פראַגע.

די ערשטע פראַזן קומען לאַנגזאַם און שווער. עס פילט זיך די אָנשטרענגונג, מיט וועלכער פרץ באַמיט זיך די טעמפּע מידקייט פון זיין טאָגיקער אַרבעט אַראָפּצוּוואַרפן. זיין שטים קלינגט הילכיק האַרט — אַ האַמער אָן בלעך, אָבער עס לויפן פאַרביי די ערשטע פאָר מינוט, און עס אַנטפלעקט זיך פרץ אין זיין רעדע וועגן גאָטהייט, אַנטפלעקט זיך, ווי אַ פּרעכטיקע דערשיינונג.

פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונזער מאַמע-לשון אַזאַ גלענצנדיקע פליסיקייט, אַזאַ אויסדרוקס-קראַפט אין קורצן אַפאָריזם, אַזאַ שטאַרקער און האַסטיקער ריטם? פראַזן צינדן זיך אָן, בייטן זיך, ווי פייערלעך אויפן שוואַרצן עקראַן פון צוהערערס מח. לויטערע, צייטיקע געדאַנקען, פאַרענדיקטע, אָפּגעטאָקטע אין קורצע פראַזן, ווי סקולפּטור-מיניאַטורען פון גרויסע אידעען. בליצן פון טיפזין, אוממיטלבאַר געבוירענע נאָר-וואָס אונטער דער צונג, זיי מאַכן דעם איינדרוק פון נביאות, און אויפן גאַנצן וועג פון דער רעדע זענען ווי בלומען צעוואָרפן פּרעכטיקע בילדער-פאָרמען — פרישע, אַז די פאַרב איז

1) „די יודישע העלט", 1915, פרץ-בוך ז"ז 122—124

נאָך פ״כט. איך הער פרצן רעדן וועגן גאָטהייט, און מיר דוכט: איך האָב אים שוין לאַנג געהערט רעדן די זעלביקע רייד. און וועגן וואָס ע׳ זאָל נישט רעדן און ווען ער זאָל נישט רעדן — האָט נאָר זיין וואָ״ט אַ שייכות צו גייסטיקע וועלטן, — רעדט פרץ וועגן זיך, וועגן זיין וועלט-אָנשויונג, וועלכע שטאַמט אַרויס פון דער אוראַלטער יידישקייט, לויפט דורך די פאַרגאַנגנהייט און קעגנוואַרט, ווי אַ דאָרנדיקן וועג און פאַרלויפט אין דער ווייטסטער איבער-נאַציאָנאַליס-טישער צוקונפט. פאַרקערפערן זיך זיינע העכסטע עטישע אידעאַלן אין זיינע באַגריפן פון יידישקייט. ווערט ביי אים די צוקונפטס-וועלט יידיש. זעט ער יידיש-דענקנדיקע גייסטער אין דעם פילאָזאָף בערגסאָן, אין ראַבינדראַנאַט-טאַגאָר. זענען דאָס איינצלנע שטימען פון גייסטיקער נאָענטקייט. די גאַנצע וועלט אָבער איז באַ-הערשט פון נישט-יידישן געדאַנק. די וועלט האָט אים אין קאַמף פאַרשטופט אין אַן ענגן ווינקל. פרץ גלויבט אָבער אין זיין געווער. ער גלויבט, אַז דער יידישער געדאַנק מוז ווידער די וועלט באַהערשן. די צוקונפט-וועלט וועט זיין יידיש, ווייל אין יידישקייט, ווי פרץ באַנעמט עס, ליגט דער קערן פון אייביקער וואָרהייט.

— ווען אַלע גויים וועלן ווערן יידן — דאַן וועט דער אַנטי-סעמיטיזם אויפהערן.

נישט קיין פּאַראַדאָקס, נישט קיין רייד פון אַ פּאַרצייטיקן יידן. אין פרצעס מויל זענען דאָס ווערטער פון אַ גרויסן יידן.

...ווען איך הער פרצן רעדן וועגן אַ וויכטיקער פראַגע, ווען ער רעדט פון זיך אַרויס, פון זיין וועלט-אָנשויונג, דאַן פיל איך און איך זע פאַר זיך איינעם פון יענע געציילטע גרויסע גייסטער, וועלכע האָבן דורך דעם לאַנגן היסטאָרישן וועג געטראָגן פאַר דער צוקונפט די עטיק פון משה-רבינו. נישט זעכציק יאָר קוקן פון פרצס אויגן אַרויס — זעקס הונדערט יאָר און מער. דער גאַנצער הייליקער פלאַם פון אַ קדוש, וועלכער גייט מיט זיין גלויבן אין שייטערהויפן אַריין, די גאַנצע מיט בלוט געשריבענע, נאָר אין וואָרט נישט אויס-געדריקטע טראַגעדיע פון יידישן געדאַנק, פון דעם מלך אין קייטן — זיי לייען איך פון פרצס אויגן אַרויס, זיי הער איך אין זיין וואָרט קלינגען. ער שטרעקט אויס זיין האַנט און טרעפט אָן דער פריינטלעך אויסגעשטרעקטער האַנט פון יהודה-הלוי, דורך אים נאָך טיפער אין דורות אַריין, און עס ציט זיך די גאָלדענע קייט...

דערדאָזיקער פּרץ האָט איצט גערעדט וועגן גאָטהייט. אין דער פאַרכּשופטער שטילקייט פון זאַל האָט זיין האַרטע שטום פון גייסטיקן פלאָם געשמידט ווערטער. און פיין און ליכטיק איז געוועזן זיין באַ-גייסטערס גרויס געזיכט.

זיינע רייד האָבן באַצויבערט מיט זייער פאָרם און פאַרבלענדט מיט זייער בליץ. אָבער דער וועג פון זיינע געדאַנקען איז געבליבן האַלב פאַרהוילן. אַ טיפער געדאַנק קאָן זיך, בכלל, נישט אויפדעקן ביז צום גרונט. פּרצעס געדאַנק אָבער האָט נאָך די אייגנשאַפט אַרויס-צוזעצן פון דער פינסטערער טיפעניש, ווי אַ באַלויכטענער טורעם. איין טורעם, אַ צווייטער, אַ דריטער. איינער פאַרן צווייטן העכער און פרעכטיקער. און פון איינעם צום צווייטן איז קיין בריקל נישטאָ. פּרץ איז פויל אים צו בויען. אים איז קלאָר דאָס, וואָס פאַר דער אוידיטאָריע בלייבט אומקלאָר. זיין געדאַנק קאָן שוועבן. דער צוהע-רער מוז קריכן צופוס. און דידאָזיקע אייגנשאַפט, ווי אויך זיין טיפ-קייט שטערט פּרצן זיך פולקום אויפצוקלערן, זיך מאַכן פּאָפּולער פאַרן צוהערער.

רעכט פאַרשטאַנען, שלעכט פאַרשטאַנען — דער עולם איז אָבער דאָך אונטערן צויבער פון זיין וואָרט. און ווען ער ענדיקט זיין רעדע, ברעכן זיך די ווענט פון אַפּלאָדיסמענטן. פּרץ גיט זיך אַ האַסטיקן נויג מיטן קאָפּ אַלס דאַנק און זעצט זיך אַן אויפגערודער-טער פון גרויסן עקסטאַז"...

# זוכצעטל

## פּערזאָנען, ווערק און אינסטיטוציעס וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך

••••••••••••

# אינהאַלט

## בריוו פון י. ל. פּרץ

## רעדעס פון י. ל. פרץ

### פון זעלבן מחבר:

## נאָענטע און ווייטע

**ערשטער באַנד:** **צען יאָר** (אלגעמיינער סך־הכל); **פאַראַלעלן** (א. העברעיִשע און יידישע ליטעראַטור; ב. עלטערע און ייִנגערע יידישע ליטעראַטור; ג. פאָלקס־שרייבער און אינטעליגענטן־שרייבער); **חיים נחמן ביאַליק**; דוד בערגעלסאָן (א פאַר ווערטער; „נאָך אלעמען"; „אין א פאַרגרעבטער שטאָט"; „אָפּגאַנג"); **נאָטיצן** (רעליגיעזע און וועלטלעכע פאָלקס־מעשה; געשיכטלעכער שטאָף אין אונזער איצטיקער ליטעראַטור; אינהאַלט און פאָרם; וואו איז פרץ; אויף נייע וועגן).

---

## נאָענטע און ווייטע

**צווייטער באַנד:** מענדעלע מו״ס; י. ל. פרץ; שלום־עליכם; י. י. לינעצקי; מאָריס ראָזענפעלד; שלום אש; דוד פרישמאַן; מ. י. בערדיטשעווסקי; ה. ד. נאָמבערג; א. נ. גנעסין; י. ח. ברענער; י. אָפּאַטאָשו; שאול טשערניכאָווסקי; פרץ הירשביין; דער נסתר; ש. ניגער; א. ליטוואַק; בער באָראָכאָוו; יעקב פיכמאַן; ה. לייוויק; א. ראַבאָי; מנחם באָריישאָ; משה נאַדיר; עוזר ווארשאַווסקי; בייניש שטיימאַן; מלך ראַוויטש; י. י. זינגער; פרץ מארקיש; איזי כאַריק.

---

## נאָענטע און ווייטע

**דריטער באַנד:** גרייט צום דרוק.

---

## פ ר ץ

### זיין לעבן און שאַפן

(ארטיקלען און מאַטעריאַלן)

אין זאַמאָשטש; יוגנט־לידער; ערשטע ליטעראַרישע שריט און זיינע ערשטע קריטיקער; מאָניש (וואַריאַנטן); ערשטע יאָרן אין ווארשע; אין גמינע; פרץ און שלום־עליכם; פרץ און פרישמאַן; פרץ און דינעזאָן; פרץ און דאָס יידישע טעאַטער; אויף טשערנאָוויצער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ; אין „הזמיר"; פרץ און די ארבעטער; פרץ און די יונגע; די לעצטע יאָרן; פרץ און די יידישע שול; טויט, לוויה, אָפּקלאַנגען נאָכן טויט; וויכטיקע דאַטעס אין לעבן און שאַפן פון י. ל. פרץ; פרץ־ביבליאָגראַפיע; פרץ אין בילד.

